# אידישע געשיכטע

אין

# ראָמאַנען און ערצעהלונגען

# זכרונות לבית דוד

לויט הערמאַן רעקענדאָרף און א. ש. פרידבערג

פון ש. ערדבערג

דריטער באַנד

ניו יאָרק, תרפ״ד
1924

## אינהאלט:

# בר כוכבא

אכט יאָהר נאָכ'ן חורבן האָט וועספּאסיאנוס געהערשט אין רוים. זיין זוהן טיטוס האָט א סך בלוט פערגאָסען און די וועלט האָט געציטערט פאר איהם. ער האָט אויך אוועקגעשיקט בעראניקא'ן פון זיך.

— פאָהר איצט אוועק — האָט טיטוס איהר געזאָגט — דער טאטע איז בייז וואָס דו ביזט מיט מיר. די רוימער ווילען דאָס אויך נישט. אז איך וועל ווערען קייסער, וועל איך דיך רופען...

וועספּאסיאָנוס איז פּלוצלינג געשטאָרבען. א סך האָבען חושד געווען טיטוס'ען, אז ער האָט פער'סמ'ט זיין פאָטער. די וועלט האָט געציטערט פאר טיטוס'ען און זיין הערשאַפט. איז אָבער געשעהן א וואונדער. באלד ווי ער איז געוואָרען קייסער האָט ער זיך געענדערט און געטאָן א סך גוטס צו זיינע אונטערטאנען.

ער האָט דאָס נישט געטאָן ווייל ער האָט געקראָגען א גוט הארץ, נאָר ווייל ער האָט געליטען פון א שווערע קרענק, פון שרעקליכען געוויסענסביסען. אָפט איז ער געוואָרען זעהר טרויעריג. אינמיטען דער גרעסטער פרייד האָט ער זיך פּלוצלונג שטארק צואווייגט.

דעמאָלט איז בעראניקא געקומען נאָך רוים. זי האָט גערעכענט, אז איצט וועט זי ווערען קעניגין. טיטוס האָט זי אָבער פערטריבען. ער האָט אויך ארויסגעשיקט פון רוים אגריפּאס'ן און בעראניקא און אגריפּאס זענען אין גאנצען פערגעסען געוואָרען און געגאנגען פערלוירען.

גאָט האָט דעמאָלט געשיקט זיין שטראָף אויף רוים און זיך נוקם געווען פאר'ן פערוויסטען ירושלים. א פייער האָט

זיך אַרויסגעריסען פון וואולקאַן וועזוף און צוויי וואונדער־שעהנע רוימישע שטעדט — הערקולאַנום און פּאָמפּעי זענען חרוב געוואָרען און פון די איינוואוינער איז קיינער נישט געבליבען לעבען.

טיטוס איז ארומגעגאנגען ווי א שאָטען. דער מוח איז איהם פערדרעהט געוואָרען און ער האָט קיינמאָל נישט גע־האַט קיין רוה. די דאָקטוירים האָבען איהם געראַטען אריינ־זעצען זיך אין שניי. און דאָ איז געקומען זיין סוף. זיצענדיג אין שניי האָט ער געקראָגען אַפּאָפּלעקציע און געשטאָרבען.

די חכמים זאָגען, אז באַלד נאָכ'ן חורבן איז א מוק אריין אין זיין נאָז און זיך בעזעצט אין מוח און אזוי לאַנג איהם געגראבעלט ביז ער איז פון וועהטאָג געשטאָרבען.

נאָך איהם איז זיין ברודער דאמיציאן געוואָרען קייסער. ער איז געווען אַ שרעקליכער מענש און איבערגעשטיגען אין גרויזאַמקייט זיין פאָטער און טיטוס'ען. ער האָט אַלעמען פּיינט געהאַט און די אידען געהאַסט מעהר פון אַלעמען און אַלע מאָל אַרויסגעגעבען אויף זיי ביטערע גזרות.

איינמאָל האָט ער אַרויסגעגעבען א גזרה אויסצוהרג'ענען אַלע אידען וואָס געפינען זיך אין זיין אימפּעריע. זענען די תנאים רבן גמליאל הנשיא, רבי אלעזר בן עזריה, רבי יהושע און רבי עקיבא געפאָהרען נאָך רוים בעטען ביים קייסער רחמנות, ער זאָל מבטל זיין די גזרה.

אז די תנאים האָבען זיך דערנעהנטערט צו רוים האָבען זיי דערהערט דעם טומעל און רעש פון שטורמישען רוים און זיי האָבען זיך דערמאָנט, אז ירושלים איז איצט וויסט.

די דריי תנאים האָבען זיך שטאַרק צואוויינט, נאָר רבי עקיבא האָט געלאַכט. האָבען זיינע וויינענדיגע חברים זיך געוואונדערט און איהם געפרעגט:

— וואָס לאכסטו?

— און פארוואָס וויינט איהר? — האָט רבי עקיבא צוריק געפרעגט.

— מיר וויינען וואָס די געצענדינער לעבען רוהיג און האָבען פערגעניגען און אונזער לאַנד איז וויסט, דאָס בית המקדש הרוב — זאָלען מיר נישט וויינען?

— און איך פרעה זיך דערפאַר — האָט רבי עקיבא גע־

זאָגט — אויב גאָט טוט אזא גוטס מיט געצענדינער וואָס ווידערשפעניגען קעגען איהם, וויפיעל גוטס וועט ער טאָן מיט אונז, זיינע קינדער !

א סך פון די אידישע געפאנגענע זענען געוואָרען שקלאַפען ביי די רוימער. האָבען די רוימישע הערען געזעהן דאָס ארנטליכקייט און עהרליכקייט פון די אידישע שקלאַפען, און די אידישע רעליגיע איז זיי געפעלען, האָבען זיי געלערנט תורה ביי זייערע שקלאַפען און זיך מגייר געווען. אפילו פון דער קייסערליכער פאַמיליע האָבען א סך זיך מגייר געווען. דאָמיציאַן האָט זיך גרויזאַם אָבגערעכענט מיט די גרים און זיי פערטיליגט. ער האָט אויך דערמאָרדעט יוסיפוס'ען.

פופצעהן יאָהר האָט דאָמיציאַן געהערשט ביז זיינע געגנער האָבען איהם דער'הרג'עט און דער סענאַט האָט אויסגעקליבען דעם סענאַטאָר נארבאָ פאר קייסער.

ער איז געווען א גוטער מענש און ער האָט גוט זיך בעצויגען צו די אידען. ער האָט אָבער געקעניגט נישט מעהר ווי איין יאָהר מיט פיער חדשים און נאָך זיין טויט איז דער שפאַניער טראיאַנוס געוואָרען קייסער. ער האָט שטאַרק געפייניגט די אידען.

זעכציג יאָהר איז ער אַלט געווען ווען ער איז ארויף אויפ'ן טראָהן. ער האָט געפיהרט א לאַנגען קריעג מיט די פאַרטיער און ער איז געגאַנגען אויף די שטעדט פון בבל.

די אידען האָבען דאָרט געלעבט רוהיג און צופרידען און זיי האָבען זיך דערשראָקען אז טראיאַנוס וועט מיט זיי טאָן דאָס זעלבע וואָס טיטוס האָט געטאָן מיט די אידען פון ארץ ישראל. זיי האָבען אויך שרעקליך געהאַסט די רוימער וואָס זיי האָבען חרוב געמאַכט דאָס אידישע לאַנד, האָבען זיי זיך בעוואפענט און ארויסגעטרעטען געגען טראיאַנוס'ען.

נאָך א שווערע מלחמה האָט טראָיאַנוס זיי בעזיעגט און זיך שרעקליך נוקם געווען אָן זיי. די אידישע שטאָדט נציבין האָט ער אינגאַנצען פערוויסט.

פון דאָרט איז ער אַוועק נאָך סיריען און אויסגע'הרג'עט פיעל אידען. דעמאָלט איז געווען א שרעקליכע ערד־ציטערניש אין סיריען און א סך רוימער זענען אומגעקומען. א האָר

האָט געפּעהלט און טראיאנוס וואָלט אויך גע'הרג'עט גע־יואָרען.

דאָס איז געוועזן אַ צייכען פאר די אידען, אַז גאָט איז זיך נוקם אָן זייערע פיינד און זיי האָבען זיך געגרייט צו אַן אויפשטאַנד. זיי האָבען שוין מעהר נישט געקענט ליידען, דער רוימישער יאָך האָט זיי געדריקט צו שווער.

דעמאָלט האָט די קייסערין, טראיאנוס'עס ווייב שרעק־ליך געהאַסט די אידען. נאָך ערגער פון אַלע שונאים. און זי האָט איהם אָנגערערט צו פערפּייניגען אַלע אידען ביז טויט.

זי האָט געהאַט אַ קינד אויף תשעה באב און עס איז געשטאָרבען אום חנוכה. זענען מוסרים צו איהר געקומען און דערציילט, אַז די אידען האָבען געקלאָגט ווען איהר קינד איז געבוירען געוואָרען און אַז עס איז געשטאָרבען האָבען זיי זיך געפרעהט און אָנגעצונדען ליכט אין אַלע הייזער.

דאָס האָט זי שטאַרק פערדראָסען און זי האָט געשריבען דעם קייסער, ער זאָל אויפהערען פיהרען מלחמות מיט פעל־קער פון ווייטע לענדער און בעסער פיהרען מלחמה מיט זיינע פיינד, די אידען, וואָס וואוינען אין זיין אימפּעריע.

דעמאָלט האָבען די אידען אין אפריקא געמאַכט אַן אויפ־שטאַנד. אויך די אידען פון עגיפּטען וואָס האָבען ביים חורבן ירושלים געלעבט אין פרידען מיט די רוימער, האָבען יעצט מורד געווען.

די אידען האָבען געזיעגט און זיך אבגערעכענט מיט'ן פיינד. זיי האָבען פּונקט ווי די רוימער האָבען געטאָן מיט די אידען איצט געטאָן מיט די רוימער. זייערע געפאַנגענע האָבען זיי געוואָרפען פאר די חיות און געצוואונגען זיי איינער דעם אַנדערן צו דער'הרג'ענען. איבער צוויי הונדערט טויזענט פיינד האָבען די אידען דעמאָלט אויסגע'הרג'עט.

פון דעם אידישען זיעג האָבען געוואָהר געוואָרען די איבערגעבליבענע אידען אין ארץ ישראל און זיי האָבען זיך געגרייט צו אַ גרויסע מרידה. אַ סך פון די אידישע געפאַנגענע זענען אויסגעלייזט געוואָרען פאר אַ סך געלד און זיך אומ־געקערט נאָך ארץ־ישראל. די תנאים פון יבנה האָבען גע־לערנט דעם נייען דור ליעב צו האָבען זייער פאָלק און זיך

מוסר־נפש זיין פאר זיין גליק. און דאָס גלויבען האָט זיך געשטאַרקט, אַז די גאולה וועט קומען, משיח וועט קומען און זיי אויסלייזען פון פיינד'ס יאָך, האָבען זיי זיך געגרייט צום גרויסען טאָג.

---

אין אָנפאנג האָבען די אידען געזיעגט. די מלחמה האָט אָבער געדויערט צו לאַנג און די אידען האָבען צום סוף נישט געקענט ביישטעהן אנטקעגען די געלערענטע רוימישע קריגער און פערלוירען. טראיאנוס האָט שרעקליך בעשטראפט די אידען און ווער עס איז איהם געקומען אין די הענד אריין איז שוין נישט ארויס לעבעדיג.

טראיאָנוס איז געשטאָרבען און זיין קרוב האדריאן איז געוואָרען קייסער. ער האָט זיך אין די ערשטע צייט גוט בעצויגען צו די אידען. ער האָט זיי אפילו דערלויבט אויפ־צובויען ירושלים און אויפבויען דאָס בית המקדש.

אַז די בשורה איז אָנגעקומען צו די אידען, האָבען זיך אַלע שטאַרק געפרעהט. אַלע האָבען געגלויבט, אַז גאָט האָט זיך מרחם געוועזן אויף זיין פאָלק, איצט פונקט ווי נאָך גלות בבל וועלען זיי צוריק קריגען דאָס לאַנד און פרייהייט. זיי האָבען אָבגערייניגט די וועגען און פון אַלע לענדער האָבען אידען זיך אומגעקערט נאָך ארץ־ישראל. אויפ'ן וועג האָבען די אידישע איינוואוינער געגעבען עסען און טרינקען צו די עולי־גולה און זיי געהאָלפען מיט אַלדאָס נויטיגע, די אידען פון נאָהנט און ווייט האָבען געהאָלפען די גרויסע טאט אויפ־צובויען דאָס חרוב'ע אידישע לאַנד.

די אידען האָבען דערפאַר זעהר גוט געדינט דעם קייסער. אומעטום האָבען זיי אויסגעווירקט ביי די פעלקער צו מאַכען שלום מיט רוים און נישט מעהר ווידערשפעניגען קעגען איהר. און עס איז געווען שלום און פרידען איז אַלע לענדער.

אַז די אידען האָבען גענומען זיך גרייטען בויען דאָס בית המקדש, זענען די שומרונים, די אַלטע שונאי־ישראל, אַוועק צו האדריאנ'ען און איהם געוואָרנט נישט צו לאָזען די אידען בויען דאָס בית המקדש. ירושלים וועט ווידער ווע־רען א פעסטע שטאָדט, האָבען זיי איהם געזאָגט, די אידען

יועלען מורד זיין אין רוים און זי פערטרייבען פון די מזרח־לענדער.

האדריאן האָט זיך געלאָזט אָנרעדען און ער האָט חרטה געקוראָגען. ער האָט דאָך אָבער נישט געקענט שטערען איג־גאנצען, האָט ער בעפוילען די אידען זאָלען בויען דאָס בית־המקדש ערגעץ אַנדערש. די אידען האָבען דאָס דערהערט און פערשטאַנען דאָס אומגליק, האָבען זיי זיך שטאַרק צואווינט און געוועזען גרייט מורד צו זיין, זאָל ער זעהן, אַז פון אידען טאָר מען נישט מאַכען חוזק.

דעמאָלט איז געשטאָרבען רבן גמליאל הנשיא. רבי יהושע בן חנניה איז געוואָרען נשיא אויף זיין אָרט ביז רבן שמעון בן גמליאל וועט ווערען פוליעהריג. די אויפגע־רעגטע אידען האָבען זיך פערזאַמעלט אין עמק יזרעאל און געהאַלטען אַ בעראַטונג וועגען אויפשטאַנד. איז רבי יהושע אוועק צו זיי און געזאָגט אַזוי:

— דער לייב האָט פערצוקט און זיך אָנגעגעסען צו־זאַט. איז איהם געבליבען אַ ביין אין האַלז און ער איז שיער דער־שטיקט געוואָרען. האָט דער לייב געזאָגט מיט גרוים וועה־טאָג:

— דער וואָס וועט ארויסציהען דעם ביין פון מיין האַלז וועט פון מיר ווערען קעניגליך בעלוינט.

איז געקומען דער שטאָרך און אריינגעשטעקט זיין לאַנגען שנאָבעל אין לייב'ס האַלז אריין און ארויסגעצויגען דעם ביין און דער לייב איז געראַטעוועט געוואָרען פון טויט.

דער לייב האָט דעם שטאָרך גאָרנישט בעלוינט. רופט זיך אָן דער שטאָרך און זאָגט:

— וואו איז מיין לוין וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט?

האָט דער לייב געלאַכט און געזאָגט:

— דו ווילסט נאָך לוין? איז דיר ווייניג וואָס דיין קאָפּ איז געווען צווישען מיינע צייהן און דו ביזט ארוים לעבע־דיג?...

— אַזוי, זענען מיר, ברידער! — האָט רבי יהושע צו־געגעבען — גענוג אַז מיר לעבען איצט רוהיג נאָך דעם אַלעם וואָס רוים האָט אונז געטאָן. מיר טאָרען נישט ווידער קריי־כען אין פייער...

די קלוגע רייד האָבען געווירקט און דאָס אויפגערעגטע פאָלק איז זיך שטיל פונאנדערגעגאנגען.

---

רבי יהושע איז ארויסגעקומען פון אָרימען שטאנד. ער איז געווען אַ נאָדעל־מאַכער און די ווענט פון זיין הויז זענען געווען שווארץ פון די קויהלען וואָס ער האָט געמאַכט די נאָדלען מיט זיי.

זיין געלערנטקייט און קלוגשאפט האָט איהם אָבער גע־שטעלט אויפ'ן העכסטען שטאפּעל ביים פאָלק. אָפט האָט ער געשטריטען מיט רבן גמליאל הנשיא, ער האָט איהם אָבער נישט אַנטקעגען גערעדט. רבי יהושע איז געווען פון רבן יוחנן בן זכאי'ס בעסטע תלמידים. זיין רבי האָט אויף איהם געזאָגט, אַז "וואויל איז זיין מאַמע וואָס האָט איהם געבוי־רען". און ער איז געווען איינער פון די ארון־טרעגער וואָס האָ־בען רבן יוחנן בן זכאי'ן ארויסגעטראָגען פון ירושלים. פון זיין רבי האָט ער געלערנט צו לעבען מיט רוים אין פרידען.

קייסער האדריאן האָט ליעב געהאט צו שמועסען מיט געלערנטע. אַז ער איז געקומען נאָך ארץ ישראל האָט ער זיך געטראָפען מיט רבי יהושע'ן. ער איז געקומען צו איהם בעטען פאַר די אידען. האדריאן האָט געהערט ווי רבי יהושע רעדט וועגען גאָט פון די אידען, וויל האדריאן, ער זאָל איהם ווייזען דעם אידישען גאָט.

— גאָט קען מען נישט זעהן — האָט איהם רבי יהושע דערקלערט.

האדריאן איז אָבער געווען איינגעשפּאַרט. ער מוז זעהן דעם אידישען גאָט. ער איז דער קייסער און אַזוי בעפעהלט ער. אַלע טענות רבי יהושע'ס האָבען נישט געהאָלפען.

— קוק אריין אין דער זון — האָט איהם רבי יהושע גע־הייסען.

האדריאן קוקט אין דער זון און עס איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

— איך קען נישט קוקען אין דער זון — האָט האדריאן געזאָגט.

— אויב דו קענסט נישט קוקען אין דער זון, איינער פון גאָט'ס דינער, ווי קענסטו זעהן גאָט דעם הארר פון אלע

וועלטען ? — האָט רבי יהושע איהם דערקלערט.

איין טאָג זאָגט האדריאן, אז ער וויל מאכען א סעודה פאר'ן גאָט פון די אידען.

— הערר קעניג, דו קענסט דאָס נישט טאָן — האָט רבי יהושע איהם געוואָרנט — גאָט'ס חיל איז אָהן א שעור, ווי ווען סטו קענען מאכען אזא מאָלצייט ?

דער קייסער איז אָבער געווען פער'עקשן'ט. רבי יהושע האָט איהם געהייסען מאכען די סעודה לעבען ים. האדריאן האָט געמאַכט גרויסע פאָרבריייטונגען. אָבער אום זומער האָט דער ווינד אַלץ פערטראָגעז אינ'ם ים אריין און ווינטער האָט דער רעגען אַלץ פערפלייצט.

— וואָס מיינט דאָס ? — האָט דער קייסער געפרעגט.

— זאָס זענען גאָט'ס משרתים זיי מאכען ריין דאָס אָרט פאר זייער גרויסען פורכטבארען הארר.

דעמאָלט האָט האדריאן מעהר נישט געפאָדערט צו זעהן גאָט. נאָר ער האָט געזאָגט, אז ער איז גרעסער פאר משה רבנו. ער איז א וועלט-הערשער און אלע ציטערן פאר איהם.

— אויב אזוי, זאָל דער קייסער בעפעהלען אז דריי טעג זאָל מען אין שטאָדט נישט טאָרען אָנצינדען קיין פייער — האָט רבי יהושע איהם פאָרגעלייגט.

האדריאן האָט אזוי געטאָן. אויפדערנאכט איז ער און רבי יהושע ארויף אויפ'ן דאך און האָבען געזעהן א רויך געהט פון א קוימען. האדריאן איז געוואָרען בייז און געהייסען זיינע קנעכט געהן זעהן ווער עס ווידערשפעניגט זיין בעפעהל. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז איינער פון זיינע מיניסטאָרען איז געוואָרען קראנק און די דאָקטוירים האָבען געהייסען וואַרימען וואסער פאר'ן קראנקען.

— דריי טעג האַלט מען נישט דיין בעפעהל — האָט רבי יהושע געזאָגט — און משה רבנו האָט אמאָל געזאָגט מיר זאָלען נישט אָנצינדען פייער אום שבת, פאָלגען מיר איהם ביז היינטיגען טאָג...

רבי יהושע און האדריאן זענען שבת געגאנגען איבער דער גאַס. האָט האדריאן דערשמעקט א טייערן ריח פון עסען און געפרעגט:

— וואָס שמעקט היינט אזוי טייער דאָס עסען ?

— מיר האָבען א געווירץ, שבת, דאָס עסען שמעקט מיט שבת — האָט רבי יהושע איהם געענטפערט.

— גיב מיר דאָס געווירץ.

— פאַר דיר וועט עס נישט טויגען, עס איז נאָר גוט פאַר אידען וואָס היטען שבת...

איינמאָל האָט האדריאן געזאָגט פערוואונדערט אויף דעם אידישען פאָלק צווישען די פעלקער :

— גרויס איז דאָס שעפעלע וואָס לעבט צווישען זיבעציג וועלף.

— גרויס איז דער פאסטוך וואָס איז מציל דאָס שעפעלע — האָט רבי יהושע איהם געוויזען אויפ'ן הימעל.

---

א לאַנגע צייט איז רבי יהושע געווען בעליעבט ביי האדריאנען און ער האָט אויסגעווירקט ביי איהם פיעל גוטס פאַר אידען. די שונאי־ישראל האָבען אָבער אזוי לאַנג אָנגערעדט האדריאנ'ען קעגען די אידען ביז ער האָט זיי אָנגעהויבען פיינט האָבען. און ער האָט בעשלאָסען צו בעווייזען, אז ער האָט די מאכט אונטערטעניג צו מאכען דאָס קליינע אָרימע פאָלק און איהם צווינגען צו פערלאָזען גאָט און זיין תורה.

ער האָט בעפוילען צו ענדערן די גרעניצען פון ירושלים און אָנגעשטעלט פיעל געצען אין די הייזער. ער האָט בעזעצט א סך געצענדינער אין דער הייליגער שטאָדט און ער האָט געהייסען בויען אויפ'ן בארג מוריה א טעמפעל פאר'ן גאָט יופיטער. ער האָט אויך געענדערט דעם נאָמען פון ירושלים אויף "איילִיא קאפיטאָלינא".

רבי יהושע איז דעמאָלט געווען א זקן פון אכציג יאָהר און ער איז געפאָהרען נאָך עגיפּטען, וואו האדריאן איז דעמאָלט געווען. דער אלטער תנא האָט געבעטען דעם קייסער, ער זאָל מבטל זיין די גזרות און נישט וועה טאָן זיין פאָלק.

האדריאן האָט איהם נישט געוואָלט אויסהערען. און אזוי ווי ער האָט אמאָל איהם ליעב געהאט און רעספּעקטירט, האָט ער איצט :עלאָכט פון איהם און געשפּעט.

ער האָט אויך געשיקט אלס גובערנאטאָר נאָך ירושלים טורנוס רופוס'ען, וואָס האָט צואַקערט דאָס אָרט פון בית המקדש. יעדען טאָג זענען געקומען שרעקליכע ידיעות, אז

האדריאן וויל שטערען די אידען דאס לערנען און היטען די מצוות. דעמאלט איז רבי יהושע אויך קאלט געוואָרען צו זיין פרידענס־פּלאן מיט רוים. ער האָט אויך אָנגעהויבען גלויבען, אז די גרויסע צרות זענען צייכענס פון דער נאָהענ־טער גאולה.

רבי יהושע האָט נאכדעם לאנג נישט געלעבט. טרויריג און פערביטערט איז ער געשטאָרבען און רבי עקיבא בן יוסף איז געוואָרען דער הויפּט פון די תנאים. רבי עקיבא איז גע־ווען גרויס און בעריהמט, א שטארקער העלד מיט אומגע־וועהנליכען מוטה און אין זיין גרויסער ליעבע צו זיין פאָלק און לאנד און זיין גרויסען אייפער פאר גאָט און די תורה האָט ער צוגעגעבען מוטה די אלע וואָס האָבען זיך געגרייט מורד צו זיין אין רוים.

רבי עקיבא איז אויך ארויסגעקומען פון פּראָסטען שטאנד. אלס יונגערמאן איז ער געווען א פּראָסטער אומ־געלערנטער פּאסטוך ביי דעם עושר בן כלבא שבוע.

זיין בעל־הבית׳ס טאָכטער, רחל, האָט זיך פערליעבט אין איהם און מיט איהם חתונה געהאט. איהר פאָטער איז גע־וואָרען אין כעס און בּיידע פערטריבען פון הויז.

האָבען זיי געלעבט אין גרויס אָרימקייט און געשלאָפען אויף א בינטעל שטרוי נישט האבענדיג קיין קישען צוקאָ־פּענס. שטרויען האָבען זיך פערוויקעלט אין איהרע שעהנע לאקען. און רבי עקיבא האָט זי געטרייסט און צוגעזאָגט, אז גאָט וועט איהם העלפען ער וועט זיין רייך, וועט ער איהר קויפען א גאָלד־שטאָדט.

אמאָל איז געקומען צו זיי אן אָרימאן וואָס זיין ווייב איז געלעגען אין קימפּעט און האָט אפילו נישט געהאט א ביסעל שטרוי איהר אונטערצולייגען.

רבי עקיבא און רחל האָבען איהם אוועקגעגעבען דאָס שטרוי פון זייער געלעגער.

איינמאָל זענען ביידע געשטאנען לעבען א פעלזען וואָס האָט ארויסגעקוועלט וואסער. אונטער׳ן וואסער איז געלעגען אן אויסגעריבענער שטיין. דאָס לויפענדע וואסער האָט דעם שטיין צוריבען.

— אויב וואסער קען קריצען אין שטיין, פארוואָס זאָל

די תורה זיך נישט איינקריצען אין מיין הארץ ? — האָט רבי עקיבא געזאָגט רחל'ען — איך וויל געהן לערנען תורה.

זי האָט זיך שטארק דערפרעהט, האָט פערקויפט איהרע וואונדערליכע לאָקען און איהם אוועקגעגעבען דאָס געלד און ער איז אוועק אין בית המדרש לערנען.

אין אָנפאנג האָבען זיינע בית המדרש חברים איהם געשלאָגען, ווייל ער האָט נישט פערשטאנען דאָס לערנען. שפּעטער אָבער איז ער געשטיגען העכער און העכער און האָט געלערנט ביי רבי אליעזר'ן און רבי יהושע'ן.

צוועלף יאָהר איז ער געזעסען און געלערנט און נישט געקומען אהיים. אז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אין דרויסען געהערט ווי א שכן קריגט זיך מיט זיין ווייב און זאָגט איהר:

— דיין טאטע איז גערעכט געווען וואָס ער האָט דיך ארויסגעיאָגט מיט דיין מאן. אָט האָט ער דיך איבערגעלאָזט א לעבעדיגע אלמנה שוין צוועלף יאָהר און דו מאטערסט דיך אין אָרימקייט.

רחל האָט זיך נישט געבייזערט און געענטפערט אזוי :

— איך וואָלט געלעבט נאָך צוועלף יאָהר אין אָרימקייט עקיבא זאָל לערנען און ווערען א תנא...

זי האָט נישט געוואוסט, אז רבי עקיבא שטעהט אין דרויסען און הערט דאָס. ער האָט זיך גלייך אומגעקערט אין בית המדרש און געלערנט טאָג און נאכט ביז ער האָט איבערגעשטיגען זיינע רבי'ס.

ער האָט געקראָגען א גרויסען נאָמען. אלע האָבען איהם געליבט און געריהמט. און פון אַלע זייטען זענען געקומען צו איהם לערנער און געוואָרען זיינע תלמידים.

אז די צווייטע צוועלף יאָהר האָבען זיך געענדיגט האָט ער געהאט פיער און צוואנציג טויזענד תלמידים.

דעמאָלט האָט ער זיך אומגעקערט אהיים. און די תלמידים זענען איהם נאָכגעגאנגען.

אז ער איז צוריקגעקומען אהיים זענען איהם אַלע ארויס אַקעגען. רחל האָט זיך געשטופּט אין גרויסען עולם און געוואָלט צוגעהן צו איהם.

די תלמידים האָבען געזעהן אן ארימע פרוי שטופּט זיך צו זייער רבי, האָבען זיי זי געוואָלט אוועקטרייבען.

— לאָזט זי! — האָט רבי עקיבא זיי געזאָגט — מיין תורה און אייער תורה איז איהרע. איבער איהר האָב איך געלערנט.

בן כלבא שבוע, איהר פאָטער, האָט געזעהן ווי בעריהמט זיין איידים איז, האָט ער זיי איבערגעבעטען און זיי געגעבען א גרויס פערמעגען.

באַלד האָט רבי עקיבא געהאַלטען זיין צוזאָג. ער האָט איהר געקויפט א גאָלד־שטאָדט. דאָס איז געווען א טייערע גאָלדענע קרוין, וואָס ירושלים איז אויסגעקריצט אויף איהר.

רבי עקיבא איז פערערעכענט געוואָרען צווישען די גרעסטע עשירים. ער איז געווען א גבאי פון צדקה. ער האָט געטאָן א סך גוטס מיט אַלע אָרימע לייט. בעזונדער גוט איז ער געווען צו די אָרימע תלמידי חכמים. ווי א גוטער פאָטער איז ער געווען צו זיי. ער איז געווען א גרויסער עניו און זיך געהאַלטען אַזוי איינפאַך ווי פריהער אַלס פאַסטוך.

ער האָט געהאַט גרויס בטחון אין גאָט אז די גאולה וועט קומען. און אז די ערד־ציטערניש האָט חרוב געמאַכט רוימישע שטעדט, האָט ער געגלויבט אז באַלד קומט די הילף.

אז האדריאן האָט אָבער צוריקגעצויגען די ערלויבניש צו בויען דאָס בית המקדש און האָט נאָך געהייסען דעם גובערנאַטאָר טורנוס רופוס ער זאָל צואַקערען דאָס אָרט פון היכל, און ער וויל צווינגען די אידען צו שמד, האָט ער געזעהן אין דעם די "וועהטאָגען פון משיח'ס צייטען" און דער אַלטער זקן רבי עקיבא האָט זיך אויפגעהויבען ווי א יונגער לייב געגען רוים.

פון שטאָדט צו שטאָדט, פון לאַנד צו לאַנד, וואו אידען זענען געווען, איז ער געגאַנגען און גערופען דאָס פאָלק מורד צו זיין אין רוים.

זיינע תלמידים האָבען דערווייל צוגעגרייט מיליטער און געוועהר, געגראָבען הייהלען און לאַגערפּלעצער פאַר דער באַלדיגער מלחמה.

---

צווישען רבי עקיבא'ס תלמידים האָבען זיך געפונען א

סך פון מלכות בית דוד. דער בעריהמטסטער פון זיי איז געווען דער יונגער שמעון בן יעקב. ער האָט געהאַט דעם "מגן דוד שטעמפעל", דער הערב פון דוד המלך'ס הויז.

הלל הנשיא און זיינע קינדער האָבען זיך מיט דעם שטעמפעל נישט בענוצט, די רוימער זאָלען זיי נישט חושד זיין, אז זיי ווילען ארויף אויפ'ן אידישען טראָהן.

נאָר רבן גמליאל הזקן'ס ברודער, יהודה, האָט נישט געוואוינט אין ארץ ישראל, האָט ער געהאַט דעם שטעמפעל. שמעון בן יעקב איז געווען זיין אוראייניקעל, דער זעקסטער דור פון הלל הנשיא, האָט שמעון גע'ירשן'ט דעם שטעמפעל.

שמעון האָט זיך גערעכענט אלס קינד פון דער משפחה וואָס שטעהט נאָהנט צו דער רעגירונג, האָט ער געמעגט לערנען גריכיש. ער איז עטליכע יאָהר געווען אין רוים און געלערענט איהרע געזעצען און קריעגס טאַקטיק.

ער האָט איינגעזעהן אז דאָס ווילדע רוימישע פאָלק וואָס האָט פערטיליגט די אידען איז שטאַרק דורכגעפוילט און א גרויסער אויפשטאַנד קען צוקלאַפּען רוים'ס גרויסקייט. ער האָט רוים שרעקליך געהאַסט און נאָך שטאַרקער האָט ער גע־ליעבט זיין פאָלק און זיין לאַנד. ער האָט פערלאָזט רוים און איז אוועק נאָך בני ברק אין רבי עקיבא'ס ישיבה.

רבי עקיבא איז אוועק איבער דער וועלט זאַמלען געלד און קעמפער פאַר דער אידישער ארמעע. ער איז געווען אין בבל, אין די לענדער פון קאַספּישען ים, אין גאַליען (פראַנקרייך), אראַביען, אפריקא און אביסיניען. וואו נור אידען האָבען זיך געפונען איז רבי עקיבא געווען.

✱ סך פרייוויליגע פון אלע לענדער האָבען זיך אוועקגע־לאָזט נאָך ארץ ישראל קעמפען פאַר דער בעפרייאונג פון אידישען לאַנד.

אז רבי עקיבא האָט זיך צוריקגעקערט האָט ער גע־טראָפען זיינע תלמידים גוט אָרגאַניזירט פאַר אַן אָפענע מלחמה און שמעון בן יעקב איז זייער אַנפיהרער. רבי עקיבא האָט זיך שטאַרק געפרעהט דערמיט.

לאַנג האָט נישט געדויערט און שמעון האָט געוויזען זיין קראַפט. אין ביתר איז געווען א מנהג אז א קינד איז ביי איינעם געבוירען געוואָרען האָט ער איינגעפלאַנצט א בוים

פאר'ן הויז. אז דאָס קינד איז אויפגעוואַקסען און חתונה געהאַט, האָט מען דעם בוים אויסגעהאַקט און געמאַכט דער־פון די חופה־שטאַנגען.

איינמאָל איז דעם רוימישען גיבערנאַטאָר'ס טאָכטער דורכגעפאָהרען ביתר און אַן אַקס פון איהר וואָגען האָט גע־פּלאַצט. האָבען איהרע דיענער אויסגעהאַקט אַ בוים און געוואָלט מאַכען אַ נייעם אַקס. דאָס האָט פערדראָסן דעם פאָטער פון דעם קינד, וואָס דער בוים איז צו זיין געבורט געוואָרען געפלאַנצט, איז ער מיט זיין פאַמיליע בעפאַלען די דינער און זיי גוט געשלאָגען.

אין "טור שמעון" האָט פאַסירט אַן עהנליכער פאַל. ביי די אידען איז געווען אַ מנהג אַקעגען צו טראָגען אַ האָהן און אַ הוהן פאַר חתן־כלה. איז געווען אַ חתונה. די שטאָדט האָט זיך משמח געווען. זענען רוימישע סאָלדאַטען בעפאַ־לען די חתונה געסט און צוגעכאַפּט די עופות. די געסט האָ־בען נישט געשוויגען, צוקלאַפּט די סאָלדאַטען און זיי ארויסגעיאָגט פון שטאָדט.

די צוויי פאַלען זענען געווען אַ צייכען פאַר טורנוס רופוס אַז די אידען גרייטען זיך צו אַ מרידה. האָט ער גענומען מי־ליטער און געגאַנגען אויף ביתר אונטערדריקען דעם אויפ־שטאַנד.

שמעון בן יעקב מיט זיין ארמעע איז אַרויס קעגען איהם און דערלאַנגט איהם אַזעלכע קלעפּ, אַז טורנוס רופוס איז מיט גרויס בושה אַנטלאָפען.

שמעון'ס נאָמען איז בעריהמט געוואָרען איבער'ן לאַנד. מען האָט דערצעהלט וואונדער פון איהם. מיט די פיס שיסט ער די שליידער שטיינער פונקט ווי מיט שליידער מאַשינען.

רבי עקיבא האָט איהם שטאַרק ליעב געהאַט און אַז ער האָט דערזעהן זיין מגן דוד שטעמפּעל, וואָס האָט אויסגע־זעהן ווי אַ שיינענדער שטערן האָט רבי עקיבא געגלויבט אַז ער איז משיח. ער וועט ברייגנען די גאולה און ער האָט איהם אַ נאָמען געגעבען בן כוכב (בר כוכבא).

אַ סך תנאים האָבען נישט געגלויבט אַז בר כוכבא איז משיח און איינער האָט געזאָגט צו רבי עקיבא'ן:

— גראָז וועט פריהער וואקסען אויף דיינע באקען איי־דער משיח בן דוד וועט קומען.

רבי עקיבא האָט אָבער אמת געגלויבט אז שמעון בר כוכבא איז משיח, און גרוים צו מאַכען איהם אין אַלעמענס אויגען, איז דער אַלטער תנא געוואָרען זיין געוועהר טרעגער.

---

שמעון בן עזאי, איינער פון רבי עקיבא׳ס תלמידים, איז געווען געגען אויפשטאַנד. ער האָט געגלויבט אז די גאולה וועט קומען אָהן מלחמה שטיל און פריעדליך, ווען אַלע פעלקער וועלען דערקענען דעם איינציגען גאָט און אויפהערען פיינט האָבען אידען.

רבי עקיבה האָט געהאַט א וואונדערשעהנע טאָכטער, דינה. זי האָט ליעב געהאַט בן עזאי׳ן מעהר פון איהר לעבען. די חכמים האָבען זי געלויבט דערפאַר און צוגעגליכען צו איהר מוטער רחל, וואָס איז געווען אַזוי געטריי רבי עקיבא׳ן. בן עזאי האָט דינה׳ן אויך ליעב געהאַט און זיי זענען געוואָרען חתן כלה.

זיי וואָלטען געווען זעהר גליקליך, נאָר בן עזאי האָט פלוצלונג זיך אָפּגעשיידט פון דער וועלט און זיך אָבגעגעבען בלויז צו לערנען און געפינען די געטליכע סודות. אין גיכען איז ער געשטאָרבען און אָבגעריסען יונגערהייט פון דער וועלט.

די אידען האָבען געהערט אז רבי עקיבא האַלט בר־כוכבא׳ן פאַר משיח און אז ער איז געוואָרען זיין געוועהר־טרעגער, האָבען אַלע געגלויבט און פון אַלע זייטען זענען נייע פרייוויליגע צוגעשטאַנען צו דער אידישער אַרמעע.

יהושע בן יהודה, אן אייניקעל פון שמעון בן יאיר, וואָס האָט געקעמפּפט מיט דעם סירישען לייב אין דער רוימישער אַרענא איז אַמאָל געווען רבי עקיבא׳ס א תלמיד. ער האָט חתונה געהאַט און געוואוינט אין גרסה, אין עבר הירדן. ער האָט דאָרט געהאַט א שעהן הויז און א גרויס פעלד.

אז יהושע פון גרסה האָט דערהערט פון דעם אויפשטאַנד האָט ער איבערגעלאָזט זיין ווייב מיט די צוויי קינדער, אביגיל, עלף יאָהר אלט, און הלל, אכט יאָהר אלט און איז אוועק צו דער אידישער אַרמעע.

ער איז אריין צו בר כוכבא'ן און איהם דערצעהלט וואר ער איז, זענען זיי קרובים, פון דוד המלך'ס הויז־געזינד, האט בר־כוכבא איהם געמאכט פאר אן עלטסטען איבער אן אבטיילונג.

אז טורנוס רופוס איז אנטלאפען מיט חרפה, האט ער געלאזט וויסען קייסער האדריאן'ען, אז די אידען האבען מורד געווען. האדריאן האט איהם צוגעשיקט פריש מיליטער, זיי האבען אבער ווידער געהאט א מפלה. די רוימער האבען א דריטען מאל אנגעהויבען א שלאכט און ווידער פערלוירען.

דעמאלט זענען די שטענדיגע שונאי־ישראל, די שומרונים, צוגעשטאנען צו דער אידישער ארמעע, א סך געצענדינער זענען אויך צוגעשטאנען און בעשלאסען פער־איינינגטערהייט צו פערטרייבען די רוימער, וואס האבען אלעמען אונטערדריקט.

די אידישע קאמפס־ארמעע איז בעשטאנען פון פינף הונדערט אכציג טויזענד מאן. צוועלף הונדערט העלדען זענען געווען וואס האבען זיך אלם העלדישקייט אבגעהאקט די דוימענפינגער און צוועלף הונדערט וואס האבען אויסגע־ריסען צעדערבוימער מיט'ן ווארצעל.

די העלדישע ארמעע האט געוויזען וואונדער. אין זעין יאהר צייט האט זי איינגענומען פופציג פעסטונגען און ניין הונדערט פינף און אכציג שטעדט און דערפער. גאנץ יהודה, שומרון און גליל איז צוריק געווען אין אידישע הענד. קיין איינציגער רוימער איז נישט געבליבען אין הייליגען לאנד.

אבער גאוה דערנידעריגט א מענשען און צופיעל שטאלץ ברענגט געפאלענקייט. אז בר־כוכבא האט געזעהן ווי מעכ־טיג ער איז, האט ער זיך פערלאזט אויף זיך און מעהר נישט צוגעהערט זיך צו זיין רבי רבי עקיבא. עס האט שטארק פערדראסען רבי עקיבא'ן, וואס בר כוכבא האט אריינגענו־מען אין זיין ארמעע די שומרונים און געצענדינער.

—דאס איז אן ערב רב. אידען האבען אין דער מדבר געליטען א סך פון ערב רב און איצט וועלען מיר ווידער פון דעם ערב רב ליידען — האט רבי עקיבא גע'טענה'ט — מיט די געצענדינער אין קאמף הערט דאס אויף צו זיין א היי־

לינע קריעג פאר גאָט און עס ווערט א פּראָסטע מלחמה ווי ביי אלע פעלקער. אין א געוועהנליכע מלחמה קען דאָס קליי־נע אידישע פאָלק נישט זיעגען. גאָט וועט נישט קומען אונז צו הילף.

— זאָל גאָט נישט קומען אונז צו הילף און זאָל נישט העלפען אונזערע פיינד, וועלען מיר זיעגען — האָט בר־כוכבא שפּאָטיש געענטפערט.

דאָס האָט רבי עקיבא'ן שטארק וועה געטאָן. רבי עקיבא האָט איהם אויך געבעטען ער זאָל געהן נאָך ירושלים און די היילינע שטאָדט אומקערען איהר אמאָליג גרויסקייט. האָט ער נישט געוואָלט און געמאכט ביתר זיין הויפּט־שטאָדט. ביתר איז געווען פערהאַסט ביי די עהרליכע אידען, ווייל איהרע איינוואוינער האָבען זיך געפרעהט מיט ירושלים'ס אומגליק.

רבי עקיבא האָט פון דעם שטארק געליטען, ער האָט איה אָבער אלץ נישט פערלאָזט, ביז בר כוכבא האָט געטאָן דאָס ערגסטע. ער איז אָפט אריינגעקומען צו רבי עקיבא'ן אין הויז און זיך שטארק פערליעבט אין דינה'ן. זי איז אָבער דעמאָלט געווען א כלה מיט בן עזאי'ן און געוואַרט ער זאָל צוריקקומען פון זיין אבגעזונדערטען אָרט פון לערנען. בר־כוכבא האָט געבעטען רבי עקיבא'ן ער זאָל איהם נעמען פאר אן איידים.

— דאָס קען נישט זיין — האָט רבי עקיבא איהם געזאָגט — זי איז בן עזאי'ס כלה.

בר כוכבא האָט זי געוואָלט נעמען מיט געוואַלט. דאָ האָבען אלע חכמים איינשטימיג דערקלערט, אז ער איז נישט משיח. משיח מוז זיין גאָטספאָרכטיג און ער איז עס נישט. ער איז א פאַלשער משיח. זיין נאָמען איז נישט בר כוכבא, נאָר בר כוזיבא (פאַלשער). זיי האָבען זיך דער־ווייטערט פון איהם און רבי עקיבא האָט מיט א פערביטערט הארץ איהם אויך פערלאָזט. בר־כוכבא האָט געשיקט אָנפרע־גען רבי עקיבא'ן פארוואָס ער האָט איהם פערלאָזט ? האָט איהם רבי עקיבא געהייסען זאָגען אזוי :

— דיינע מעשים דערנעהנטערן דיך, דיינע מעשים דער־ווייטערן דיך...

נאך צוויי יאהר האט בר כוכבא געהערשט. ער האט זיך שטארק בעפעסטיגט אין ביתר, וואס איז נאהנט פון מיטעל־לענדישען ים און פיער מייל ווייט פון קסריה. ער האט אויך בעפעסטיגט די פעסטונגען אויף די אפרים־בערג. די בע־ריהמטסטע פעסטונג איז געווען טור־שמעון. ער האט דארט ארייגגעזעצט אלס קאמאנדיר דעם אומדערשראקענעם העלד "בן דרום". אין גליל האט ער אויסגעבויט דריי ריזיגע פעס־טונגען אויפ'ן וועג וואו די רוימער מוזען קומען פון סיריען נאך יהודה. מיט די פעסטונגען איז ער געווען זיכער וועט קיין פיינט איהם נישט בעזיגען.

האדריאן האט געזעהן, אז זיינע מיליטער־פיהרער האָ־בען מפלות אין די מלחמות מיט די אידען, האט ער מורא געהאט אז אלע מזרח־פעלקער וועלען נאכטאן די אידען און מורד זיין אין רוים, האט ער זיך דערמאנט געווענדעט צו זיין גרעסטען קריעגס־העלד יוליוס סעווערוס, ער זאל דער־שטיקען דעם אידישען אויפשטאנד.

סעווערוס האט ערשט געהאט דערשטיקט דעם אויפ־שטאנד אין בריטאניען. זאט און שטאלץ מיט זיין זיעג אויף די בריטאניער האט ער מיטגענומען א מעכטיגע ארמעע און געגאנגען אויף ארץ ישראל.

סעווערוס האט געזעהן אז אין איין גרויסע שלאכט וועט ער בר כוכבא'ן נישט בעזיגען, האט ער געשיקט קלענערע ארמעען פון פערשיעדענע זייטען אויף בר־כוכבא'ן. די אי־דישע ארמעע האט געהאט מלחמות פון אלע זייטען.

פיער און פופציג שלאכטען האבען די אידען געפיהרט מיט די רוימער. איינציגווייז, איינציגוויים האבען די אידען פערלוירען. די אידישע ארמעע האט זיך בעפעסטיגט אין ביתר פונקט ווי די קנאים אמאל אין ירושלים.

א גאנץ יאהר האבען די רוימער בעלאגערט ביתר און זיי וואלטען זי נישט געקענט איינגעמען, ווען נישט די שומרונים, וואס האבען פערראטען בר־כוכבא'ן און צוגע־שטאנען צו די רוימער.

די רוימער האבען ארומגערינגעלט די שטאדט און נישט צוגעלאזט קיין שפייז. נאר דורך די אונטערערדישע הייהלען

וואָס האָבען זיך געצויגען גאַנץ ווייט האָט מען שטילער־הייט אריינגעפיהרט שפּייז נאָך ביתר.

די שומרונים האָבען דאָס אויסגעזאָגט די רוימער און רוימישע אָבטיילונגען זענען געשטאַנען ביי די הייהלען און מעהר קיינעם נישט געלאָזט אריין און ארויס.

קיין עסענווארג איז מעהר נישט געווען אין ביתר. די רוימער האָבען אויך פערשטאָפּט די קוואַלען וואסער און ביתר האָט געליטען פון הונגער און דורשט.

די אידישע אַרמעע האָט זיך אָבער אַלץ געהאַלטען פעסט ביז בר כוכבא איז בעגאַנגען א שוידערליכען מאָרד.

אין ביתר האָט געוואוינט דער תנא רבי אלעזר המודעי. דער קדוש האָט כסדר געפאַסט און מתפלל געווען צו גאָט, ער זאָל ביתר נישט איבערגעבען אין פיינדס הענד.

דעם אַלטען הייליגען'ס תפלות האָבען צוגעגעבען מוטה די אידישע קעמפּפער צו האַלטען זיך פעסט ביז סעווערוס'ן וועט מיאוס ווערען און ער וועט אוועק פון ביתר.

אין דעמאָלט געקומען א כותי צו רבי אליעזר'ן ווי ער איז געשטאַנען און תפלה געטאָן צו גאָט. דער כותי האָט זיך איינגעבויגען צו רבי אליעזר'ן און געמאַכט זיך ווי ער סוד'עט זיך מיט איהם.

רבי אליעזר האָט דעם כותי אפילו נישט בעמערקט. ער איז געווען פערטיפט אין זיין געבעט. א רכילות'ניק איז אוועק צו בר כוכבא'ן און איהם געזאָגט:

— דיין פריינד רבי אליעזר וויל איבערגעבען די שטאָדט צום פיינט. ער האָט זיך גע'סוד'עט מיט א כותי.

בר כוכבא האָט בעפוילען צו ברענגען דעם כותי און ער האָט איהם געפרעגט:

— וואָס האָסטו גערעדט מיט דעם אַלטען?

דער כותי האָט מיט א כוונה געפלאָנטערט מיט'ן צונג, בר כוכבא זאָל מיינען אז ער האָט סודות מיט רבי אליעזר'ן. האָט בר כוכבא געהייסען ברענגען דעם אלטען תנא.

— וואָס פאר א סודות האָט איהר מיט דעם כותי? — האָט בר כוכבא געפרעגט רבי אליעזר'ן.

— איך קען איהם נישט, האָב גאָרנישט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט —האָט דער עהרליכער זקן געענטפערט.

בר כוכבא איז געוואָרען בייז און איהם גענעבען א שטויס מיט'ן פוס. רבי אליעזר איז געפאלען טויט אויפ'ן אָרט.

דער מאָרד האָט געוואָרפען א פחד אויפ'ן פאָלק און די קעמפער האָבען פערלוירען דעם מוטה, זיי האָבען מורא גע־האָט פאר גאָט'ס צאָרן איבער'ן טויט פון דעם אלטען היי־לינען תנא.

יהושע פון גרסה האָט דעם זעלבען אווענד פערלאָזט בר כוכבא'ן. נאָכ'ן שוידערליכען מאָרד האָט ער מעהר נישט געוואָלט זיין לעבען איהם. ער האָט זיך אריינגע'גנב'עט אין אן אונטערערדישע הייהל, אראָפּגעוואָרפען די מיליטערישע קליידער און זיך פערשטעלט פאר א פאסטוך. ער האָט מיט־גענומען דאס פוקסען פעל, וואס ער האָט געשלאָפען דארויף אין דער ארמיי און געגאנגען אין הייהל ביז ער איז געקומען אויפ'ן פעלד.

ער האָט זיך איינגעהילט אין פעל און געקראָכען אויף אלע פיער, די רוימער זאָלען איהם נישט אָבשטעלען, ביז ער איז ארויס פון קריעגס פלאַץ און איז גלייך אוועק אין עבר הירדן נאָך גרסה.

בייטאָג האָט ער זיך בעהאלטען אין די פעלזען, ווייל די געצענדיענער האָבען געלויערט אויף די וועגען און געפאנגען יעדען אידען צו פערקויפען פאר קנעכט. נאָר ביינאכט איז ער געגאנגען.

נישט ווייט פון גרסה האָט ער געזעהן ווי די הייזער זיי־נען צושטערט און וויסט. דערפער זיינען חרוב. קיין איין לעבעדיג נפש האָט ער דאָרט נישט געטראָפען. אפילו קיין שטיקעל פיה נישט.

מיט'ן טאָג צוגלייך איז ער אָנגעקומען אין גרסה לעבען זיין פעלד. און א שרעק איז איהם בעפאלען. זיין הויז איז נישט געשטאנען מעהר. נאָר א בארג אש וואס האָט זיך נאָך גערויכערט און פונקען זיינען געפלויגען.

ער האָט פערשטאנען אז ערשט זענען דאָ די רויבער גע־ווען און געמאכט דעם חורבן. וואָלט ער געקומען א ביסעל פריהער וואָלט ער אפשר געראטעוועט זיין הויזגעזינד אָדער ער וואָלט אומגעקומען מיט זיי אינאיינעם.

ער איז צוגעגאנגען צום רויכיגען בארג אש און דערזעהן

זיין ווייב חנה ליגען אין א טייך בלוט מיט א צושפּאָלטענעם קאָפּ און אין האנד האָט זי געהאלטען א קינדער שיכעל. איהר האנד איז געווען פערגליווערט און פעסט געדריקט דאָס שיכעל, ער האָט עס דערקענט, אביגיל׳ס א שיכעל.

—וואו איז אביגיל? ! וואו איז הלל? — האָט זיין הארץ געיאָמערט.

ער האָט זיך אבער בעהערשט נאָך א לאנגען וויינען און בעשלאָסען צו בעגראָבען חנה׳ן און געהן אויפזוכען די קינ־דער.

ער האָט אויסגעגראָבען א גרוב אין טאָל לעבען שטאָדט. אויף די הענד אוועקגעטראָגען די געליעבטע פון זיין הארץ און זי קובר געווען. א גרויסען שטיין האָט ער אוועקגע־שטעלט אויפ׳ן קבר פאר א מצבה, לאנג געזעסען ביים קבר, געקושט דעם שטיין און געוויינט מיט ביטערע טרערען.

עטליכע טעג האָט ער שוין נישט געהאט געגעסען. האָט ער אָנגעריסען פעלד יאַגדעס און געשטילט דעם הונגער, גע־טרונקען וואסער פון קוואל וואס לויפט אין זיין פערוויסטען גאָרטען און איז אריין אין זון־ביידעל וואו ער פלעגט אָפט זיצען מיט זיין יונגע חנה און די קינדער און פרעהען זיך אינאיינעם.

דאָ האָט ער ווידער שטארק געוויינט ביז ער איז איינגע־שלאָפען. ער האָט דערהערט א גרויסען שטורם און א רעש. אָט איז ער אין ביתר. פויקען קלאַפּען. דער קריעגס רוף. די העלדישע אידישע אַרמעע געהט ארויס פון די שטאָדט טויערן. זייער קעניג בר כוכבא געהט פאָראויס. ער געהט בראש פון זיין אבטיילונג. זיי געהען אטאַקירען די רוימישע וואלען און פערטרייבען דעם פיינד.

די מלחמה שפרייט זיך אויס אויפ׳ן גאנצען טאָל. בר כוכבא ווייזט וואונדערליכע העלדישקייט. זיין מויל שפריצט מיט פלאַמען פייער. די פלאַמען רינגלען ארום זיין קאָפּ און לייכטען איבער איהם ווי א גרויסער ליכטיגער שטערן, וואס פיהרט די קעמפּער אין קאַמף.

בר כוכבא האלט די שווערד אין דער רעכטער האנד. די שווערד איז רויט פון בלוט. מיט די פיס שליידערט ער גרוי־סע שווערע שטיינער אויף די פיינד׳ס קעפּ און זיי פאַלען

און פאַלען און אנטלויפען אויף זיבען וועגען.

א האָגעל פיילען און שליידער שטיינער פליהען פון דער אידישער אַרמעע אויף די פיינד. דער האָגעל פערשטעלט די זון. עס ווערט פינסטער. נאָר דער שטערן איבער בר כוכבא׳ס קאָפּ שיינט און לייכט און ווייזט זיי דעם וועג.

אַן אַלטער גרייז גרויער זקן מיט א פּנים פון א מלאך טראָגט הויך דעם פאָהן פון דער אידישער אַרמעע און זי ווייזט וואונדער.

פּלוצלונג דרעהט זיך אוים בר כוכבא, דער משיח, צו דער אַרמעע, צולאַכט זיך מיט א מורא׳דיג געלעכטער און גיט א שטויס מיט׳ן פוס דעם אַלטען גרייז — און רבי אליעזר המודעי פאַלט טויט.

מיט איהם פאַלט דער פאָהן. פאַלט די פעסטע מויער פון ביתר, פאַלען אַלע פעסטונגען, פאַלען אַלע הערצער. נישטאָ מעהר קיין כח.

די געיאָגטע פיינד קערען זיך אום מיט א ווילד געשריי, וואַרפען זיך אויף די אידישע קעמפער. און מורא׳דיגע גע־שרייען פון דערשלאָגענע און דער׳הרג׳עטע טראָגען זיך הויך, הויך. דאס אידישע פאָלק וואס ווערט געקוילעט שרייט, עס קלאָגען און עס יאָמערען אַלטע און יונגע, פרויען און קינדער וואס ווערען אויסגעשאָכטען ביים ליכט פון פייער וואס האָט ארומגעכאַפּט גאַנץ ביתר. אַלע הייזער און פּאַלאַצען קנאַקען אונטער די פייערצונגען און פאַלען איין מיט גרויס געשריי. א טייך בלוט גיסט זיך שטורמיש דורך די גאַסען, די כוואַל־יעס בלוט רוישען און שטראָמען מיט געשריי און טראָגען איהם אַקעגען א צושפּאָלטענעם קאָפּ — חנה׳ס קאָפּ וואס קוקט אויף איהם אומרוהיג און זאָגט:

—אומזיסט, יהושע האָסטו מיך געלייגט אין קבר. איך קען נישט רוהען ביז דו וועסט ראַטעווען אונזערע קינדער!...

ער קוקט אויף חנה׳ס צושפּאָלטענעם קאָפּ און פאַנגט אָן שרעקליך שרייען. פון געשריי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער איז ארויסגעשפּרונגען פון ביידעל און מיט א ווילד געשריי געלאָפען איבער׳ן פעלד, געריסען זיך די האָר פון קאָפּ און געשפּרונגען ווי א משוגע׳נער.

א צייט איז ער אזוי געלאָפען ביז ער איז געקומען צו

זיך. איז ער גלייך אוועק צום אָרט וואו ער האָט געפונען זיין דער'הרג'עטע פרוי און דערזעהן אז מען דערקענט נאָך די טריט פון די מערדער.

ער איז אוועק צו חנה'ס קבר, אויסגעוויינט פאר איהר דאס פערביטערטע הארץ און געבעטען צו גאָט:

—העלף מיר, רבונו של עולם, צו געפינען מיינע פערלוי־רענע קינדער! וואס האָבען די שעפעלעך געזינדיגט?

ער איז באלד נאכגעגאנגען די טריט און ער האָט פער־שטאנען אז די רויבער זענען אוועק נאָך עזה וואו עס איז דער גרויסער שקלאַפען מארק.

ער איז אָנגעקומען אין עזה האָט מען איהם געזאָגט אז א באנדע אראבער האָט דורכגעפיהרט א מחנה אידישע גע־פאנגענע און זיי זענען אוועק נאָך אנטאָכיען, איז ער גלייך געפאָהרען נאָך אנטאָכיען.

פון שיף איז ער גלייך אוועק צום שקלאַפען מארק. עס איז איהם פינסטער געוואָרען פאר די אויגען. מחנות אידען, מענער, פרויען און קינדער נאַקעטע זענען געשטאנען אויפ'ן מארק אזוי ווי פיה, טייכען טרערען האָבען זיך געגאָסען פון זייערע אויגען. די פנים'ער געדרונצעלט און איינגעפאלען פון גרויס צער און טרויער. די לייבער צושלאָגען, פול וואונדען פון די קלעפ וואס זייערע פאנגער האָבען זיי געשלאָגען.

שרעקליך איז געווען צוצוזעהן דאס מורא'דיגע בילד אליין. נאָך שרעקליכער איז געווען צו זעהן ווי אומדער־בארמדיג די ווילדע רויבער זענען זיך בעגאנגען מיט זייערע געפאנגענע. זיי האָבען צוריסען משפחות. דעם מאַן פער־קויפט אין איין לאנד און די פרוי אין א צווייט לאנד. א מאַמע אין איין שטאָדט און איהר קינד אין א צווייטער שטאָדט. צוריסען און צובראָכען אויף אייביג.

א טייל האָט געקויפט די אידען פאר קנעכט צום אר־בייטען. אנדערע האָבען געקויפט צו האנדלען מיט זיי און פערדיענען. אנדערע האָבען געקויפט אידישע פרויען און מעכטער צו צווינגען זיי צו שאנד.

יהושע איז יעדען טאָג דאָ געשטאנען און צוגעקוקט דאס גרויסע בראָך פון זיינע ברידער און שוועסטער. ער האָט דאס נישט געקענט צוקוקען, ער האָט אבער נישט אָבגעטראָ־

טען, אפשר וועט ער דאָ געפינען זיינע פערלוירענע קינדער!

ביינאַכט האָט ער נישט געקענט שלאָפען. זיין האַרץ האָט ביטער געוויינט. וואָס האָבען די רויבער געטאָן מיט אביגיל'ן, דאס קליינע ליעבע מיידעלע? האָבען זיי זי פער־קויפט צו אייביגע קנעכטשאַפט אָדער אייביגע שאַנד? און זיין יונגעל הלל, וואס איז מיט איהם? ווער וויים ווי זיין הארר שלאָגט איהם איצט און צווינגט איהם צו שווערע ארבייט?

ער האָט שוין געבעטען זיי זאָלען בעסער שטאַרבען איי־דער לעבען אזא שרעקליך, שענדליך לעבען. און מיט'ן טאָג צוגלייך איז ער ווידער אוועק אויפ'ן מאַרק און האָט זיך ארומגעדרעהט ביז מיטאג.

פלוצלונג האָט ער דערזעהן אָנקומען א פרישע מחנה גע־פאַנגענע, צו צעהן אין א רייהע געשלאָסען אין קייטען איי־נער צום אַנדערן. ווי א סטאַדע שאָף זענען זיי געגאַנגען און די פאַנגער נאָך זיי מיט ריטער אין די הענד און זיי געטרי־בען צו געהן גיכער.

יהושע האָט געקוקט אויף די געפאַנגענע — און גאָט אין הימעל! — ער האָט דערקענט זיין קינד! זיין הלל איז דאָ! ער האָט אויסגעזעהן זעהר שלעכט און אויסגעפייניגט. זיינע לאַנגע לאָקען פערפלאָנטערט און די אויגען רויט פון וויינען.

מיט אַלע כחות האָט יהושע זיך איינגעהאַלטען נישט צו שרייען: הלל! קינד מיינס! ער האָט מורא געהאַט ער וועט נאָך מאַכען ערגער. דאַריבער האָט ער זיך בעהאַלטען אין א ווינקעל זיין קינד זאָל איהם נישט דערזעהן און אָנהויבען שרייען: טאַטע. זיין האַרץ האָט נאָר שטיל געקלאָגט:

—וואו איז אביגיל, זיין קליין מיידעלע?

ער האָט נישט געהאַט קיין געלד צו קענען איהם אויס־קויפען האָט ער געוואַרט ביז אימיצער וועט קויפען זיין קינד, וועט ער בעטען דעם מאַן, ער זאָל אויך איהם צונעמען פאַר א קנעכט, ער וועט געהן דינען אומזיסט צו קענען זיין אינאיינעם מיט זיין קינד.

די געפאַנגענע זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אויפ'ן מאַרק. זייערע אייגענטימער זיינען געשטאַנען פאָראויס.

הינטער זיי די אויפזעהער, וואס גיבען אכטונג די געפאנגענע זאָלען זיין רוהיג. עס זענען אויך דאָרט געווען ריכטער און פּאָליציי צו האַלטען אָרדנונג און אָבצוהיטען די קונים מען זאָל זיי נישט אָבנארען. און אַז א געפאנגענער האָט זיך פערזינדיגט האָבען איהם די ריכטער גלייך פער'משפּט צום טויט.

צווישן די געפאנגענע איז געווען א יונג פּאָר פאָלק.ביידע וואונדער שעהן. זיי זענען געשטאנען נאקעט, די הענד געשלאָסען אין קייטען.

א רייכער סיריער, גרויס און פעט ווי א געשטאָפּטער אָקס איז צוגעקומען. ער איז געווען אָנגעטאָן אין ווייסע ליינענע קליידער און א טייערן מאַנטעל בעהאנגען מיט קורצע שפּיזען און מעסערס פון קאָפּ ביז די פיס.

ווי ער האָט דערזעהן די יונגע שעהנע פרוי, האָבען זיך זיינע קליינע שלאנגען־אויגען אָנגעצונדען און איהר אייגענטימער האָט נאָך אָנגעהויבען זי ריהמען פאר דעם סי־ריער, וואָס פאר א גוטע שקלאָפין זי וועט זיין און וואָס פאר א טייער קעפּס־ווייב.

זי איז שטארק רויט געוואָרען, דאָס פּנים ווי מיט בלוט פערגאָסען. איהר מאַן איז געוואָרען בלאַס ווי קאַלך און ביידע האָבען אָנגעהויבען שטארק ציטערן.

דער סיריער מיט דעם אייגענטימער זענען מושווה גע־וואָרען אויפ'ן פּרייז און די אויפזעהער האָבען אראָפּגענו־מען די קייטען וואָס האָבען געהאַט געשלאָסען זי מיט איהר מאַן.

די יונגע אידישע געפאנגענע האָט עפּיס שטילערהייט געזאָגט איהר מאַן און ווי דער סיריער איז צוגעקומען צו זיי, האָט דער מאַן ארויסגעכאַפּט א מעסער פון דעם סי־ריער'ס מאַנטעל און אריינגעשטעקט אין איהר הארצען און זי איז געפאַלען טויט אויפ'ן אָרט.

דער שקלאָפען־הענדלער האָט אָנגעהויבען שרייען. די אויפזעהער זענען געוואָרען צוטומעלט. און דער אומגליק־ליכער מאַן האָט ווילד געלאַכט מיט א געלעכטער וואָס האָט געריסען שטיקער מוח.

באַלד איז צוגעקומען א רוימישער עלטסטער מיט סאָל־

דאַטען און אוועקגענומען דעם ווידערשפּעניגען געפאַנגענעם. אינמיטען מאַרק האָבען זיי איהם געשמיסען ביז בלוט, דער־נאָך האָבען זיי איהם אויפגעהאַנגען די געפאַנגענע זאָלען זעהן און מעהר נישט ווידערשפּעניגען.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דעם מסחר מיט די שקלאַפען. די מענשען האָבען זיך אפילו נישט ארומגעקלי־בען ארום דער תליה. עס איז נישט געווען קיין נייעס פאַר זיי.

פאַרנאַכט האָבען די שקלאַפען־הענדלער שוין אָראָפּגע־לאָזט פון פרייז און דער האַנדעל איז אָנגעגאַנגען גיכער. כמעט אַלע געפאַנגענע זענען שוין געווען פערקויפט. יעדער האָט געהאַט אַ בעלן, חוץ דער קליינער הלל. ער איז נאָך געווען צו יונג און צו קליין, עס זאָל זיך לוינען די שקלאַפען־קויפער צו בעצאָהלען פאַר איהם אַ גרויסע סומע.

אינדעם איז אָנגעקומען אַן אַלטער מאַן אין שעהנע קליי־דער, ער האָט דערזעהן הלל'ען און אָנגעהויבען פערהאַנדלען מיט דעם סוחר און דאָס געשעפט איז געוואָרען געשלאָסען.

אַז די אויפזעהער האָבען אַראָפּגענומען די קייטען פון זיינע הענד האָט הלל זיך שטאַרק צואוויינט, האָט דער אַלטער איהם בערוהיגט און געזאָגט:

— שרעק זיך נישט, קליינער קנעכט, עס וועט דיר נישט געשעהן קיין בייז!

ער האָט איהם גענומען און אוועק פון מאַרק. יהושע איז געלאָפען גיך פאָראויס, אומגעקערט זיך צום אַלטען, גע־וואָרפען זיך צו זיינע פיס און מיט ביטערע טרערען געבעטען:

— טייערער הערר, איך בעט אייך, נעמט מיך אויך פאַר אַ קנעכט. איך וועל אייך זיין טריי, נאָר איך זאָל קענען זיין אינאיינעם מיט מיין קינד!

— טאַטע! אוי, טאַטע! — האָט הלל געשריגען דער־זעהענדיג זיין פאָטער.

זיי האָבען זיך ארומגעכאַפּט און יאָמערליך געוויינט. נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך גוט אויסגעוויינט האָט דער אַל־טער געזאָגט:

— טרייסט אייך, אומגליקליכער פאָטער, נישט איהר און נישט אייער קינד וועט זיין מיינע קנעכט. איהר זענט

דאָך מיינע ברידער, זאָלט איהר דען זיין ביי מיר קנעכט ווי ביי א גוי? קומט צו מיר אין הויז אריין, מיר וועלען דאָרט שוין רעדען.

און זיי זענען מיט איהם מיטגעגאנגען אהיים.

---

— וואו איז אביגיל? — האָט יהושע געפרעגט זיין געפונענעם זוהן.

הלל האָט אָבער נישט געענטפערט, נאָר זיך שטארק צואויינט. דער פאָטער האָט איהם איבערגעפרעגט, און ער האָט אַלץ נישט געקענט ענטפערן. האָט דער אַלטער זיי געבעטען שווייגען. עס איז דאָך אויפ'ן גאַס. אין הויז וועלען זיי שוין אַלץ רעדען.

זיי זענען צוגעקומען צו אַן ארים הויז. אינוויינינג איז אָבער געווען זעהר שעהן און רייך. הינטער'ן הויז איז געווען א טייערער גארטען מיט בלומען און אלערליי פרוכט־בוימער. די שטובען זענען געווען פול רייכטום און אויסגעמאָלען מיט זעלטענע געמעלען, נאָר איבער דער טיר איז די וואנד אַן אייל די גרוים געווען נישט געמאָלען און נישט געפארבט — א צייכען פון חורבן.

א שווארצער קנעכט איז געשטאַנען גרייט צו דינען. א פרוי פון עטליכע און פופציג יאָהר אָנגעטאָן אין טייערע זיידענע קליידער איז זיי געגאנגען אַנטקעגען. זי איז געווען אָנגעטאָן אין א סך צירונג. טייערע פינגערלעך מיט עדעלשטיינער אויף די פינגער. דריי גרויסע שנירען פערעל אויפ'ן האַלז און פון דעם אַלעם האָבען ארויסגעקוקט צוויי טייערע גוטע אויגען פול רחמנות. די גוטע אויגען פון דער פרוי האָבען פערגרינגערט די שווערע ביטערע הערצער פון דעם אומגליקליכען טאַטע מיט זיין זוהן.

—אפּאָלאניא! — האָט דער אַלטער געזאָגט צו דער פרוי — זעהסט, גאָט האָט מיך בעגליקט. איך האָב אויסגעלייזט איין געפאנגענעם און געפונען צוויי. איך האָב געקויפט דאס אינגעלע. דאס איז זיין פאטער. זאָל איך איהם אָבגעבען זיין קינד?

—זיי געבענשט, מיין מאַן! — האָט די פרוי געזאָגט — זייט מיר ווילקאָמען, מיינע טייערע! געלויבט איז גאָט וואס

מיר האָבען אויסגעלייזט א אידיש אינגעל און מיר קענען איהם אומקערען צו זיין פאָטער. זייט רוהיג. ווי קנעכט זייט איהר געקומען צו אונז. פרייע מענשען וועט איהר אוועקגעהן פון אונז, אויב איהר וועט נישט וועלען, ווי ברי־דער וואוינען מיט אונז אינאיינעם.

—איידער דו טרייסט זיי, מיין טייער ווייב — האָט דער אַלטער געזאָגט — גיב זיי עפּעס אין מויל אריין, זיי זענען הונגעריג.

—ביזט גערעכט, טייערער, איך געה שוין אריינברייני־גען.

זי איז אוועק מיט דעם שווארצען דינער. באַלד איז זי צוריק געקומען און דער קנעכט האָט געטראָגען א פלאַש וויין, גלעזער, קיכלעך און געבראָטענס און טייערע פרוכ־טען.

זיי האָבען געטרונקען אביסעל וויין, עפּעס געגעסען און דער אַלטער האָט זיי אריינגעפיהרט אין א בעזונדער צימער, וואס איז דערווייל צוגעגרייט געוואָרען פאר זיי. דאָ האָט דער קליינער הלל דערצעהלט וואס עס איז געשעהן מיט איהם ביז איצט.

איינמאָל פאַרטאָג האָט ער, אביגיל און זייער מוטער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף איבער דעם געשריי פון זייערע קנעכט, וואס האָבען שרעקליך געשריגען. פרעמדע מענשען זענען געקומען און זיי מערדערליך געשלאָגען.

דערשראָקענע האָבען זיי זיך אויפגעכאַפּט און די מוטער האָט זיי גיך אָנגעטאָן און ארויסגעקראָכען מיט זיי דורך דעם פענסטער צו בעהאַלטען זיך צווישען די בוימער.

די רויבער האָבען זיי אבער בעמערקט און געכאַפּט איהם מיט זיין שוועסטערל און אוועקגעריטען מיט זיי. די מוטער איז נאכגעלאָפען, מיט ביטערע טרעהרען געבעטען די רויבער זיי זאָלען איהר אָבגעבען די קינדער. די רויבער האָבען זיך אבער נישט אומגעקוקט אויף איהר. האָט זי אָנגעכאַפּט אביגיל'ס פוס און זי געוואָלט אראָפּשלעפּען. האָט א רויבער איהר דערלאַנגט מיט דער שווערד איבער'ן קאָפּ און זי איז אומגעפאַלען בעגאָסען מיט בלוט.

דעמאָלט האָבען זיי אויסגעליידיגט דאס גאַנצע הויז און

עס אונטערגעצונדען. זיי האָבען אויך אונטערגעצונדען די שטאָלען און דעם שייער. אז דאס פייער האָט שוין געהאָט אַלץ ארומגענומען זענען זיי אוועקגערימען.

א גאַנצען טאָג האָבען זיי אזוי גערימען ביז זיי זענען געקומען נאָך עזה אין זיי איבערגעגעבען צו סיריער און זיי האָבען זיי ארויפגעזעצט אויף א שיף. די שיף איז אריין אין מיטען ים. די שקלאַפּענהענדלער זענען ארומגעגאַנגען פרעה־ליך, האָבען געשכור'ט און געטאַנצט און די געפאַנגענע זע־נען געלעגען אין א ווינקעל און געוויינט.

ביינאַכט זענען די שיף עלטסטע ארומגעגאַנגען מיט ליכט צווישען די געפאַנגענע און בעטראַכט די מיידלעך. אז זיי האָבען דערזעהן אביגיל'ן האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט, עפּעס גערעדט צווישען זיך און אוועקגעגאַנגען.

באַלד איז געקומען א דינער און אָבגעבונדען אביגיל'ן פון איהם און זי געהייסען געהן מיט איהם צו די עלטסטע. אביגיל האָט נישט געוואָלט געהן, האָט דער קנעכט זי געשלעפּט מיט זיך, האָט זי אָנגעהויבען שרייען און אַלע געפאַנגענע האָבען מיטגעשריגען.

זענען די קנעכט בעפאַלען אַלעמען און זיי מערדערליך געשלאָגען ביז עס איז געוואָרען שטיל. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט א געשריי:

— כאַפּט זי! כאַפּט זי!

א רגע האָט געדויערט און אביגיל מיט צולאָזענע האָר און צוריסענע קליידער איז פערבייגעלאָפען און — פליעסק! עס האָט זיך געהערט א פּאַטש אין וואַסער. אביגיל איז אריינ־געשפּרונגען אין ים אריין.

די מאַטראָזען זענען נאָכגעשפּרונגען, האָבען זי געוואָלט ארויסציהען. אומזיסט זיי האָבען געוועזען זייער זוכען. זיי האָבען זי שוין נישט געפונען. ער האָט זיך אויך געוואָלט ווארפען אין וואַסער, האָבען זיי איהם אָבער געבונדען און שרעקליך געשלאָגען. א לאַנגע צייט האָט ער נישט געגעסען, נישט געטרונקען און נישט געשלאָפען. די מאַמע טויט, אביגיל אויפ'ן אָבגרונד פון ים, און ער האָט געהאַלטען אין איין וויינען. ביז זיי האָבען איהם געבראַכט אהער אויפ'ן שקלאַפען־מאַרק.

יהושע האָט שטאַרק געקלאָגט אויף אַביגיל'ן. דער אַל־טער האָט מיטגעקלאָגט אויף זיין אומגליק. דערנאָך האָט דער אַלטער זיי געטרייסט און געזאָגט:

—איהר דאַרפט זיין צופרידען. אייער טאָכטער האָט געטאָן ווי א כשר'ע אידישע טאָכטער דאַרף טאָן. זי האָט נישט געלאָזט זיך שענדען. איך וויים, איהר זענט איצט אָרים, איהר קענט נישט שפּייזען זיך. איך האָב נישט קיין קינדער, וועל איך נעמען הלל'ען, אויב איהר ווילט, פאַר מיין קינד און ער וועט זיין מיין יורש.

ער האָט זיי געצוואונגען טרינקען וויין זיי זאָלען קענען שלאָפען און ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער האָט זיי אויך עפּיס צו דערצעהלען, זאָלען זיי שלאָפען רוהיג, זיך אויסרוהען, וועלען זיי מאָרגען רעדען. דער וויין און דעם אַלטענ'ס גוטע רייד האָבען געהאַט א גוטע ווירקונג און צום ערשטען מאָל נאָך וואָכען אומרוה האָבען זיי איינגעשלאָפען רוהיג.

---

אינדערפריה איז דער אַלטער אריינגעקומען און זיי בע־גריסט. דער שוואַרצער קנעכט האָט געבראַכט פאַר זיי נייע קליידער, יהושע האָט אָבער פון טרויער וועגען נישט גע־וואָלט בייטען די מלבושים. דער אַלטער האָט געדאַוונט מיט זיי אינאיינעם, דערנאָך זענען זיי אריין אין רייכען עס־זאַל און געגעסען אָנבייסען. די גוטע בעל־הבית'טע אַפּאָלאָ־ניא האָט זיי געגעבען צו עסען פון בעסטען און שענסטען און נאָכ'ן עסען זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטען און דאָרטען האָט דער אַלטער זיי דערצעהלט זיין געשיכטע:

מיין נאָמען איז יוחנן בן יוסי. איך שטאַם פון דער פאַ־מיליע בן ציצית הכסת, וואָס האָט געלעבט אין ירושלים נאָך פאַר'ן חורבן.

איך בין אַלט פינף און זעכציג יאָהר. אַזוי אַלט ווי לאַנג עס איז זייט די הייליגע שטאָדט איז געוואָרען חרוב. מיין מאַמע האָט מיט מיר געטראָגען אין דער ביטערסטע צייט פאַר אונזער פאָלק. אין דער נאַכט ווען דאָס בית המקדש האָט געברענט, האָט זי מיך געבוירען און געשטאָרבען אין קימפּעט. איך בין געבליבען אַן ערשטגעבוירען קינד אָהן א מאַמע אויף מיין פאָטער'ס הענד.

די אידישע קעמפּער זענען דעמאָלט אַנטלאָפען אין דער שטאָדט ציון און די אַלע וואָס האָבען זיך נישט בעטייליגט אין דער מלחמה זענען ארויסגעגאנגען צו טיטוס'ען און זיי האָבען געראַטעוועט זייער לעבען.

דעמאָלט איז מיין פאָטער אויך אַרויס פון ירושלים און ער האָט מיך אַוועקגעפיהרט אויף זיין גוט אין גליל. נאָך דער מלחמה אז די איבערגעבליבענע האָבען זיך אומגע־קערט צו זייערע בעשעפטיגונגען, האָט מיין פאָטער ווידער אָנגעהויבען האַנדלען מיט ויין און אויל וואָס ער האָט גע־שיקט נאָך סיריען.

עטליכע שלעכטע אידען האָבען פערכאַפּט מיין טאַטענס פעלדער, זיי האָבען געגעבען א גרויסע סומע געלד דעם רוימישען קייסער און ער האָט זיי אוועקגעשאָנקען מיין טאַ־טעס פעלדער, כאָטש מיין פאָטער האָט געהאַט א רעכט אויף זיי, ווייל ער האָט זיך נישט בעטייליגט אין קריעג.

האָט מיין פאָטער זיך גע'משפט מיט די שלעכטע אידען ביז דער ביטערער דאמיציאן איז געוואָרען קייסער. האָבען די שלעכטע לייט פער'מסר'ט מיין פאָטער פאר איהם און ער האָט איהם געהייסען טויטען. דאָס גאַנצע פערמעגען האָט ער קאָנפיסקירט און זיין הויז־געזינד פערקויפט פאר קנעכט.

מיך האָט מען אוועקגעפיהרט אויפ'ן שקלאַפען מארק פון קסריה און א סירישער שקלאַפען הענדלער האָט מיך געקויפט, און צוזאַמען מיט נאָך געפאַנגענע, האָט ער מיך געבראכט נאָך אנטאָכיען אויפ'ן מארק.

אנטאכיען איז אַ גרויסע שטאָדט. נאָך רוים און אלעק־סאנדריא איז זי די גרעסטע שטאָדט אויף דער וועלט. הור־דוס האָט פאר אידישע געלד דאָ געמאכט מארמאָרנע וועגען. דאָ האָבען שטענדיג געוואוינט א סך אידען. זיי זענען גע־ווען בירגער, האָבען דאָ גוט געלעבט. מען האָט זיי אויך אָבגעגעבען די הייליגע כלים פון בית המקדש וואָס אנטיוכוס האָט צוגערויבט. מיט די הייליגע כלים האָבען די אידען אויסגעפוצט די היגע שוהלען.

די רוימישע גובערנאַטאָרען האָבען אויך נישט געפיי־ניגט די אידען. און אַז רוים האָט געפיהרט קריעג מיט די אידען פון ארץ ישראל, זענען די אידען פון אנטאכיען נישט

געקומען זיי צו הילף. זיי האָבען געלעבט גוט מיט די סי־ריער, גערעדט זייער שפּראַך, געקליידט זיך ווי זיי, זענען שטארק געוואקסען און געוואָרען בעריהמט און א סך גוים האָבען זיך אויך אָבגעלערענט די אידישע וועגען און זיך מגייר געווען.

אידען קענען אָבער נישט לאנג לעבען רוהיג אויף א פרעמדער ערד. א איד האָט זיך צוקריגט מיט זיין פאָטער און זיך גע'שמד'ט. ער האָט זיך א נאָמען געגעבען אנטיוכס, און ווי אנטיוכס הרשע, האָט ער אויסגעטראכט בלבולים אויף די אידען און געהעצט די רוזמער און דאָס פאָלק אויף די אידען. די גוים האָבען זיך געוואָרפען אויף די אידען און א סך פון זיי אויסגעקוילעט און די איבעריגע האָבען זיי געצוואונגען צו שמד'ען זיך.

ווייניג אידען האָבען זיך דעמאָלט גע'שמד'ט, די אי־בעריגע האָבען איינגעזעהן אז עס איז אומזיסט זייער דער־נעהנטערן זיך צו גוים און זיי נאָכטאָן. די גוים האָבען פיינט אידען, זענען זיי געוואָרען בעסערע און געטרייערע אידען.

דאָס האָט געטראָפען ווען טיטוס האָט שוין געהאט חרוב געמאכט ירושלים און אויפ'ן וועג נאָך רוים איז ער געפאָה־רען אין די גרויסע שטעדט און געוואָרפען די אידישע גע־פאנגענע אין די צירקען פאר די ווילדע חיות.

אז טיטוס איז אָנגעקומען נאָך אנטאכיען, זענען די גוי'שע איינוואוינער איהם געגאנגען אַנטקעגען מיט טענץ און געזאנג און איהם געבעטען ער זאָל אַרויסגעבען א בע־פעהל אַרויסצוטרייבען אלע אידען פון שטאָדט.

אָבער טיטוס הרשע, ביי זיין אומדערבארמקייט און גרויסען האַס צו אידען, האָט זיי נישט צוליעב געטאָן און געענטפערט אזוי:

— איהר ווילט איך זאָל זיי אַרויסטרייבען פון דאנען. וואוהין זאָלען זיי געהן? זייער לאַנד איז וויסט, זייערע שטעדט פערברענט, וועלען מיר זיי פערטרייבען פון די פרעמדע לענדער, טאָ וואו וועלען זיי געהן?

וואָס מעהר די גוים פון אנטאכיען האָבען געהאסט די אידען אַלץ שטאַרקער האָט איין איד דעם צווייטען ליעב

געהאט. א סך אידען וואס זענען שוין געווען אויסגעמישט מיט די סיריער האבען זיך אומגעקערט צו זייערע ברידער. עס האט זיי שטארק וועה געטאן פאר זייערע געיאגטע און פערטריבענע ברידער און זיי האבען צוזאמענגעלייגט א גרויסע סומע געלד אויסצולייזען די אומגליקליכע געפאנגע־נע וואס ווערען געבראכט אויפ'ן מארק פון אנטאכיען. די חברה האט געהייסען "פדיון שבוים".

פעזעסטארטאס, דער מיליאנער פון דער שאראמאלא פא־מיליע איז געווארען דער עלטסטער. און ווען די שקלאפען־הענדלער האבען געבראכט אידישע געפאנגענע, איז ער ארויס אויפ'ן מארק מיט א זאק גאלדשטיקער און ער האט אויסגעלייזט אזוי פיעל געפאנגענע וויפיעל ער האט גע־קענט.

אין שפעטערע יאהרען האט די חברה "פדיון שבוים" גע־טאן פיעל גוטס פאר די געפאנגענע.

מיך האט מען געבראכט אויפ'ן זעלבען ארט וואו הלל'ען. איך בין אלט געווען פערצעהן יאהר. א שעהנער בחור מיט רויטע באקען, געזונד און לעבעדיגע אויגען. א סך מענשען האבען מיך געוואלט קויפען און ארויפגעיאגט די פרייז.

איז אנגעקומען אן אנגעזעהנער מאן און געזאגט, אז ער וויל מיך קויפען. דא האבען אלע אבגעטראטען און געזאגט:

— א, דאס איז דאך פעזעסטארטאס שארמאלא, דער גרעסטער עושר פון אנטאכיען. ווער קען קאנקורירען מיט איהם ?

איך האב געהערט, אז דאס וויל מיך א איד קויפען, איז מיר געווארען גרינגער. שאראמאלא האט מיך טאקי גלייך געקויפט, ער האט מיך געפרעגט ווי איך הייס און ווער ס'איז מיין פאמיליע ? אז איך האב איהם דערצעהלט, אז איך שטאם פון בן־ציצית הכסת, איז ער געווען צופרידען, זיינע אויגען האבען אויפגעשיינט, נאר ער האט מיך געוואלט אויספרובירען און ער האט מיר געזאגט אזוי:

— די קינדער פון ירושלים, זאגט מען, זענען זעהר קלוג, וויל איך זעהן צו עס איז אמת. אויב דו וועסט טאקי זיין קלוג, וועל איך דיך בעפרייען. איך וויל דו זאלסט געהן פאר־

אויס און טרעפען וואו איך וואוין, נישט פרעגענדיג ביי קיינעם.

— גוט — האָב איך געזאָגט, און הויב אָן געהן און ער נאָך מיר. וואָס טוט מען אָבער ? ווי וויים איך וואו ער וואוינט ? זעה איך אַ מאַן שטעהן מיט א בינטעל האָלץ צום פערקויפען. רוף איך איהם צו און זאָג איהם אזוי :

— טראָג אוועק דאָס האָלץ צו הערר פעזעסטארטאס שאראמאלא, וואָס געהט הינטער מיר, דאָרט וועט מען דיר בעצאָהלען.

— א, צו שאראמאלא ? גוט ! — האָט דער מאַן זיך דערפרעהט, ער וועט דאָרט קריגען א גוטען פרייז, און ער איז געגאנגען פאָראויס און איך נאָך איהם. דאָס איז שאראמאלא'ן געפעלען. איך האָב קיינעם נישט געפרעגט וואו ער וואוינט און געפונען אן עצה אַז א מאַן זאָל מיר ווייזען דעם וועג.

מיר זענען אריין צו איהם אין הויז. א קנעכט האָט מיך אויסגעבאָדען און אָנגעטאָן שעהנע קליידער און אריינגעפיהרט אין רייכען זאַל. שאראמאלא האָט מיר פאָרגעשטעלט פאר זיין פרוי פעטראנאליא און זיינע פיער קינדער : קלעמטענאס, נעפטאלימאס, אפאלאניא און אמפעטרעטא.

פאר זייערע נעמען האָב איך זיך דערשראָקען. גוי'שע נעמען. זייער פנים'ער האָבען מיך אָבער בערוהיגט. אידישע געזיכטער. זיי האָבען זיך שטארק דערפרעהט מיט מיר, ווי איך וואָלט געוועזן זייער לייבליכער ברודער. שאראמאלא האָט זיי דערצעהלט מיין קלוגען איינפאַל און אלע האָבען געלאַכט און הנאה געהאַט.

ער האָט מיך נאָך עטליכע מאָל אויספרובירט און איך בין איהם און זיין הויזגעזינד שטארק געפעלען און שאראמאלא האָט מיר ענדליך געזאָגט :

— דו ביזט געוואָרען פריי די רגע וואָס איך האָב דיך געקויפט. איך וועל דיך אָבער נישט אָבלאָזען. וועסט בלייבען אין מיין הויז ביז דו וועסט ווערען עלטער, און דעמאָלט וועסטו טאָן וואָס דו ווילסט.

איך בין געבליבען ביי שאראמאלא'ן זיבען יאָהר. ער האָט מיך אריינגענומען אין זיין געשעפט. איך בין געוועזן עהרליך און געטריי. זיין עלטסטע טאָכטער אפאלאניא איז אויסגע־

וואקסען. מיר האָבען זיך פערליעבט. די עלטערן זענען גע־
ווען צופרידען און אז אפּאלאניא איז געוואָרען אכצעהן יאָהר
האָבען מיר חתונה געהאַט און שאראמאלא האָט אונז געשאָנ־
קען דאָס הויז, וואו מיר וואוינען יעצט.

מיר לעבען רוהיג און צופרידען, שאראמאלא און זיין פרוי
זענען שוין געשטאָרבען. איך בין געוואָרען דער גבאי פון
"פדיון שבוים". מיר לייזען אוים די געפאנגענע און מיר
לאָזען נישט אוועק די אויסגעלייזטע, נאָר מיר זוכען פאר זיי
אַרבייט יעדער ווי ער איז געוועהנט ער זאָל זיין פערזאָרגט
מיט חיונה.

וועגען הלל'ען דענק איך עפּעס אנדערש. זיין גורל איז
דאָך גלייך צו מיינעם. א קליין אינגעל, ווי איך, איז ער גע־
שטאַנען אויפ'ן מארק צום פערקויפען. ער איז מיר ליעב און
טייער. מיין פרוי האָט איהם אויך שוין ליעב. מיר ווילען
איהם האלטען ביי זיך און אום נישט צוצושיידען דעם זוהן
פון טאטען, ווילען מיר אייך ביידע האלטען דאָ. דאָס גוטס
וואָס גאָט האָט אונז געגעבען ווילען מיר זיך טיילען מיט
אייך. און אז גאָט וועט העלפען און הלל וועט אויפוואקסען
גוט און עהרליך ווי איך האָף, וועט ער זיין ווי אונזער קינד,
און נאָך אונזער טויט וועט ער אונז ירש'נען.

איך וועל אָבער פון איהם פאָדערן איין זאך : ער זאָל
געהן אין מיינע וועגען, ווי איך געה אין די וועגען פון מיין
שווער, די מצוה פון פדיון שבוים זאָל איהם זיין ליעבער ווי
אלע אנדערע מצוות. ווייל דורך דער מצוה איז ער געהאָל־
פען געוואָרען. אזוי גוט ווי איך האָב איהם אויסגעלייזט, זאָל
ער אויסלייזען אנדערע און טאָן גוטס מיט מיין פערמעגען
וואָס איך וועל איהם איבערלאָזען בירושה.

הלל האָט דאָס דערהערט און געפאלען דעם אלטען צו
די פיס און שטארק געדאנקט. יהושע האָט זיך אויפגעשטעלט
און געדאנקט גאָט פאר דעם חסד וואָס ער האָט איהם
ארויסגעוויזען נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט פערלוירען
זיינע אלע האָפנונגען.

יהושע און הלל האָבען געוואוינט ביי די גוטע לייט
יוחנן בן יוסי און זיין פרוי אפּאלאניא און עס האָט זיי נאָר
נישט געפעהלט.

יהושע האָט אָבער לאַנג נישט געקענט איינזיצען אין אנטאכיען. די שרעקליכע בשורות וואָס ער האָט געהערט פון ארץ ישראל האָבען איהם נישט געלאָזט רוהען. און ער האָט בעשלאָסען צוריקצופאָהרען נאָך ארץ ישראל.

אזוי ווי ער האָט געוואוסט, אז דער אַלטער יוחנן בן יוסי פיהרט געשעפטען מיט טורנוס רופוס, דער גובערנאטאָר פון ארץ ישראל, האָט ער איהם געבעטען ער זאָל איהם געבען א בריעף צום גובערנאטאָר מיט א געבעט ער זאָל בעסער בע־האנדלען די אידען.

— אז איך וועל בעטען ביי איהם פאר אלע אידען — האָט דער אַלטער איהם דערקלערט — וועל איך גאָר נישט פועל'ן. ער וועט נאָך ווערען ערגער. אויסערדעם געהט האד־ריאן אליין נאָך ארץ ישראל צו בעשטראפען די אידען, עס וועט נאָך ערגער מאכען. איך קען אייך געבען א בריעף און בעטען ביי איהם, ער זאָל זיין גוט צו אייך. אז איהר וועט זיין לעבען איהם וועט איהר קענען בעטען ביי איהם פאר איינצעלנע אידען, ווען עס וועט נויטיג זיין.

יהושע האָט מיטגענומען דעם בריעף און א היבשע סומע געלד און מיט דער ערשטער שיף זיך אומגעקערט אין אי־דישען לאנד.

וויאָס ער האָט געזעהן מיט זיינע אויגען איז נאָך געווען ערגער ווי דאָס וואָס ער האָט געהערט. ביתר איז שוין געווען ביי די רוימער אין די הענד. אום תשעה באָב איז זי געפאַ־לען. די רוימער האָבען אַלעמען אויסגעקוילעט, זיי האָבען נישט געשוינט אפילו זויג־קינדער. דאָס בלוט האָט גע־שטראָמט אין די גאסען פון ביתר מיט אזא קראפט, אז עס האָט מיטגעשלעפט גרויסע, שווערע שטיינער. די פערד זע־נען געגאנגען ביז'ן האלז אין בלוט. בר־כוכבא איז געפאלען אין שלאכט און אז מען האָט געפונען זיין טויטען קערפער איז א שלאנג געווען ארומגעוויקעלט ארום זיין לייב.

דאָס איז געווען א גרויס וואונדער און אלע האָבען גע־זאָגט, אז בר־כוכבא איז נישט געטויט געוואָרען פון א רויי־מישע פייל, נאָר א שלאנג האָט איהם געביסען צום טויט.

הונדערט טויזענד רוימער זענען געגאנגען אויף טור־שמעון, די מעכטיגע פעסטונג און דריי טעג און דריי נעכט

האָבען זיי געמאָרדעט די איינוואוינער. טור־שמעון איז גע־וועז אזוי גרויס, אז אין איין עק שטאָדט האָבען די רוימער געקוילעט און אין צווייטען עק שטאָדט האָבען די איינוואוי־נער געטאַנצט אויף שמחות.

די רוימישע ארמעע האָט אָבער אויך געליטען שווערע פערלוסטען. און ווען האדריאַן האָט דערקלערט אין רוימי־שען סענאַט פון זיין זיעג איבער די אידען, האָט ער נישט געוואגט צו זאָגען: פרידען איז מיט אונזער ארמעע, ווייל הונדערטער טויזענטער רוימער זענען געלעגען טויט אויף די בערג פון אידישען לאַנד.

האדריאַן האָט פערבאָטען צו בעגראָבען די אידישע גע־פאַלענע אין ביתר. די טויטע קערפער זענען אויסגעלייגט געוואָרען אין א הויכער קופה וואָס איז געווען אכצעהן קילא־מעטער לאַנג און אכצעהן קילאמעטער ברייט.

דאָס איבריגע פאָלק האָבען די רוימער אויסגעשטעלט אויף'ן שקלאַפען־מארק אין חברון, די שטאָדט, וואו אברהם אבינו האָט געלעבט און וואו אונזערע אבות ליגען אין מערת המכפלה. די וואָס זענען נישט פערקויפט געוואָרען אין חברון זענען אוועקגעפיהרט געוואָרען נאָך עזה און עגיפטען.

טורנוס רופוס האָט געקראָגען פולמאכט פון קייסער האדריאַן צו טאָן מיט די אידען וואָס זיין הארץ גלוסט. און ער האָט אומדערבארמיג געפייניגט די אידען און זיי ווילד גע'רודף'ט.

אין ירושלים האָט ער בעזעצט בלויז גוים. אויפ'ן בארג מוריה האָט ער אויפגעשטעלט א טעמפעל פאר זיין אָבגאָט. וואו דאָס קדשי קדשים איז געווען האָט ער אוועקגעשטעלט א געץ און ביים דרום טויער האָט ער אוועקגעשטעלט א סטאַ־טוע פון א חזיר.

קיין איד האט נישט געטאָרט צוגעהן נאָהנט צו ירושלים'ס טויער. ווער עס איז אריין אינוויינינג איז בע־שטראפט געוואָרען מיט'ן טויט. דאס לאַנד איז געווארען אזוי וויסט אז קיין פיה איז נים געבליבען, אפילו א פויגעל איז נישט געפלויגען אין אידישען לאַנד. דער הויפט קוואַל פון אידישען האנדעל איז געווען בוימעל, האָבען די רוי־מער אויסגעהאקט אלע אייל־בירטען בוימער. די אידען זאלען

נישט האבען מיט וואס צו פערדינען א שטיקעל ברויט.

רוימישע סאלדאטען האבען זיך צושפרייט איבער'ן לאנד און אז זיי האבען בעגעגענט א אידען האבען זיי איהם שרעק־ליך געפייניגט.

אז דער קייזער איז געקומען נאך ארץ ישראל איז גע־ווארען נאך ערגער. איז א איד פערביינגעגאנגען און איהם נישט בעגריסט האט ער געהייסען איהם טויטען. האט א איד איהם יא בעגריסט האט ער איהם אויך געהייסען טויטען. זיינע מיניסטארען האבען זיך געוואונדערט און געפרעגט:

— וואס זאל טאן א איד וואס בעגעגענט דיך? צי ער בעגריסט דיך אדער נישט טויטסטו איהם!

— איך פרעג אייך נישט קיין עצה ווי צו פערטיליגען מיינע פיינד—האט ער זיי שארף געענטפערט.

די אידען האבען זיך פאר שרעק בעהאלטען אין הייהלען און פאר הונגער האבען זיי געגעסען די טויטע. האדריאן איז געוואהר געווארען אז מאסען אידען זיינען בעהאלטען און זיינע סאלדאטען קענען זיי נישט געפינען, האט ער געלאזט אויסרופען אז אלע וואס וועלען ארויס פון בעהעלטענים און זיך איבערגעבען די רוימער וועלען בלייבען לעבען.

א סך אידען האבען איהם געגלויבט און ארויס פון די הייהלען, האט ער זיי געהייסען ברענגען אין טאל רמון. די רוימער האבען זיי ארומגערינגעלט און האדריאן האט זיך געזעצט עסען. ביז ער האט געהאט אבגעגעסען איז שוין קיין איד נישט געבליבען לעבעדיג.

דאס איז נאך געווען ווייניג האדריאנ'ען. ער האט גע־וואיסט אז אזוי לאנג ווי די אידישע אמונה עקזיסטירט וועט ער נישט אבמעקען דאס אידישע פאלק. האט ער ארויסגע־געבען א בעפעהל וואס האט פערבאטען צו לערנען די תורה און אבהיטען די מצוות.

טורנוס רופוס האט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אויסגעפיהרט דעם קייזער'ס בעפעהל. ער האט געפאנגען אי־דען און זיי שרעקליך געמאטערט. געגליהטע אייזענס האט ער זיי געלייגט אונטער די פאכוועס און מיט גליהענדע נע־געל געברענט זיי אונטער די נעגעל, זיי זאלען זיך מודה זיין אויב זיי האלטען זייער גלויבען.

ווען א איד האט סכות געהאלטען א לולב אין האנד האט מען איהם מערדעריליך געשמיסען. האט איינער מל געוועזן זיין קינד, האט מען איהם אבגעשניטען דעם קאָפּ. ווער עס האט געגעסען מצה אום פסח איז געהאנגען געוואָרען, און דער וואס האט געלערענט תורה איז לעבעדיגערהייט פערברענט געוואָרען. א איד וואס האט געלייגט תפלין האבען זיי איהם געלעכערט דעם מוח.

די אידישע תנאים און לעהרער האבען געליטען נאָכמעהר. אלע שטראפען און פיינען וואס דער גרויזאמער גובערנאטאָר האט געקענט אויסטראכטען האט ער געטאָן צו זיי. אָהן א צאָהל תנאים און תלמידי חכמים זענען דעמאָלט אומגעקומען אויף קידוש השם.

עס האבען זיך אומגעקערט די ביטערע צייטען פון אנטיוכס הרשע מיט זיינע בייזע גזרות. א סך תנאים האבען צוגעגעבען אז די פיין זענען אזוי שרעקליך אז דער נסיון בייצושטעהן איז זעהר גרויס און נישט אלע קענע אויסהאלטען.

א סך אידען האבען זיך דעמאָלט גע'שמד'ט. דרייצעהן שטעדט אין גליל מיט אלע זייערע איינוואוינער האבען זיך גע'שמד'ט און געוואָרען גוים, זיי זענען פערלאָרען געגאנגען פאר אונזער פאָלק אויף אייביג.

אין דער געפעהרליכער צייט האבען די תנאים בעשלאָסען אז אויף אלע מצוות מעג מען געצוואונגענערהייט עובר זיין חוץ אויף דריי, וואָס זענען דער עיקר: דער גלויבען אין גאָט, דאס ריינקייט פון פאמיליען לעבען און אז דעם מענשען'ס לעבען איז הייליג.

אויף די דריי זאכען טאָר מען נישט עובר זיין, בעסער זיך לאָזען הרג'ענען, בעסער דער טויט איידער דיענען די עבודה זרה, מזנה זיין און פערגיסען בלוט. ווייטער מעג מען עובר זיין אויף אלע מצוות צו ראטעווען דאס לעבען.

דאָס האָבען די חכמים נאָר פערגרינגערט פאר'ן פאָלק. זיי אליין האבען אבער נישט געוואָלט עובר זיין אויף דער קלענסטער מצוה און בעסער זיך געלאָזט הרג'ענען. רופוס איז דערפאר אויף זיי נאָך בייזער געוואָרען און ער האט זיי אומגעבראכט מיט א גרויזאמען טויט.

אז יהושע איז צוריקגעקומען זענען צוויי פון די גרעסטע תנאים שוין געווען אומגעקומען אויף קידוש השם. רבי שמעון און רבי ישמעאל. ווען דער פיינד האט זיי געפיהרט צום טויט, האט רבי שמעון געוויינט. רבי ישמעאל'ן האט דאס פערדראסען און ער האט געשריגען:

—וואס וויינסטו! מיט איין שפרונג וועסטו זיין צווישען די גרעסטע צדיקים!

—איך וויין נישט אויף מיין טויט — האט רבי שמעון געענטפערט — איך וויין נאר וואס איך וויים נישט פאר־וואס איך ווער געטויט.

אז רבי עקיבא האט געהערט פון זייער טויט האט ער געזאגט צו זיינע תלמידים:

—לאמיר זיך צוגרייטען צו די יסורים. א גרוים אומגליק געהט אויף אונז.

רבי עקיבא האט נישט געוואלט אויפהערען לערנען. ער האט געזאגט אז ווען מיר אידען לערנען און טוען גאט'ס געבאט ווערען מיר אזוי געפייניגט, ווי שלעכט וועט נאך זיין אז מיר וועלען נישט לערנען און נישט היטען גאט'ס געבאט?

טורנוס רופוס האט שרעקליך פיינט געהאט רבי עקיבא'ן נאך פון פריהעריגע צייטען. ער האט שטענדיג גערעדט מיט איהם און געוואלט שפעטען פון אידישען גלויבען. רבי עקיבא האט איהם אלע מאל שארף געענטפערט.

איינמאל נאך אזא שמועס איז טורנוס רופוס אהיים געקומען שטארק אויפגערעגט.

—וואס ביזטו בייז? — האט איהם זיין ווייב סעראפינא געפרעגט.

—דער רבי עקיבא מיט זיינע הייליגקייטען מאכען מיך אומרוהיג.

—איך וועל געהן צו איהם — האט סעראפינא געזאגט — וועל איהם איבעררעדען צו זינד, וועט ער זיך שעמען שפעטער און דיר נישט קענען קוקען אין פנים.

טורנוס רופוס איז בעשטאנען. זי איז געווען א גרויסע שעהנהייט און האט זיך אויסגעפוצט אין די שענסטע קליידער און אוועק צו רבי עקיבא'ן. זי האט אנגעווענדעט

אַלע מיטלען איהם איבערצורעדען. רבי עקיבא האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר, אַ שפּיי געטאָן, געלאַכט און געוויינט.

—וואס הייסט דאס? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך האָב אַ שפּיי געטאָן ווייל איהר, די שענסטע ווערט געבוירען פונקט ווי די מיאוס'ע. געלאַכט האָב איך וואס איך זעה אז איהר וועט זיך מגייר זיין און געוויינט — ווייל אזא שעהנקייט וועט אַמאָל פוילען אין דער ערד...

זי האָט איינגעזעהן רבי עקיבא'ס גרויסקייט און הייליגקייט און זי האָט פערלאָזען איהר רייכען מעכטיגען מאַן און זיך מגייר געווען.

טורנוס רופוס האָט געהאסט רבי עקיבא'ן מעהר פון אַלע אידען. ער האָט געשיקט שפּיאָנען זיי זאָלען זעהן צו רבי עקיבא זיצט און לערנט.

ווען די שפּיאָנען זענען געקומען האָבען זיי געטראָפען רבי עקיבא'ן לערנען די תלמידים פארוואָס די אידען זענען געגליכען צו אַ טויב.

— אזוי ווי אַ טויב צאַפּעלט זיך נישט ווען מען קוילעט זי אזוי צאַפּלען זיך נישט די אידען ווען זיי ווערען געקוילעט אויף קידוש השם.

האָבען די רוימער איהם געפאַנגען און איינגעזעצט אין תפיסה אין קסריה. טורנוס רופוס האָט אַוועקגעשטעלט אַ סך וועכטער ארום תפיסה נישט צו דערלאָזען אַ איד צוקומען צו איהם. דאָס איז געווען פינף טאָג אין תשרי, אין יאָהר דריי טויזענט אכט הונדערט זעקס און נייַנציג.

מיט גרויס געפאַהר און פאַר אַ גרויסע סומע געלד איז געלונגען אַמאָל אַ תלמיד אריינצוגעהן צו רבי עקיבא'ן אין געפענגניש און דערוויל לערנען ביי איהם.

דעמאָלט איז יהושע געקומען צו טורנוס רופוס'ען און איהם איבערגעגעבען דעם בריעף פון יוחנן בן יוסי. אַלץ וואָס יהושע האָט איהם געבעטען איז געווען אומזיסט. ער האָט איהם נאָר צוליעב געטאָן צו געהן אין תפיסה צו רבי עקיבא'ן און איהם דאָרט בעדינען אזוי לאַנג ביז דער אורטייל וועט ארויסגעגעבען ווערען אויף איהם.

דריי יאָהר איז יהושע געווען מיט רבי עקיבא'ן אין תפיסה. ער האָט איהם בעדינט און געלערנט ביי איהם.

וויפיעל יהושע האָט זיך נישט געמיהט צו בעפרייען רבי עקיבא'ן, איז געווען אומזיסט. ער איז געווען דער שליח פון די תנאים צו רבי עקיבא'ן אלעמאָל צו פרעגן זיין מיינונג אין פראַגען פון דער תורה.

עס איז געקומען צום סוף פון דריטען יאָהר, האָט טור־נוס רופוס געהייסען שרעקליך פייניגען רבי עקיבא'ן. ער האָט פערבאָטען יהושע'ן צו ברייננגען עסען פאר זיין רבי, נישט מעהר ווי טרוקען ברויט און א ביסעל וואסער האָט ער דערלויבט איהם געבען.

איינמאָל האָט יהושע געבראַכט אַן עמער וואסער, רבי עקיבא זאָל זיך ארומוואשען און האָבען גענוג צו טרינקען. איז דער וועכטער געוואָרען בייז און אויסגעגאָסען כמעט דאָס גאַנצע וואסער איבערלאָזענדיג קוים א ביסעל און ער האָט נאָך געשריגען :

— דו ווילסט אונטערגראָבען די תפיסה מיט אזוי פיעל וואסער !

רבי עקיבא האָט גענומען דאָס וואסער און זיך געוואָלט וואשען. זאָגט יהושע :

— רבי, אויב איהר וועט זיך וואשען דערמיט, וועט איהם דאָך נישט האָבען צו טרינקען.

— איך וויל בעסער שטאַרבען פאר דורשט איידער ארומגעהן אומגעוואשען — האָט רבי עקיבא געענטפערט.

ער האָט נישט געוואָלט צוריהרען זיך צום טרוקענעם שטיקעל ברויט ביז יהושע האָט איהם געגעבען דאָס וואַ־סער צו וואשען זיך.

רבי עקיבא האָט זיך נישט בעקלאַגט וואָס די פיינד האָבען איהם געפייניגט. ער איז נאָך געווען צופרידען מיט די יסורים. וואָס מעהר זיי האָבען איהם געפייניגט אַלץ מוטיגער און פעסטער איז זיין גייסט געוואָרען.

ענדליך האָט טורנוס רופוס ארויסגעגעבען דעם אור־טייל אויף רבי עקיבא'ן. טויט־שטראף. יום־כפור איז בע־שטימט געוואָרען פון שונא צו טויטען דעם גרויסען תנא.

א סך תלמידים זענען דעמאָלט אוועק אויף יום־כפור נאָך קסריה צו זעהן זייער רבי איידער ער גיט אוועק זיין

לעבען אויף קידוש השם. עס איז אויך געקומען רבי עקיבא׳ס טאָכטער דינה. נאָך גרויס מיה איז געלונגען יהושע׳ן צו קריגען ערלויבניש דינה זאָל מעגען זעהן עט־ליכע מינוט איהר פאָטער ווען זי האָט שוין דריי יאָהר נישט געזעהן און ווען זי וועט שוין קיינמאָל נישט זעהן לעבעדיג.

דינה איז געווען זיין איינציג קינד, זיינע זיהן זענען גע־שטאָרבען ביי זיין לעבען. ערב יום כפור פארנאַכט איז דינה אריין אין תפיסה צו איהר פאָטער און מיט א ביטער גע־וויין געוואָרפען זיך אויף זיין האַלז.

— זיי שטיל, מיין קינד, וויין נישט, — האָט רבי עקיבא זי בערוהיגט — אַלץ וואָס גאָט טוט איז צום גוטען.

ער האָט איהר אָנגעזאָגט באַלד חתונה האָבען מיט איי־נעם פון זיינע תלמידים, וואָס וועט זי ווערען און קענען בעזאָרגען מיט אַלעם נויטיגען. ער האָט געבעטען יהושע׳ן אַכטונג געבען אויף איהר און זי בעהאַנדלען ווי א פאָטער. יהושע האָט איהם צוגעזאָגט און רבי עקיבא האָט זיך גע־פיהלט רוהיגער.

אינמיטען שמועס איז אריינגעקומען אַן אויפזעהער און געהייסען דינה׳ן ארויסגעהן, ווייל די צייט איז שוין אריבער.

דער פאָטער מיט דער טאָכטער האָבען זיך געזעגענט אויף אייביג. דינה איז ארויס און יהושע איז מיטגעגאַנגען מיט איהר ביז צום טויער. דאָרט האָבען שוין געוואַרט איה־רע חבר׳טעס אויף איהר, עס איז דאָרט אויך געווען דאָס זעלטען קלוגע מיידעל ברוריה, רבי חנינא בן תרדיון׳ס טאָכטער.

זיי זענען אוועק אין דעם הויז וואָס רבי יוסי בן קסמא האָט אָנגעגרייט פאר זיי. דאָרט האָבען זיך צוזאַמענגע־קליבען אַלע צו בעקלאָגען רבי עקיבא׳ן. רבי יוסי בן קסמא האָט אָבגעגעבען גרויס כבוד די רוימער, ער האָט געזאָגט אַז רוים איז פון הימעל בעשטימט געוואָרען צו הערשען. האָבען דערפאר די רוימער איהם אויך אָבגעגעבען גרויס עהרע און אַז ער האָט געבעטען אַן ערלויבניש צו בעקלאָגען רבי עקיבא׳ס טויט, האָבען זיי איהם געגעבען.

יום כפור, מיט'ן טאָג צוגלייך, האָבען די רוימער ארויס־געפיהרט דעם אַלטען תנא רבי עקיבא אויפ'ן מארק און ארויפגענומען אויף דער בימה, וואס זיי האָבען אויסגעבויט פאר איהם.

טורנוס רופוס און זיינע עלטסטע זיינען געשטאנען לעבען דער בימה און דאס גאנצע פאָלק האָט אָנגעפילט דעם מארק. די הענקערס האָבען אראָפּגעריסען די קליידער פון איהם און מיט אייזערנע קאמען געקעמט זיין לייב ביז די ביינער האָבען זיך ארויסגעזעהן און א טייך בלוט האָט זיך געגאָסען. רבי עקיבא האָט זיך אָבער געשטארקט איבער זיינע אונמענשליכע יסורים און מיט גרויס פרייד אָבגעגעבען גרויס לויב צו גאָט. טורנוס רופוס האָט גע־שטוינט און געזאָגט:

— אלטער, ווי אזוי האלטסטו אוים די מורא'דיגע פיין ? ! ביזט א מכשף!

—איך בין נישט קיין מכשף, נישט קיין זוהן פון א מכשף — האָט דער הייליגער תנא איהם געענטפערט — איך פרעה מיך מיט מיין גאָט, וואָס האָט מיר געהאָלפען איך זאָל קענען אָבגעבען מיין לעבען אויף קידוש השם!

און צו די תלמידים האָט רבי עקיבא געזאָגט:

—פרעהט זיך מיט מיר, קינדער מיינע, איך האָב זוכה געווען צו הייליגען גאָט'ס נאָמען פאר די אויגען פון דער וועלט. מיין גאנץ לעבען האָב איך מיך מצער געווען ווען וועל איך שוין קענען אָבגעבען מיין לעבען פאר גאָט'ס נאמען? איצט האָט גאָט דערפילט מיין פערלאנג. היינט האָב איך עס דערלעבט!

עס איז געקומען די צייט צו לייענען קריאת שמע. האָט רבי עקיבא זיך געשטארקט, צוזאמענגענומען די לעצטע כחות און הויך געזאָגט:

שמע ישראל, ד' אלקינו, ד' א — — ח — — ד ! ! ! !

אחד האָט ער אזוי לאנג געצויגען ביז די נשמה איז איהם אויסגעגאנגען.

— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

באלד איז געוואָרען א שרעקליכער שטורם. וואָלקענס

האָבען זיך געטראָגען אויף קסריה. דער שטורם ווינד האָט געבראַכט בערג זאַמד פון ברעג און געשמיסען אויף דער שטאָדט. עס האָט שרעקליך געדונערט און געבליצט. דער ים האָט זיך ווילד צוקאָכט און זיינע שוואַרצע כוואַליעס האָבען זיך מיט שטורם געוואָרפען אויף דער שטאָדט ווי זיי וואָלטען זי געוואָלט פערפלייצען.

באַלד האָט די ערד אָנגעהויבען ציטערן, דער הימעל האָט זיך געעפענט און אַ פייעריגער רעגען האָט זיך גע־גאָסען. אין דעם שטורם און ציטערניש האָבען די אידען געהערט מלאכים שרייען אין הימעל צו גאָט און פרעגען:

—רבונו של עולם! איז דאָס דער לוין פאַר לערנען דיין תורה?!

די שוואַרצע וואָלקענס האָבען זיך צושפּאָלטען. אַ בלויער הימעל מיט אַ ליכטיגע זון האָט זיך בעוויזען. די זון האָט געשיינט מיט אַ זעלטען ליכט. און פון ליכטיגען הימעל האָט זיך געטראָגען דאָס געזאַנג פון די מלאכים:

—וואויל איז דיר, רבי עקיבא, ביזט אָנגעברייט צו עולם הבא!

אין הימעל האָט מען זיך געפרעהט וואָס די נשמה פון הייליגען צדיק איז אַרויף אויבען. אויף דער ערד איז גרויס געוועזען דער טרויער. אַלע אידען האָבען שרעקליך געקלאָגט און געיאָמערט.

נאָכדעם ווי די נשמה איז איהם געוועזען אויסגעגאַנגען און די אידען האָבען געוואָלט נעמען קובר זיין דעם קדוש, האָט טורנוס רופוס, וועה צו טהאָן די אידען, געהייסען איהם צוריקלייגען אין תפיסה און אַרומגעשטעלט אַ שטאַר־קע וואַך, די אידען זאָלען איהם נישט אַרויס׳גנב׳ענען.

די אידען האָבען זיך אומגעקערט אין טרויער הויז. אַ גאַנצען טאָג האָבען די חכמים און תלמידים מיט הייסע טרערען געדאַוועט און בעוויינט די פריהריגע קדושים וואָס זענען אומגעקומען דורך די פיינד׳ס הענד.

צו מנחה האָבען זיך אויפגעשטעלט די עלטסטע פון די תנאים מספיד זיין רבי עקיבא׳ן.

—איך געדענק — האָט אַ תנא געזאָגט — אין בית המדרש פון רבי אליעזר הגדול, איז געוועזען אַ שטיין וואו

רבי עקיבא פלעגט זיצען און לערנען. איז איינמאל רבי יהושע, רבי עקיבא'ס רבי אריינגעקומען און געקושט דעם שטיין און געזאגט:

„אט דער שטיין איז געגליכען צום בארג סיני און רבי עקיבא וואס זיצט אויף איהם איז געגליכען צום ארון מיט די לוחות." אט האט מען היינט געזעהן ווי די רוימער האבען דעם קדוש וטהור געקעמט זיין לייב מיט אייזענע קאמען.

— דער ארון מיט די לוחות איז געווארען געפאנגען — האט רבי חנינא בן תרדיון געשריגען און דאס גאנצע פאלק האט אויסגעבראכען אין יאמער. — די פלשתים האבען צו־גערויבט אונזער ארון מיט די לוחות! וועט רבי עקיבא ליגען ווי די הרוגים אין ביתר און מען וועט איהם נישט קענען מקבר זיין? וועה איז אונז, וואס מיר האבען דאס דער־לעבט!

— אוי, וועה געשריגען! וועה! וועה! וועה! — האט רבי יהודה בן בבא געיאמערט, — איך געדענק אויך דאס בית־המדרש פון רבי אליעזר. איין מאל האט רבי עקיבא פער־שפעטיגט צו קומען, ווען ער איז געקומען איז אין בית־המדרש שוין נישט געווען קיין ארט פאר איהם. האט ער זיך אוועקגעזעצט אין דרויסען און געלערנט.

האט מען געפרעגט א הלכה און קיינער האט נישט געוואוסט, האט מען געפרעגט א צווייטע שאלה און א דרי־טע און קיינער האט נישט געוואוסט, האבען די תלמידים געשריגען און געזאגט:

— די תורה איז אין דרויסען! רבי עקיבא איז אין דרויסען!

אלע זענען ארויסגעגאנגען און אריינגענומען רבי עקיבא'ן און איהם אוועקגעזעצט אויבען־אן לעבען רבי אליעזר'ן. רבי עקיבא איז אבער געווען א גרויסער עניו און ער האט זיך נישט געוואלט זעצען אויבען־אן. ער איז בע־סער געזעסען ביי די פיס פון זיין געוועזענעם רבי, רבי אליעזר.

אויך איצט איז רבי עקיבא אין דרויסען! — האט רבי יהודה בן בבא ביטער געשריגען — זיין גוף וואלגערט זיך

אויף א טמא ערד, דער פיינד לאָזט איהם נישט ברענגען צו קבר ישראל! וועה איז אונז וואָס אזא אומגליק איז אינז געשעהן!

יהושע איז ארוים אויף א ווילע און אריינגעגאנגען צו דינה׳ן זעהן וואָס זי מאכט. זי האָט שוין נישט געהאט קיין כח צו וויינען. ווי זי האָט אָבער איהם דערזעהן האָט זי זיך געשטארקט און איהם געהייסען טאָן א זאך, וואָס האָט אַלע־מען בעוויזען, אז זי איז ווערט צו זיין רבי עקיבא׳ס טאָכ־טער.

יהושע האָט זי געפאָלגט און זיך אומגעקערט אין טרויער־הויז. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט און געזאָגט:

— מורי ורבותי! איך וויל אייך עפּיס דערצעהלען. איהר האָט דאך געקענט אונזער רבין׳ס רבי, איך מיין רבי טרפון. ער איז געווען א גרויסער עושר. איז איינמאָל רבי עקיבא אריינגעגאנגען צו איהם און געזאָגט:

— רבי טרפון, איהר ווילט איך זאָל קויפען פאר אייך א טייערע נחלה? עס טרעפט זיך מיר א גרויסע מציאה.

רבי טרפון איז בעשטאנען און האָט איהם געגעבען פיער טויזענט גאָלדענע רענדלעך צו קויפען די טייערע נחלה.

רבי עקיבא האָט דאָס געלד צוטיילט צווישען זיינע אָרי־מע תלמידים.

טרעפט רבי טרפון רבי עקיבא׳ן און ער פרעגט איהם:

— וואו איז די נחלה וואָס דו האָסט געזאָלט קויפען?

האָט רבי עקיבא איהם אָנגענומען פאר דער האנד, אריינגעפיהרט אין בית המדרש און איהם געוויזען אין תהלים, וואו עס שטעהט געשריבען, אז "דער וואָס גיט הילף צו אָרימע לייט בלייבט זיין צדקה אויף אייביג". ער האָט איהם געוויזען די שורות תלמידים זיצען און לערנען און ער האָט געזאָגט:

— רבי, דאָס איז די נחלה וואָס איך האָב געקויפט פאר אייך.

האָט רבי טרפון איהם געקושט אין קאָפּ און געזאָגט:

— ביזט מיין רבי און לעהרער!

איצט ליגט דער גוף פון אונזער הייליגען רבי אין תפיסה און קען נישט קומען צו קבר ישראל. געפינט זיך

נישט צווישען די טויזענטער תלמידים וואָס ער האָט זיי געשפּייזט און געלערנט תורה אפילו איינער, וואָס זאָל איינשטעלען זיין לעבען און ארויסנעמען דעם גוף פון דעם קדוש ?

אַלע האָבען אויפגעציטערט און עס האָט זיך נישט געפונען איינער וואָס זאָל וואגען דאָס צו טאָן, אזוי מורא האָבען זיי געהאַט פאר די רוימער.

— ווען רבי עקיבא וואָלט געלעבט און מען וואָלט געדארפט אזא געפעהרליכע זאך טאָן פאר אן אנדערן, וואָלט ער שוין געהאַט דעם מוט דאָס צו טאָן — האָט געזאָגט רבי חנינא בן תרדיון.

— האָב איך נאָך עפּיס צו זאָגען — האָט יהושע זיך געווענדעט צו די יונגע תלמידים — ווער עס וויל קריגען דינה'ן, די טאָכטער פון אונזער קדוש פאר א ווייב זאָל זיך איינשטעלען און מיר העלפען ארויס'גנב'ענען רבי עקיבא'ס גוף פון תפיסה. אין איהר נאָמען רעד איך איצט. זי איז שעהן, רייך און פון גרעסטען יחוס. ווער נעמט זיך אונטער ?

אינדעם האָט זיך געעפענט די טיר און עס איז אריינגעקומען דינה. איהר וויים פּנים האָט ארויסגעשיינט פון שווארצען שלייער ווי די לבנה פון א פינסטערן הימעל. די אויגען אראָפּגעלאָזט און די רעכטע האנד אינדערהויך ווי צו א שבועה. פּלוצלינג איז איהר פּנים פערגאָסען געוואָרען מיט א פייערדיגע רויטקייט און מיט א ציטעריגע שטימע האָט זי געזאָגט :

— איך שווער ביי גאָט פאר די היילינגע תנאים, אז אַלץ וואָס רבי יהושע פון גרסה האָט איצט געזאָגט איז אמת.

אויף דער מזרח־וואנט איז געוואָרען א גערודער. איינער פון די תלמידים, דער יונגער בחור יהושע בן כפוסאי, וואָס איז געווען רייך און געלערנט און העכער און שענער פון זיינע חברים, האָט זיך אויפגעשטעלט און דערקלערט :

— איך שווער ביי גאָט פאר די תנאים, אז איך בין גרייט צו טאָן דאָס וואָס רבי יהושע פון גרסה און רבי עקיבא'ס טאָכטער פערלאַנגען. און אז גאָט וועט זיין אין מיין הילף און איך וועל ארויסנעמען רבי עקיבא'ס ביינער

פון תפיסה, וועל איך זיי בעגראָבען אין די קברים פון מיינע עלטערן. און אז די איידעלע טאָכטער וועט דעמאָלט מיך וועלען פאר א מאן, וועל איך זי נעמען פאר א ווייב. איך וועל אָבער נישט נעמען איהר פערמעגען, מען זאָל נישט זאָגען, אז צוליעב איהר גרוים פערמעגען האָב איך דאָס גע־טאָן. איך וועל איהר פערמעגען אוועקגעבען אויף צדקה.

— זיי געבענטשט! — האָבען אַלע געזאָגט אויף אמאָל — זאָל גאָט זיין אין דיין הילף!

— איך דענק, אז צוויי מענשען וועלען נישט קענען ארויסטראָגען רבי עקיבא'ן — האָט זיך אָנגערופען רבי חנינא בן תרדיון — ער איז געוועז הויך און פעסט, עס דאַרף זיין א דריטער. ווער נאָך נעמט זיך אונטער?

א שעהנער יונגער בחור, רבי מאיר, וואָס האָט געמאכט לייכטען די אויגען פון די חכמים אין לערנען, איינער פון די נעהנסטע תלמידים פון רבי עקיבא'ן, האָט זיך אויפגע־הויבען און געזאָגט:

— איך געה.

— וואויל איז דיר! — האָבען אַלע תנאים איהם גע־זאָגט — דער זכות פון רבי עקיבא'ן זאָל אייך ביישטעהן!

דאָ האָט זיך געעפענט די טיר און עס איז אריין די שעהנע געלערנטע ברוריה, רבי חנינא'ס טאָכטער. זי האָט זיך געשטעלט לעבען דינה'ן און א פעררויטעלטע געזאָגט:

— טאַטע, זיי נישט בייז, איך וויל עפּעס זאָגען. צוויי בחורים שטעלען איין זייער לעבען. רבי עקיבא האָט נאָר איין טאָכטער. וואָס וועט זיין מיט דעם צווייטען בחור? איך וויל זיין די פרוי פון דעם צווייטען דערפאר וואָס ער נעמט זיך אונטער מיט מוטה און שטעלט איין זיין לעבען פאר דעם קדוש. אז גאָט וועט העלפען און ער וועט צוריק קומען געזונדערהייט וועט ער מיך מקדש זיין און איך וועל געהערען צו איהם אויף אייביג.

די יונגע ברוריה איז געוועז בעריהמט מיט איהר שעהנ־קייט און חכמה. זי האָט געלערנט תורה ווי אַלע תלמידים. א סך מאָל האָט זי זיי בעזיעגט אין לערנען. רבי מאיר האָט זי ליעב געהאַט. זי האָט איהם אויך געוואָלט, נאָר איהר

פאַטער רבי חנינא האָט אַלץ נישט געוואָלט, ווייל ער איז נאָך געווען צו יונג פאַר איהם.

איצט איז אָבער רבי חנינא אויך נישט געווען געגען דעם און ער האָט געזאָגט:

— איך שווער ביי גאָט פאַר מיינע חברים צו האַלטען דעם נדר וואָס מיין טאָכטער האָט איצט געגעבען. מאיר! אויב גאָט וועט זיין אין דיין הילף, וועסטו קריגען ברוריה׳ן און איך וועל דיך האַלטען ווי אַן אייגען קינד.

אַמאָליגע צייטען פלעגען אידישע בחורים און מיידלעך שליסען שדוכים אין די טעג פון פרייד. דער איצטיגער יום־כפור איז געווען אַ טאָג פון שווערען טרויער. און צוויי בע־ריהמטע תלמידי חכמים האָבען איצט געשלאָסען אַ שדוך מיט זייערע בעשערטע, אָבער פריהער שטעלען זיי איין דאָס לעבען אין געפאהר, ווער ווייס צו זיי וועלען זיך אומקערען לעבעדיג?

דאָס בילד איז געווען מורא׳דיג און פול היילינקייט. יהושע האָט געקוקט אויף די צוויי יונגע כלות און ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין יונגערהייט אומגעקומענער טאָכטער אביגיל. ווען זי וואָלט געלעבט, וואָלט זי דאָך שוין אויך געווען אַ כלה.

ער האָט שטאַרק געוויינט. די תנאים האָבען איהם גע־פרעגט וואָס ער וויינט און ער האָט זיי דערצעהלט זיין איי־גען אומגליק.

— הלואי זאָל אונזער חלק אין גן עדן זיין אַזוי ווי איהר חלק! — האָבען אַלע געזאָגט מיט בעוואונדערונג.

אין אווענד האָבען אַלע געגעסען נאָכ׳ן גרויסען תענית. יהושע פון גרסה, יהושע בן כפוסאי און רבי מאיר האָבען זיך פאַרשטעלט פאַר רוימישע מיליטער עלטסטע און זענען אוועק צו דער תפיסה. דאָרט האָבען זיי געזאָגט, אַז טורנוס רופוס האָט זיי געהייסען מאַכען אַ רעוויזיע צי אַלץ איז אין אָרדנונג.

זיי זענען דורכגעגאַנגען אַלע תפיסה־קאַמערן און גע פונען אַלץ אין אָרדנונג און שטאַרק געלויבט די וועכטער. זיי האָבען נאָך צוגעזאָגט דעם הויפט־אויפזעהער, אַז זיי

װעלען איהם און זיינע לײט ריהמען פאר׳ן גובערנאטאָר ער זאָל העכערען זייער לוין.

דערנאָך האָט יהושע בן כפוסאי ארויסגענומען געלד און זיי געהייסען קויפען וויין און טרינקען.

— דאָס קריגט איהר פון מיר, ווייל איהר זענט אזוי געטריי.

זיי האָבען געבראכט וויין און געטרונקען. בן כפוסאי האָט אריינגעמאָן א שלאָף־געטראַנק אין דעם וויין און זיי זענען באלד אריינגעפאלען אין א פעסטען שלאָף.

דעמאָלט זענען זיי דריי אריין אין דער קאַמער וואו רבי עקיבא איז געלעגען, זיי האָבען איהם גענומען אויף די פלייצעס און ארויסגעטראָגען. אין דער פינסטערער נאכט האָט זיי קיינער נישט בעמערקט און זיי האָבען איהם אוועקגעטראָגען צו די פאמיליען קברים פון בן כפוסאי.

אין איינע פון די קברים אין דער הייהל, וואו עס איז גע־שטאַנען א בעט, א טיש, א שטוהל און א מנורה, האָבען זיי דעם גוף פון קדוש אוועקגעלייגט אויפ׳ן בעט, אנגעצונד־ען די מנורה און שטילערהייט ארוים.

אז זיי זענען בשלום צוריקגעקומען האָבען די תנאים געלויבט גאָט פאר דעם חסד, רבי עקיבא איז ענדליך געקומען צו קבר ישראל. די צוויי יונגע בחורים האָבען מקדש געווען זייערע כלות און חתונה געהאט כדת משה וישראל.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די אַנדערע תנאים זענען אויך געפאַנגען געוואָרען פון די רוימער און אומגע־קומען אויף קידוש השם מיט א גרויזאמען טויט. רבי יהודה בן בבא און רבי חנינא בן תרדיון זענען געווען צווישען זיי.

א סך זענען זיך צולאָפען נאָך בבל ווי רבי מאיר מיט זיינע חברים און אַנדערע מיט יהושע׳ן פון גיסה האָבען זיך בעהאַלטען אין הייהלען ביז די ביטערע צייט איז אריבער.

לאַנג האָט האדריאן שוין נישט געלעבט. דריי יאָהר נאָכ׳ן חורבן ביתר איז ער געשטאָרבען מיט א שרעקליכען טויט. אויף זיין אָרט איז געוואָרען קייזער אנטאנינוס און ארנטליכער און גערעכטער הערשער. ער האָט אראָפּגע־זעצט דעם גרויזאמען טורנוס רופוס און בעשטימט א בע־סער׳ן גובערנאטאָר איבער ארץ ישראל.

דער נייער גוב.ערנאטאָר האָט די בייזע גזרות אָבגעשאַפט און די אידען האָבען מיט נייע כחות גענומען אויפבויען זייערע ווינקע הרימען, וואָס די בייזע רוימער האָבען צושטערט.

---

יהושע פון גרטה האָט אין יאָהר דריי טויזענט הונדערט אכט און נײַנציג אָנגעשריבען די מגלה. און מיט די פריהערדיגע צוגעשיקט נאָך אנטאכיען צו זיין זוהן הלל צוזאַמען מיט דעם שיכעל, וואָס ער האָט געפונען אין דער האַנד פון זיין טויטע פרוי. דאָס איז געווען אביגיל'ס שיכעל. און ער האָט איהם אזוי געשריבען:

"הלל, מיין טייערער זוהן!

דערמאָן זיך אין דיין גוטע מאַמע וואָס האָט איינגעשטעלט איהר לעבען פאַר דיר מיט דיין אומגעקומענע שוועסטער אביגיל. געדענק אויך דיין שוועסטעריל, זי כיעג פערדעכענט ווערע צווישען די קדושים פון אונזער פאָלק. האַלט טייער דאָס שיכעל, דאָס איז דער איינציגער אנדענקען פון איהר, דאָס איינציגע איבערבלייבעניש פון דעם ריינעם הייליגען קינד.

זי האָט בעסער געוואָלט שטאַרבען איידער צו פערטאַמריינינען איהר ריינע נשמה. איהר גוף איז אראָפּ צום אָבגרונד, איהר הייליגע נשמה איז אָבער געגאַנגען אין הימעל אריין, צו גאָט.

זאָל גאָט זי געדענקען צום גוטען צוזאַמען מיט אַלע אונזערע צדיקים.

האַלט טייער, מיין זוהן, דאָס שיכעל און די מגלה וואָס בעשרייבט אונזער'ע אייגענע איבערלעבונגען און אויך די מגלות וואָס אונזערע זיידעס האָבען געשריבען.

איך קען נישט קומען צו דיר נאָך אנטאכיען, ווייל איך מוז דאָ מיט מייגע ברידער אויפבויען די פערוויסטע הייכען.

זיי געבענטשט, מיין זוהן, זאָלען זיין געבענטשט דיינע ערציהער דער גרויער יוחנן בן יוסי און זיין גוטע פרוי אפּאָלאָניא פאַר זייער גענאָד וואָס זיי טוען דיר. זאָל גאָט אונז העלפען און די גאולה זאָל קומען אין אונזערע צייטען.

זאָל דאָס פינסטערניש אַרום אונז פערשווינדען און זאָל שוין גאָט מאַכען ליכטיג פאר זיין פאָלק.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאטער יחושע פון גרסה, דער זוהן פון יהודה, א זוהן פין שמעון בן יאיר, וואָס שטאַמט פון הלל הנשיא, פון מלכות בית דוד".

# רב און שמואל

נאָך האדריאן׳ס טויט האָבען די אידען א צייט לאַנג ניט געליטען פון רוים.

אנטאָניוס פיוס וואָס האָט געקעניגט נאָך האדריאנ׳ען איז געווען א גערעכטער קייסער און ער האָט איינציגוויים פערקערט, וואָס איך וויל.

נאָך איהם איז געוואָרען קייסער זיין איידים מארקוס ארעליוס, יועמען מען האָט גערופען: דער פילאָזאָף.

ער האָט ליעב געהאט דענקען בעסער ווי פיהרען קריעג. האָט ער די רעגיערונג געטיילט מיט זיין פעלד־מארשאל לוציים ווייר׳ס. ווירוס האָט געהערשט איבער דעם אָריענט.

די פארטיער האָבען דעמאָלט דערקלערט קריעג צו רוים. ווירוס האָט זיי אָבער בעזיעגט און איינגענומען דאָס לאַנד. ער האָט זיך שטארק נוקם געווען אן די אידען וואָס האָבען געוואוינט אין פארטיען, ווייל זיי זענען געטריי צו די פארטיער.

דאָס איז איהם נאָך געווען ווייניג. ער האָט געוואָלט בעשטראפען די אידען וואָס האָבען געוואוינט אין אלע לענדער פון זיין הערשאפט. נאָר רבי יהודה הנשיא, רבנו הקדוש, האָט זיך איינגעשטעלט פאר זיי און ער האָט דעמאָלט געראטעוועט די אידען פון אונטערגאַנג.

---

רבי יהודה הנשיא איז געווען דער זיהן פון רבן שמעון בן גמליאל דער צווייטער. ער איז געבוירען געוואָרען דעם יום־כפור, ווען ר׳ עקיבא איז אומגעקומען אויף קידוש־השם.

אז די חכמים האָבען געהערט, אז ביים נשיא איז געבוי־רען געוואָרען א יונגעל דעם טאָג ווען רבי עקיבא איז אזוי טראגיש אומגעקומען, האָבען זיי געזאָגט :

— "די זון איז אונטערגעגאנגען און די זון איז אייפ־געגאנגען"...

דעמאָלט האָט האדריאן ארויסגעגעבען די ביטערסטע גזרות אויף אידען. יעדער איד וואָס האָט מל געווען זיין קינד האָט מען איהם אָבגעהאקט דעם קאָפּ.

רבי שמעון בן גמליאל האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לע־בען און מל געווען זיין קינד און א נאָמען געגעבען : יהודה.

דער רשע טורנוס רופוס, דער גובערנאָטאָר, איז געוואָהר געוואָרען, אז דער נשיא האָט מל געווען זיין קינד, האָט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל צו ברענגען דאָס קינד מיט די עלטערן און ער וועט זעהן צי ס'איז אמת.

ער וואָלט אומגעבראכט דעם נשיא מיט זיין ווייב און קינד. נאָר דעם גובערנאָטאָר'ס פרוי האָט זיך דערבארמט אויף זיי. און זי האָט אויך דעמאָלט געהאט א קינד, האָט זי פערביטען איהר קינד אויף דעם נשיא'ס. דער גובערנאָ־טאָר האָט נאָכגעזעהן זיין אייגען קינד און דער נשיא מיט זיין פאמיליע איז געבליבען לעבען. און דאָס גאנצע לאנד האָט געקלונגען מיט דעם גרויסען נס.

רבי יהודה איז געוואקסען גרויס אין תורה און קלוג־שאפט. אז ער איז אַלט געוואָרען דריי־און־דרייסיג יאָהר איז זיין פאָטער רבי שמעון געשטאָרבען און ער איז געוואָרען נשיא.

ער איז געווען זעהר בעריהמט פאר זיין געלערנטקייט און גרויס חכמה און איז געווען זעהר רייך. דער קייסער אנטאנינוס האָט איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד און זיך גע־עצה'ט מיט איהם אין מלוכה־פיהרונג.

רבנו הקדוש האָט פיינט געהאט דעם סירישען זשארגאָן וואָס דאָס פאָלק האָט גערעדט און ער האָט געפאָדערט, אז אידען זאָלען רעדען נאָר העברעאיש און גריכיש. ביי זיך אין הויז האָט מען גערעדט נאָר העברעאיש. זיינע תלמידים האָבען איבער דעם סירישען זשארגאָן שוין פערגעסען א סך העברעאישע ווערטער, נאָר ארייגגעהענדיג צו רבנו הקדוש

אין הויז, האבען זיי זיך אויסגעלערנט די ווערטער אפט הערענדיג זיי פון רבי'ס דינסטמויד, וואס האט גערעדט גוט העברעאיש.

ער האט געגעבען א סך צדקה. אין הונגער־יאהרען האט ער געעפענט זיין קאסע און ברייט געטיילט געלד צו ארימע לייט. פיעל תלמידים האבען שטענדיג געגעסען ביי איהם, ער האט זיי געהאלטען ווי אייגענע קינדער.

רבנו הקדוש האט געטאן גאר א גרויסע זאך וואס האט פעראייביגט זיין נאמען ביי אידען. ער האט מסדר געווען די משנה. אלץ וואס די תנאים פון אלע צייטען האבען גע־זאגט ביז איהם האט ער אויפגעשריבען, עס זאל בלייבען אויף אייביג.

ווי קלוג און בעריהמט ער איז געווען אזוי בעשיידען איז ער געווען. ער האט אבגעגעבען כבוד נישט נאר צו זיינע חברים, נאר אפילו זיינע תלמידים האט ער אויך געעהרט און געשעצט ווי זיינע גלייכען.

ער איז געווען א קראנקער מאן און תמיד געליטען גרוי־סע יסורים, האט ער דעריבער געוואוינט אין צפורי, ווייל זי איז א בארג־שטאדט און איהר לופט איז זעהר געזונט. ער האט פאר ליעב גענומען די שרעקליכע יסורים אין זיך קיינ־מאל נישט בעקלאגט. ער האט געזאגט, אז ער איז ווערט די יסורים, ווייל ער האט זיך איינמאל פערזינדיגט.

איינמאל האט מען געפיהרט א קעלבעל צו דער שחיטה. דאס קעלבעל האט זיך ארויסגעריסען פון דעם פיהרער און מיט געוויין געלאפען צו רבנו הקדוש און זיך בעהאלטען אונטער זיין מאנטעל, געוואלט זיך ראטעווען פון טוים.

רבנו הקדוש האט אבער אוועקגעשטופט דאס קעלבעל און געזאגט:

— געה, געה, ביזט געשאפען געווארען מען זאל דיך שעכטען...

שפעטער האט ער געהאט דערפון גרויס צער און זיך נישט געקענט בערוהיגען. עס האט איהם באנג געטאן וואס ער האט נישט געראטעוועט דאס קעלבעל.

איינמאל האט זיין דינסט געפונען אין שטוב א נעסט

פון וויזעלעך, האָט זי זיי געוואָלט דער׳הרג׳ענען. רבי האָט דאָס דערזעהן און איהר אָנגעזאָגט זי זאָל זיי לאָזען צורוה. און ער האָט געזאָגט :

— גאָט׳ס רחמנות איז אויף אַלע זיינע בעשעפעניששען...

דעמאָלט האָט רבנו הקדוש אָנגעהויבען פיהלען בעסער. ער האָט שוין נישט געליטען מעהר קיין יסורים און איז געוואָרען געזונד.

אַז רבנו הקדוש איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען און מען האָט געוואוסט, אַז ער געהט שטאַרבען, האָבען די חכמים גוזר תענית געווען און איינגעריסען די הימלען. זיי האָבען אויך געזאָגט, אַז דער וואָס וועט אָנזאָגען אַז : ״רבי איז געשטאָרבען״, וועט דערשטאָכען ווערען מיט אַ שווערד.

ווען רבי איז געשטאָרבען איז בר קפרא ארויסגעקומען פון זיין חדר און געזאָגט אַזוי :

— די מלאכים פון הימעל מיט די קינדער פון דער ערד האָבען אָנגעכאַפּט דאָס ארון קודש. יעדער האָט עס געוואָלט פאַר זיך. די מלאכים האָבען געזיעגט. דאָס ארון קודש איז געפאַנגען.

פון דעם האָבען אַלע פארשטאַנען, אַז רבי איז געשטאָרבען. זאָגען דאָס ארויס קלאָר, האָט בר קפרא מורא געהאַט.

פאַר׳ן טויט האָט רבנו הקדוש אָנגעזאָגט אַז מען זאָל איהם נישט מספיד זיין. די אידען פון אַלע שטעדט ארום האָבען זיך אָבער צוזאַמענגעקליבען נאָך צפורי און אין אכצעהן שוהלען האָט מען איהם בעקלאַגט און בעוויינט.

זיי האָבען איהם געפיהרט נאָך בית שערים, וואו זיין פּאַלאַץ איז געשטאַנען און דאָרט קובר געווען. זיין זוהן רבי גמליאל איז געוואָרען נשיא.

אין דער צייט ווען די אידען אין ארץ ישראל האָבען אַזוי פיעל געליטען, האָבען די אידען אין בבל געלעבט זעהר רוהיג און זיכער. נאָך אין די צייטען ווען כורש מלך פּרס האָט ערלויבט די אידען פון בבל זיך אומקערען נאָך ירושלים, זענען אַ סך אידען פערבליבען אין בבל. זיי האָבען דאָרט געהאַט הייזער, פעלדער און וויינגערטנער, געלעבט רוהיג און צופרידען און האָבען נישט געוואָלט פערלאָזען זייערע רוהיגע היימען.

ווען אפילו בבל איז איבערגעגאנגען פון האנד צו האנד. דאס ערשטע צו די פערסער דערנאך צו די גריכען און שפע־טער צו די פארטיער, זענען אלץ די אידען געווען רוהיג, קיינער האט זיי נישט געמאן קיין בייז.

זיי זענען שטענדיג געווען געטריי דער רעגירונג און עהרליך געדינט און געהאלפען רייך מאכען דאס לאנד. עס איז זיי זעהר גוט געווען אין בבל. זיי האבען אפילו געהאט אן אייגענעם הערשער, דער ״ריש גלותא״ (דער הויפט, עלטסטער, פון גלות) ער איז געווען דער אידישער אויבער־ריכטער. גע׳משפט די אידען לויט די געזעצען פון דער תורה. דער ריש גלותא איז געווען פעררעכענט צווישען די העכסטע אמטען אין רעגיערונג. ער איז געווען דער פערטער ראנג פון קעניג. די עלטסטע פון די אידען האבען איהם אויסגעקליבען און דער קעניג האט זיין וואהל בעשטעטיגט.

אזוי ווי די נשיאים אין ארץ ישראל האבען געשטאמט פון מלכות בית דוד זענען אויך די אידישע הערשער, די ריש־גלותא׳ס אין בבל ארויסגעקומען פון דוד המלך. זיי זענען געווען די אור־אייניקלעך פון זרובבל בן שאלתיאל. זרובבל האט אומגעקערט די אידען פון בבל נאך ארץ ישראל, ער האט זיי דארט בעפעסטיגט און דערנאך אליין זיך אומגע־קערט נאך בבל און דארט פערבליבען אויף שטענדיג. דאס פאלק האט שטארק ליעב געהאט דעם ריש גלותא און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און שטאלצירט מיט איהם.

די נשיאים פון ארץ ישראל מיט די ריש גלותא׳ס אין בבל האבען זיך אויך שטארק ליעב געהאט און איינער יעם אנדערן שטארק געשעצט. די אידען פון בבל האבען שטענדיג געשיקט א סך מתנות און שטייערן נאך ארץ ישראל פאר׳ן בית המקדש און שפעטער אויך. און דערפאר האבען זיי פון ארץ ישראל געקראגען די גייסטיגע השפעה. די תורה הא־בען זיי געקראגען פון ארץ ישראל.

ארץ ישראל איז געווען דער תורה צענטער אפילו נאכ־דעם ווי ירושלים איז געווען חרוב. נאר אין רבנו הקדושס פאטער׳ס צייטען האבען די אידען פון בבל זיך געוואלט אב־רייסען פון דעם ארץ ישראל׳דיגען איינפלוס, נישט מעהר צוהערען זיך צו די תנאים פון ארץ ישראל און ווערען אין

דעם זין אומאבהענגיג. דער נשיא האָט זיך אָבער אוועקגע־שטעלט פעסט און נישט דערלאָזט דערצו.

דאָס איז געווען אין האדריאן'ס צייטען. דער גרויזאַמער קייסער האָט שטארק אונטערדריקט די אידען. איז דעמאָלט רבי חנניה, דער ברודער פון רבי יהושע הלוי אוועק פון ארץ ישראל און זיך בעזעצט אין בבל, וואו די אידען האָבען גע־לעבט זעהר גוט.

אזוי ווי ער האָט געוואוסט, אז די לאַגע פון די אידען אין ארץ ישראל איז זעהר שרעקליך, האָט ער בעשלאָסען צו גרינדען אין בבל א גרויסען תורה־צענטער. ער האָט זיך בע־זעצט אין נהר פקוד, לעבען נהרדעא, צוזאמענגענומען זיבע־ציג חכמים און געמאכט זיי פאר א סנהדרין און ער איז גע־וואָרען דער עלטסטער. איינעם פון זיי, אחיה, האָט ער בע־שטימט אלס זיין געהילף. זיי האָבען זיך געפיהרט ווי דאָס סנהדרין אין ירושלים.

אזוי ווי אין ארץ ישראל איז דעמאָלט געווען א שרעקלי־כע אונאָרדנונג צוליעב די בייזע גזרות פון פיינד, זענען די אידען פון בבל צופרידען געווען, וואָס זיי האָבען ווידער א סנהדרין און דערצו נאָך ביי זיך אין בבל.

רבי חנניה האָט אזוי געפיהרט דערצו, אז די אידען פון בבל וואָלטען אינגיכען פערגעסען אָן ארץ ישראל. אז די צייטען זענען געוואָרען בעסער האָט דער נשיא רבי שמעון און דאָס סנהדרין, וואָס איז דעמאָלט געווען אין אושא, גע־שיקט צוויי גרויסע תנאים נאָך בבל צו רבי חנניה'ן און איהם געבעטען, ער זאָל אויפהערען זיין טעטיגקייט, וואָס רייסט אָב די אידען פון הייליגען לאַנד.

ער האָט זיי נישט געוואָלט פאָלגען. האָבען די שלוחים זיך געווענדעט צום פאָלק און געזאָגט:

— שטעהט געשריבען אז "פון בבל געהט ארויס די תורה און גאָט'ס וואָרט פון נהר פקוד?"

— ניין! — האָט דאָס פאָלק געשריגען — "פון ציון געהט ארויס די תורה און פון ירושלים גאָט'ס וואָרט".

— אויב אזוי, טאָ וואָס מאכט איהר אייך דאָ א נייע תורה און איהר הערט שוין גאָרנישט ארץ ישראל? ווילט איהר שוין נישט האָבען קיין חלק אין אידישען גאָט און א

טייל אין דוד בן ישי'ס קינדער ? — האָבען די שלוחים גע־פרעגט.

האָט דאָס פאָלק זיך צואווײנט, אײנגעזעהן אז דאָס אָברייסען זיך פון ארץ ישראל וועט צושפּאַלטען דאָס פאָלק און צוטיילען. פון דעמאָלט אָן האָבען זיי זיך ווידער פער־בונדען מיט ארץ ישראל און געהיט די געזעצען פון דער תורה אזוי ווי עס האָבען געלערנט די תנאים פון ארץ ישראל אונטער דער פיהרערשאַפט פון נשיא.

דער כבוד פון דער תורה האָט זיך צוריקגעקערט אין דער ריכטיגער היים — נאָך ארץ ישראל. די בעסטע תלמידי חכמים פון בבל זענען געגאַנגען נאָך ארץ ישראל לערנען ביי די דאָרטיגע גרויסע תנאים ביז רבנו הקדוש איז גע־שטאָרבען.

דעמאָלט האָבען זיי זיך אומגעקערט נאָך בבל און דאָרט פערשפּרייט די תורה. אזוי ווי אין די ביטערע צייטען איז דאָס לערנען פון דער תורה אין ארץ ישראל געוואָרען גע־מינערט, האָט עס זיך אין בבל זעהר שטאַרק פערגרעסערט און פערשטאַרקט.

---

די לעצטע תנאים פון דער משנה זענען געשטאָרבען. עס זענען אויפגעשטאַנען די ערשטע אמוראים, פון דער גמרא. צווישען די ערשטע אמוראים זענען געווען ר ב און שמואל. זיי זענען געווען געבוירען אין בבל, האָבען געלערנט אין ארץ ישראל און אז זיי האָבען זיך אומגעקערט נאָך בבל האָבען זיי דאָרט געגרינדעט גרויסע ישיבות.

רב, וואָס האָט געהייסען : אבא אריכא, האָט געגרינדעט א ישיבה אין סורא, די שטאָדט לעבען טייך פּרת. ער האָט אויסגעקליבען די שטאָדט, ווייל דאָס פאָלק איז דאָרט גע־ווען שטאַרק פערגרעבט. ער האָט אמאָל געהערט ווי איין פרוי האָט געפרעגט די צווייטע :

— וויפיעל מילך דאַרף איך האָבען אָבצוקאָכען א פונט פלייש ?

האָט ער דאָרט געמאַכט די ישיבה צו פערשפּרייטען די תורה. ער האָט געהאַט צוועלף הונדערט תלמידים, וואָס יע־נען געזעסען און שטענדיג געלערנט.

די מעהרהייט אידען פון בבל זענען געווען דאָרפסלייט, ערד־ארבייטער, האָט רב בעשטימט צוויי חדשים אין יאָהר, אָדר און אלול, ווען אלע זענען געקומען צו איהם און ער האָט געזאָגט פאר זיי תורה.

ער האָט אויך איינגעפיהרט א וואָך פאר יעדען יום־טוב זאָל דאָס פאָלק קומען צו זאיהם און ער האָט זיי געלערנט די דינים פון יום־טוב. דער מנהג איז שטאַרק געווען אנגעלעגט אז אין די טעג ווען רב האָט גע'דרשנ'ט פאר'ן עולם האָט קיין איד נישט געפאָדערט דעם צווייטען צו א דין תורה.

דער ריש גלותא פלעגט קומען צו רב'ן אין ישיבה און איהם אָבגעבען גרויס כבוד. ארטאבאן, דער לעצטער פאר־טישער קעניג, האָט שטארק געשעצט רב'ן און האָט איהם געגעבען טייערע מתנות.

רב האָט אָבער געהאַט גרויסע צרות פון זיין ווייב. זי איז געווען א בייזע, א שלעכטע און האָט איהם פערביטערט דאָס לעבען. וואָס ער האָט איהר געזאָגט, האָט זי געטאָן פערקערט. האָט ער זי געבעטען אָבקאָכען פאר איהם א גע־קעכץ האָט זי דוקא געקאָכט עפּיס אנדערש, ער זאָל האָבען פערדראָס.

ער פלעגט אָפט זאָגען אזוי : ”די גרעסטע וועהטאָג איז הארצווייטאָג און דאָס ערגסטע שלעכטס איז א שלעכטע פרוי”. דאָך האָט ער אלץ גענומען פאר ליעב. שטיל געלי־טען און זיך נישט געקריגט מיט איהר. און האָט נאָך גע־זוכט א זכות פאר די פרויען און געזאָגט :

”די ווייבער פיהרען דאָך די קינדער אין חדר. זיי לאָזען אונז געהן לערנען און ווארטען אויף אונז ביז מיר קומען אהיים”.

ווען זיין זוהן חייא איז אויפגעוואקסען. איז ער געגאנגען אין שליחות פון פאָטער צו דער מוטער. און ער האָט עס גע־טאָן קלוג. ער האָט געוואוסט אז די מוטער טוט אלץ פערקערט וואָס דער פאָטער וויל, האָט ער זיך אן עצה געגעבען. און וואָס דער פאָטער האָט איהם געהייסען זאָגען דער מאַמען האָט ער געזאָגט, פערקערט, האָט די מוטער דאָך, ווי איהר שטייגער איז געווען, געטאָן פערקערט וואָס ער האָט איהר געזאגט און געטאן גראד דאס וואס רב האט געוואלט.

רב האָט זיך געוואונדערט און צופרידען געזאָגט צום זוהן:

— די מאַמע איז בעסער געוואָרען, זי טוט שוין נישט פערקעהרט, וואָס איך וויל.

דער זוהן האָט געשוויגען. ווען רב האָט אָבער געזעהן, אז אין אלסדינג איז זי געבליבען די זעלבע מרשעת, האָט ער זיך געוואונדערט וואָס אַלץ וואָס ער הייסט זי טאָן דורכ'ן זוהן פאָלגט זי, און ער האָט איהם ווענגען דעם געפרעגט. האָט דער זוהן איהם אויסגעזאָגט, אז ער נאַרט זי דאָס אָב.

— ביזט קלוג, מיין זוהן — האָט רב געזאָגט — מיר איז דאָס גאָר נישט איינגעפאלען. אָבער טו דאָס נישט מעהר. דו געוועהנסט זיך דאָך צו זאָגען ליגען.

אכט־און־צוואנציג יאָהר האָט רב געפיהרט די ישיבה אין סורא און אז ער איז געשטאָרבען איז דאָס גאַנצע פאָלק נאָכגעגאַנגען זיין לויה און איהם שטאַרק בעוויינט. דער טרויער נאָך רב'ן איז געווען אזוי גרויס, אז א גאַנץ יאָהר האָט מען נישט געטראָגען קיין לולב און הדסים צו א חופּה, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען.

אז רב'ס חבר שמואל האָט דערהערט פון רב'ס טויט האָט ער קריעה געריסען אויף צוועלף פּאָר קליידער און געקלאָגט:

— אוי, וועה געשריגען! עס איז געשטאָרבען דער מאַן וואָס איך האָב מורא געהאַט פאר איהם ווי פאר גאָט!

שמואל בר אבא הכהן איז געבוירען געוואָרען אין נהרדעא און איז געווען רב'ס חבר און געלערנט מיט איהם אינאיינעם ביי רבנו הקדוש.

חוץ זיין גרויסקייט אין תורה איז ער געווען שטאַרק געלערנט אין אַלע חכמות פון דער וועלט. ער האָט געקענט גריכיש און רוימיש און איז געווען א גוטער דאָקטאָר. אז רבנו הקדוש האָט אַמאָל שטאַרק געליטען אויף די אויגען האָט שמואל איהם אויסגעהיילט. ער איז אויך געווען א גרויסער אַסטראָנאָם און ער האָט געזאָגט, אז פאר איהם "זענען קלאָר די וועגען פון הימעל ווי די וועגען פון נהרדעא".

ווען רב האָט געגרינדעט די ישיבה אין סורא איז גע־שטאָרבען רב שילא, דער ראש ישיבה פון נהרדעא. האָט ענן

בן שפט, דער ריש־גלותא, בעשטימט שמואל'ן פאר ראש ישיבה אויף זיין אָרט. און נאָך רב'ס טויט זענען אַלע תלמידים פון סורא אוועק נאָך נהרדעא צו שמואל'ן און ער איז געוואָרען דער הויפּט פון אלע תלמידי חכמים אין בבל.

שמואל האָט אַלעמען מקרב געווען און בעהאַנדעלט ווי א פאָטער. בעזונדער גוט איז ער געווען צו חייא'ן, רב'ס זוהן, וואָס איז אויך געקומען ביי איהם לערנען. מיט זיין טיעפקייט אין לערנען און שארפקייט אין אוועקשטעלען געזעצען איז שמואל געווען א מוסטער פאר אלע אידען. ער האָט אויך געזאָגט, אַז "דאָס געזעץ פון דער מלוכה איז — געזעץ" און יעדער מוז פאָלגען.

דעמאָלט האָט דער פערסער ארדאשייד געמאכט אן אויפשטאַנד געגען דעם קעניג ארטאבאן און איהם דערמאָר־דעט און זיך געקרוינט פאר קעניג. שמואל האָט זיך איהם אונטערגעגעבען און געלעבט מיט איהם אין שלום.

ווען ארדאשייד איז געשטאָרבען און זיין זוהן שאבור איז געוואָרען קעניג, האָט ער ארויסגעוויזען גרויס פריינד־שאַפט שמואל'ן און איהם אָבגעגעבען גרויס כבוד. די אידען האָבען דערפאַר גערופען שמואל'ן: קעניג שאבור.

צעהן יאָהר איז שמואל געשטאַנען בראש פון דער ישיבת אין נהרדעא. ער איז געשטאָרבען צוויי יאָהר פריהער איי־דער דאָס גרויסע אומגליק איז געקומען אויף נהרדעא מיט איהרע אידען און אויף שמואל'ס הויזגעזינד.

די נייע פערסער וואָס האָבען בעהערשט בבל זענען גע־יוען פאַנאַטישע אנהענגער פון זאראסטער. די פּארטיער האָ־בען דעם דאָזיגען גלויבען שוין לאַנג אויפגעגעבען. האָבען די נייע פערסער צושמעטערט די גריכישע אָבגעטער און אויסגעקוילעט די אלע וואָס האָבען געדינט צו זיי. און זיי האָבען צוריק איינגעפיהרט דאָס אַלטע פערסישע גלויבען: די צוויי אָבגעטער "הורמיז" און "אהרימון". דער אָבגאָט פון ליכט און גוטס און דער אָבגאָט פון פינסטערניש און בייז.

די פערסישע גלחים האָבען בעהערשט דאָס לאַנד און געצוואונגען אַלעמען צו דינען צו זייערע אָבגעטער. זיי האָ־

בען אויך נישט געשווינט די אידען און זיי אנגעטאָן גרויסע צרות.

שפּעטער האָבען זיי אויפגעהערט צו פּייניגען די אידען, ווייל די קעניגען האָבען געהאַלטען מיט די אידען. קעניג שאַבור האָט זיך בעריהמט פאַר שמואל'ן, אז אין אַלע זיינע מלחמות לאָזט ער די אידען פון די מלחמה־לענדער צורוה. נאָר אין קאַפּאַדאַציען האָט ער אויסגעהרג'עט צוועלף טויזענט אידען. ער האָט דאָס אָבער געטאָן, האָט ער געזאָגט, ווייל זיי האָבען זיך געשטעלט קעגען איהם און נישט געוואָלט זיין אונטערטעניג.

שמואל האָט די הרוגים ניט בעקלאָגט, ווייל זיי האָבען זיך דאָך אַקעגען געשטעלט דעם מלכות. און ווי ער האָט גע'פּסקנ'ט איז דאָס געזעץ פון מלכות — געזעץ.

דער קעניג שאַבור האָט געהאַט גרויס הצלחה. ער האָט שטאַרק פערגרעסערט זיין קעניגרייך און האָט זיך שוין אריינגעריסען אין די גרעניצען פון די לענדער וואָס רוים האָט געהערשט איבער זיי.

אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבען דער סוף פון רוים. גאָט'ס שטראָף האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף איהר און זי האָט אָנגעהויבען קריגען איהר לוין וואָס זי האָט פערדינט פאַר איהרע גרויזאַמע מעשים.

נאָר איין יאָהר נאָכדעם ווי דאָס נייע פערסישע קעניגרייך האָט זיך געגרינדעט איז דער רוימישער קייסער סעווערוס געטויט געוואָרען און עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען מורא'דיגע שחיטות צווישען די רוימישע מיניסטאָרען און פעלדמאַרשאַלען איבער דער קרוין.

אין פינף־און־צוואַנציג יאָהר צייט האָט רוים געהאַט דרייצעהן קייסאָרים. און קיין איינער פון זיי איז נישט געשטאָרבען מיט זיין טויט, נאָר דערמאָרדעט געוואָרען פון זיינע לייב־היטער, וואָס זענען געדונגען געוואָרען דערצו פון דעם וואָס האָט געוואָלט ווערען קייסער.

דער רוימישער סענאַט וואָס די וועלט האָט געציטערט פאַר איהם איז געוועזען שוואַך און געשלאָגען, און געציטערט פאַר יעדען רעבעל וואָס האָט דער'הרג'עט זיין קייסער און זיך דערנאָך אָנגעטאָן די קרוין.

צו דעם איז נאָך אריבער א פעסט פון עגיפּטען נאָך אי־טאַליען און די רוימער זענען געפאַלען ווי פליגען אין דער פּעסט. פּופּצעהן יאָהר האָט די פּעסט געפרעסען די רוימער און פערוויסט גאַנצע שטעדט.

די רעוואָלוציעס פון אינוויינינג, די מלחמות פון דרויסען און די פּעסט האָבען צובראָכען די מעכטיגע רוים. איהר שטאָלץ איז געפאַלען און מיעד און שוואַך איז זי געבליבען הפקר פאר יעדען איינעם וואָס האָט נאָר זי געוואָלט בע־פאַלען.

דעמאָלט זענען פיעל פעלקער בעפאַלען רוים. עס זענען זי באַפאַלען די גאָטהען, די סארמאַטען, די אלמאַנען און די פּרענקען זענען געגאַנגען אויף איהר פון מערב־זייט און די פּערסער פון מזרח.

די אלע פעלקער האָבען זיך געוואָרפען אויף דער גרוי־סער רוימישער אימפעריע, וואָס האָט אָנגעפאַנגען פאַלען און צופאַלען און יעדעס פאָלק האָט געוואָלט כאַפּען זיין טייל פון איהר.

נאָר דאָס אומגליקליכע אידישע פאָלק האָט זיך נאָך אלץ נישט געקענט בעפרייען פון רוים׳ס יאָך. פראַנציסקוס ניי־גער, דער רוימישער גובערנאַטאָר פון סיריען, וואָס האָט אויך געהערשט איבער ארץ ישראל, האָט די אידען שטאַרק געדריקט און גענומען פון זיי אַזעלכע שווערע צינזען, וואָס זענען געווען איבער זייערע כחות. האָבען די אידען זיך גע־בעטען ביי איהם ער זאָל א ביסעל לייכטער מאכען דעם יאָך און נעמען קלענערע צינזען, האָט ער זיי ברוטאַל געענט־פערט:

—איהר בעט מיך נעמען וויינינגער צינזען פון אייערע פעלדער, איך וועל נאָך נעמען צינזען פון אייך פאר דעם וואָס איך ערלויב אייך אָטעמען.

די געפייניגטע אידען האָבען געליטען און פערביסען די ליפּען. זיי זענען אונמעכטיג קעגענצושטעלען זיך קעגען רוים. האָבען זיי געליטען און געשוויגען און געוואַרט אויף דער ישועה זי זאָל קומען.

ווען דער פּערסישער קעניג האָט דערקלערט קריעג צו רוים, האָבען די אידען זיך דערפרעהט. זיי האָבען געהאָפט,

אז פערסיען וועט זיגען און פערנעמען ארץ ישראל און זיי וועלען אויסגעלייזט ווערען ווי אין די צייטען פון כורש מלך פרס.

א סך גרויסע חכמים האָבען טאַקי פאָראויסגעזאָגט, אז רוים וועט פאַלען אין די הענד פון פערסיען. און זיי האָבען נאָך געגעבען א צייכען, אז ווען מען וועט זעהן א פערסיש פערד אין ארץ ישראל זאָל מען האָפען אויף דער גאולה.

די האָפנונג אויף אויסלייזונג האָט געבראַכט דערצו, אז פיעל אידען פון ארץ ישראל זענען געגאַנגען נאָך בבל. א טייל פון זיי איז אריינגעטרעטען אין דער פערסישער ארמעע צו קעמפפען געגען רוים. און א טייל האָט זיך געזעצט אין די ישיבות פון סורא און נהרדעא צו קענען לערנען תורה מיט א רוהיג געמיט.

---

דעמאָלט איז געקומען נאָך בבל עולא בן קושב, יהושע פון גרסה׳ס אן אור־אור־אייניקעל.

בבל איז דעמאָלט געווען א געבענטשט לאַנד. איהרע צוויי טייכען פרת און חדקל ציהען זיך מיילען־מיילען ווייט. קאַנאַלען גיסען צוזאַמען די טייכען און זיי ווערען איינס. און בבל זעהט אויס ווי א לאַנד פון אינזלען.

די ערד איז פעט און פרוכטבאַר. גאַנצע שטיקער זענען בעזעצט מיט אידען. אידען האָבען זיי אויפגעבויט, בעאַר־בייטען און געניסען די פרוכט פון זייער מיה. קיינער אונ־טערדריקט זיי נישט. מען זעהט נישט קיין רוימישען עלטס־טען. די אידען לעבען רוהיג און זיכער.

עולא האָט דאָס געזעהן און ער האָט זיך דערמאָנט רב חייא׳ס רייד : גאָט האָט געוואוסט, אז די אידען וועלען נישט קענען בייאשטעהן קעגען רוים׳ס גזרות האָט ער זיי פערטריבען נאָך בבל.

גרעסער איז געווען זיין פרייד ווען ער איז אָנגעקומען אין דער הויפט־שטאָדט נהרדעא. ער האָט געזעהן דעם ריש־גלותא אין זיין גרעסטען גלאַנץ. דער ריש־גלותא האָט גע־פיהרט די אידען און געווען שטאַרק אנגעזעהן ביים קעניג.

דער ריש־גלותא איז געפאָהרען איבער דער שטאָדט אין א גאָלדענע קאַרעטע. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין א טייע־

רען זיידען מאַנטעל מיט אַ ברייטען גאָלדענעם גאַרטעל בע־
זעצט מיט בריליאַנטען. קנעכט זענען געלאָפען פאַר דער
קאַרעטע און נאָך איהר. זיי האָבען געטראָגען אויף די קליי־
דער דעם ריש־גלותא׳ס הערב.

עולא האָט דאָס געזעהן און זיין האַרץ האָט געוואַקסען
פאַר פרייד. אויב דער כבוד פון נשיא אין הייליגען לאַנד
האָט געהאַלטען אין פאַלען, איז דערפאַר דער כבוד און די
מאַכט פון ריש־גלותא געוואָרען גרעסער און שטאַרקער.

מען האָט אויך דאָ געלערנט די תורה גאָר שטאַרק. די
צוויי גרויסע ישיבות אין בבל זענען געווען ווי צוויי וואונ־
דערליכע גערטנער, וואָס זייער פרוכט איז אַ ברכה פאַר׳ן
גאַנצען פאָלק.

די תלמידי חכמים זענען נישט געווען אונטערגעוואָרפען
די פרעמדע הערשער. זיי האָבען געהאַט זייער אייגענע רע־
גירונג, די אידישע רעגירונג און דער ריש־גלותא דער העכס־
טער איבער אַלע.

אין הייליגען לאַנד איז מען געווען פאָרזיכטיג און גע־
לערנט תורה אין בעהעלטעניש. אַפילו אין די צייטען פון
רבנו הקדוש, די בעסטע פאַר אידען, האָט מען זיך געהיט
נישט צו לערנען אויף דער אָפענער גאַס.

אָבער אין בבל האָבען די תלמידי חכמים געלערנט אויף
די אָפענע גאַסען. און וואונדערליך איז געווען דאָס בילד
צו זעהן יעדען אינדערפריה ווי מאַמעס טראָגען זייערע קינ־
דער אין חדר אריין. אַזאַ בילד האָט מען נישט געזעהן אין
ארץ ישראל.

---

ביים ריש־גלותא האָט מען געוואָהר געוואָרען אַז עס איז
געקומען עולא, אַ קרוב פון דער משפחה, אַן אבשטאַם פון
מלכות בית דוד. האָבען זיי איהם געשיקט מתנות און טייערע
פרוכטען און איהם געבעטען קומען וואוינען אין ריש־
גלותא׳ס הויז.

עולא איז געקומען אין ריש־גלותא׳ס פּאַלאַץ און ער האָט
דערזעהן פאַר זיך אַ קעניגליכען פּאַלאַץ. דריי שטאָק הויך
מיט אָהן אַ צאָהל צימערן פאַר׳ן ריש־גלותא און זיין פרוי,
פאַר די זיהן און טעכטער, פאַר די בעאַמטע און געסט, פאַר

די תלמידי חכמים וואָס עסען ביים ריש־גלותא׳ס טישען און פאַר קנעכט און דינסטען אַלעמען צו בעדינען. אויך פאַר די מוזיקאַנטען און זינגער, וואָס שפּילען און זינגען ביי יעדע מאָהלצייט אין פּאַלאַץ.

ענן בן שפט איז געווען דעמאָלט דער ריש־גלותא. האָט ער איהם פאַרגעשטעלט פאַר שמואל׳ן. שמואל האָט איהם מקרב געווען און אריינגענומען אין ישיבה. עולא איז געווען אן אריינג׳עהער אין די צוויי גרעסטע הייזער פון נהרדעא, ביים ריש גלותא און ביי שמואל׳ן. עולא איז געוואָרען אנ־געזעהן, ער איז געווען אן אייגענער פון ריש־גלותא.

עולא האָט אָבער נישט געהאַט די זכיה לאַנג צו זיין מיט שמואל׳ן. דאָס זעלבע יאָהר איז שמואל געשטאָרבען. די עלטסטע פון די תלמידים האָבען זיך געגרייט אויסצוקלייבען דעם ראש ישיבה.

עולא איז שוין אלט געווען זיבען און צוואַנציג יאָהר. אין ארץ ישראל האָבען דעמאָלט בחורים חתונה געהאַט נישט יונג. פאַר דרייסיג יאָהר האָט קיינער נישט גענומען אַ פרוי. אַנדערע האָבען געוואַרט ביז פערציג יאָהר. די ליידען זענען געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט מורא געהאַט נעמען אַ ווייב און האָבען קינדער זיי זאָלען ליידען גרויסע צרות.

אין בבל איז אָבער געווען אַנדערש. דאָ האָבען אַלע יונג חתונה געהאַט. אין ריש גלותא׳ס הויז האָט מען אָנגעפאַנגען טענה׳ן מיט עולא׳ן אַז עס איז שוין צייט ער זאָל זיך בויען אַ הויז און נעמען אַ ווייב. ער האָט אָבער אין נהרדעא נישט געפונען קיין מיידעל, וואָס זאָל איהם זיין צום הארצען, זיי האָבען זיך געהאַלטען זעהר גרויס און געגאַנגען בעהאַנגען מיט אַ סך צירונג, ליעב געהאַט אויסצוברענגען אַ סך געלד האָט עולא זיי נישט געוואָלט.

דעמאָלט איז געקומען רב׳ס זוהן איבו מיט זיין טאָכטער הדסה צו־גאַסט צום ריש־גלותא׳ס זוהן נתן. איבו איז נישט געקומען צו זיין פאָטער רב און אפילו נישט צו זיין יונגערן ברודער חייא אין לערנען. ער האָט נישט געטויגט דערצו.

רב האָט איהם דערפאַר געלערנט צו זיין אַ וועלטליכער מענש, אַ סוחר. ער האָט געהאַט אַ גרויס פערמעגען און אַ סך פעלדער. זיין טאָכטער הדסה האָט געהאַט אַלע גוטע מדות

וואָס איהר זיידע רב האָט איינגעפלאַנצט אין איהר. זי איז געווען שטיל, בעשיידען, אַ גרויסע צנועה און אַ זעלטענע שעהנהייט.

עולא האָט זיך אין איהר פערליעבט. זי האָט איהם אויך געליעבט. באַלד זענען זיי געוואָרען חתן־כלה און די חתונה אָבגעלייגט אויף דעם טאָג ווען זי וועט אַלט ווערען אכצעהן יאָהר.

הדסה איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר. האָט נאָך גע־דאַרפט דויערן אַ יאָהר ביז צו דער חתונה. עולא איז גע־בליבען ביים ריש־גלותא אין הויז און הדסה מיט איהר פאָ־טער זענען אהיים געפאָהרען אויף זייערע גיטער אַרום סורא. ביים געזעגענען האָבען זיי שטאַרק געוויינט. דאָס שיידען איז זיי געווען זעהר שווער. זיי האָבען זיך אָבער געטרייסט אַז נאָר איין יאָהר דאַרפען זיי וואַרטען.

דאָס יאָהר האָט אָבער אויסגעזעהן אין זייערע אויגען ווי אַן אייביגקייט. און איידער דאָס יאָהר איז אַריבער איז געקומען אַ ביטערע צייט און אַלץ צושטערט. זייער האָפ־נונג איז אַוועק ווי דער רויך אויפ'ן ווינד.

---

דער קעניג שאבור איז אַרויס קעגען רוים און האָט איינ־גענומען נציבין, אַנטאָכיען און קאַפּאַדאַציען און נאָך שטעדט. דער קייסער וואַלעריאַנוס האָט גענומען אַ גרויסע אַרמעע און אַרויס קעגען שאבור'ן. ער איז אָבער צושלאָגען גע־וואָרען לעבען דער שטאָדט עדעסאַ. וואַלעריאַנוס איז גע־נומען געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט און ביז'ן טויט איז ער געזעסען אין געפענגעניש אין שושן. דאָס איז געווען אַ גרוי־סע שאַנד פאַר דער מעכטיגער רוים און איהרע בעריהמטע לעגיאָנען.

גרויסע אומרוהען און רעוואָלוציעס האָבען ווידער אויס־געבראָכען אין רוים. אין פופצעהן יאָהר צייט האָבען דרייר־סיג רוימער זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן רוימישען טראָהן. בלוט האָט זיך געגאָסען טייכען־ווייס אין אַלע רוימישע לענ־דער.

די אידען האָבען געהאַט נחת דערפון, זיי האָבען דער־לעבט נקמה אָן זייער ביטערסטען פיינד. און זיי האָבען גע־

האפּט אז אינגיכען וועט דאָס הייליגע לאַנד ווערען בעפרייט פון איהרע פערוויסטער און גאָט'ס הילף וועט קומען זעהר שנעל.

פּלוצלינג האָט זיך אראָפּגעלאָזט א נייע אומגליק אויף די אידען פון ארץ ישראל און פון בבל.

שאבור האָט איינגענומען א גרויס שטיק סיריען און איז געגאנגען אויף דמשק. געהענדיג איבער דער מדבר איז ער געקומען ביז תדמור, די שטאָדט וואָס שלמה המלך האָט געבויט.

תדמור איז געווען א זעהר בעריהמטע שטאָדט. דער שטאָלץ פון די אראַבער וואָס האָבען געלעבט אין דער מדבר. דאָ האָט געוואוינט דער אראבישער פירשט פּפּא בר נצר, א בעריהמטער העלד.

תדמור איז געשטאנען אינמיטען וועג, וואו דער האנדעל געהט צום מזרח און מערב, האָבען אלע רייזענדע און קאראַוואַנען געמוזט צאָהלען צינזען דעם אראבישען פירשט ער זאָל זיי בעשיצען פון זיינע באנדעס, וואָס פלעגען בערויבען יעדען איינעם וואָס איז געקומען אין דער מדבר.

דער פירשט האָט זיך גערעכענט ביי די רויבער ווי זייער קעניג, און ביי די פעלקער ארום האָט מען איהם געהאלטען פאר א געוועהנליכען רויבער.

ווען שאבור איז צוגעקומען צו תדמור האָט דער אראבישער פירשט ארויסגעשיקט איהם גרויסע מתנות. שאבור האָט זיך אָבער דערמיט נישט בענוגענט. אין זיין זיגערישען שטאָלץ האָט ער געפאָדערט דער פירשט זאָל מיט א שטריק אויפ'ן האלז קומען איהם אקעגען און ווערען איהם אונטערטעניג.

דער אראבישער פירשט האָט געברענט פאר כעס און גלייך פערזאמעלט זיינע באנדעס, די געשיקטע רייטער וואָס פרייהייט איז געווען זייער לעבען. מחנות, מחנות פון אלע זייטען זיינען זיי געקומען צו איהם און ווי א שטורם-ווינד בעפאלען די פערסישע ארמעע און איהר דערלאנגט מורא'דיגע קלעפּ.

שאבור האָט געזעהן, אז ער קען נישט ביישטעהן, האָט ער איבערגעלאָזט דאָס גאנצע געוועהר און אנטלאָפען מיט

די איבערגעבליבענע סאָלדאַטען. דער אַראַבישער פירשט האָט איהם נאָכגעיאָגט. די שטאָדט נציבין האָט ער פער־ברענט. ער האָט בעלאַגערט נהרדעא און זי איינגענומען און דאָרט אָנגעמאַכט גרויסע חורבנות. פיעל איינוואוינער האָט ער דער׳הרג׳עט, אנדערע האָט ער גענומען געפאַנגען און אוועקגעפיהרט מיט זיך.

די ישיבה איז אויך צושטערט געוואָרען. די עלטסטע תלמידי־חכמים וואָס האָבען געלערנט אין דער ישיבה, האָ־בען אוועקגעוואַנדערט נאָך מחוזא, שלהי און שכנציב און דאָרט אָנגעהאַלטען ישיבות.

צווישען די געפאַנגענע מענער איז געוועזן עולא. צווישען די געפאַנגענע פרויען—שמואל׳ס דריי מעבטער. דער אַראַבי־שער פירשט האָט זיי אוועקגעפיהרט מיט זיך און פערקויפט צו אַן אַרמי׳שען סוחר, איסור פון רצף. איסור האָט אויס־געקליבען רחל׳ן, שמואל׳ס איינגסטע שעהנסטע טאָכטער, און גענומען פאַר זיך. איהרע צוויי עלטערע שוועסטערן האָט ער געשיקט מיט זיינע מענשען נאָך ארץ ישראל, וויסענדיג אַז די אידען וועלען איהם געבען אַ סך מעהר געלד זיי אויסצו־לייזען איידער ער וועט קענען קריגען פאַר זיי, ווען ער זאָל זיי פערקויפען אויף׳ן שקלאַפען־מאַרק. עולא׳ן האָט ער פערהאַלטען ביי זיך פאַר אַ קנעכט.

דאָ האָט מען געזעהן דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען די אידען פון ארץ ישראל, וואָס זענען אָבגעשיידט פון די גוים און ווערען געיאָגט און געפלאָגט איבער זייער גלויבען אין תורה, און די אידען וואָס האָבען געלעבט אין פרעמדע לענדער און לעבען רוהיג מיט די גוים.

אָט איז געוועזן יהושע פון גרסה׳ס טאָכטער אביגיל, אַ קינד פון ארץ ישראל, וואָס רויבער האָבען זי געפאַנגען און געוואָלט פערקויפען צו שאַנד, האָט זי זיך געוואָרפען אין וואַסער און נישט געוואָלט לאָזען זיך פעראומרייניגען.

אָבער רחל, דעם גרויסען שמואל׳ס טאָכטער, אַ קינד פון בבל, איז שוין געוועזן אַנדערש. אַ גוי, אַ געצענדינער, האָט זי געקויפט פאַר אַ שקלאַפין און זי האָט זיך שטילערהייט אונטערגעגעבען איהר גורל.

דאָס איז אַזוי געוועזן, ווייל די אידען פון בבל האָבען זיך

צוגעוועהנט צו די גוים און זיך שטארק אויסגעמישט מיט זיי. בעזונדער האָבען זיי זיך אויסגעמישט מיט די גוים אין נהרדעא.

דער אראבישער פירשט האָט אויך געפאנגען עולא'ס קרובות, די טעכטער פון רב נחמן דעם ריש גלותא'ס איידים. זיי זענען שוין אלע געווען פערהייראט און זיי האָבען גע־בעטען זייערע פענגער אוועקצופיהרען זיי גאנץ ווייט, אידען זאָלען זיי נישט דערקענען און אויסלייזען און צוריקברענגען צו זייערע מענער. אזוי פערדאָרבען זענען זיי געווען.

עולא'ן האָט דאָס שטארק פערדראָסען. עס האָט איהם אויך וועה געטאָן, וואָס רחל, די טאָכטער פון זיין גרויסען רבי שמואל נעמט זיך נישט דאָס לעבען און בלייבט ביים גוי. זי איז אָבער נישט געווען אזוי פערדאָרבען ווי זיינע קרובות. זי איז נישט צופרידען געווען מיט איהר לעבען. שטיל האָט זי געטראָגען דעם טרויער אין הארצען, און אז קיינער האָט נישט געזעהן האָט זי שטאַרק געוויינט.

עולא האָט זיך געטרייסט דערמיט און דערקענענדיג זיין הערר איסור פאר אן אָרנטליכען מאַן, האָט ער געהאָפט מיט גאָט'ס הילף אויסצולייזען רחל'ען.

---

איידער זיי האָבען זיך געלאָזט אין וועג אריין נאָך רצף האָט איסור אָנגעטאָן עולא'ן אן אייזענעם רינג אויפ'ן האלז. אויפ'ן רינג איז געווען אויסגעקריצט: "איסור'ס קנעכט". צום רינג איז געווען אָנגעשלאָסען אן אייזענע קייט און אָנ־געבונדען צום אייזעל, וואָס ער האָט געריטען אויף איהם.

רחל'ן האָט איסור גענומען צו זיך אייפ'ן קעמעל און זיי האָבען זיך געלאָזט אין וועג אריין. אינמיטען פאָהרען זעהט עולא, ווי איסור קוקט זיך גוט ארום און בעטראכט זיין געוועהר.

— וואָס טוט איהר דאָס? — האָט עולא איהם גע־פרעגט.

— עס טוט מיר באנג וואָס איך האָב אוועקגעשיקט אלע קנעכט — האָט איסור געזאָגט — איך פיהר מיט זיך אזא טייערן אוצר און דער וועג איז נישט זיכער פון רויבער.

— אויב מיר וועלען רייטען גיך וועלען מיר אָניאָגען א

רייזענדען און מיר וועלען פאהרען אינאיינעם — האט עולא איהם געראטען.

— איך זעה קיינעם נישט — זאגט איסור.

— איך זעה אויך נישט, איך וויים אבער אז ער איז ניט וויט.

— ביזט א נביא, אדער א משוגענער, אז דו זעהסט זאכען וואס מען זעהט נישט מיט די אויגען? — האט איסור זיך געבייזערט.

— איך בין נישט קיין נביא און אויך נישט משוגע, נאר איך וויים, אז א מאן רייט פאראוים אויף א בלינד אייזעל און ער פיהרט צוויי לאגלען איינס מיט ווין און איינס מיט עסיג. ער איז נישט קיין איד און ער איז נישט ווייטער פון אונז ווי פיער קילאמעטר — האט עולא געזאגט.

— הער, דו נידריגער קנעכט — האט איסור געשריגען בייז — מאכסט געשפעט פון מיר? אויב דו וועסט נאך אמאל אזוי רעדען, וועסטו פיהלען מיין רוט.

— איך שפעט נישט — האט עולא איהם פערזיכערט — פרוביר, וועסטו זיך איבערצייגען. אויב איך זאג ליגען, בין איך דאך אין דיין האנד און וועסט טאן מיט מיר וואס דו וועסט וועלען.

— איך וועל פריהער נישט רייטען גיך ביז דו וועסט דערקלערען פון וואנען דו האסט דערקענט דאס אלץ — האט איסור געזאגט.

עולא האט איהם דערקלערט, אז אין די טריט אויפ׳ן וועג האט ער דאס אלץ דערקענט. ער האט איהם אנגעגעבען די סימנים. איסור האט זיך שטארק פערוואונדערט און געוועזען צופרידען וואס ער האט איינגעהאנדעלט אזא פעהיגען קלוגען קנעכט. באלד איז ער אבער געווארען צוריק אומעטיג און ער האט געזאגט:

— וואס וועט מיר שוין ארויסקומען, אז איך וועל איהם אניאגען? איין מאן אויף אן אייזעל וואס איז זיין קראפט מיר צו העלפען?

— נעמט אראפ דאס אייזען פון מיין האלז וועל איך אייך קענען פיעל העלפען און בעשיצען דעם טייערן אוצר.

— ביזט קלוג, זעהר קלוג, איך בין אבער אויך נישט נא־

ריש — זאָגט איסור — אַז איך וועל אַראָפּנעמען דעם רינג פון דיין האַלז וועסטו מיך קענען בעפאַלען, ווער וועט מיך דעמאָלט בעשיצען קעגען דיר ?

— איהר רייט אויף אַ קעמעל מיט געוועהר און איך אָהן געוועהר, אויף אַן אייזעל, ווען איך זאָל האָבען בייזע געדאַנקען, קען איך זיי אויך נישט אויספיהרען. ווייסט אָבער, אַז איך בין אַ איד — האָט עולא געזאָגט שטאָלץ — אַ איד ברעכט נישט זיין שבועה און וואָרט.

— אָבער אַ איד וויל נישט ארבייטען. ער טראַכט נאָר ווי אַזוי אַראָפּצונעמען זיין הערר'ס יאָך פון זיך.

— עס איז אמת — האָט עולא געזאָגט — אָבער דער איד האָט נישט פיינט צו ארבייטען. דער איד האָט פיינט קנעכטשאַפט, וואָס איז אַ שאַנד פאַר יעדען געפיהלפולען מענש. גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען צו זיין פריי און דאָ ווערט ער פונקט ווי אַ בהמה פערשקלאַפט צו אַן אַנ־דערן, דאָס וויל נישט אַ איד. ווען איהר וועט מיך אָבער גוט בעהאַנדלען און האַלטען פאַר אַ מענש גלייך מיט אייך, וועל איך אייך זיין געטריי און בעסער ווי צעהן קנעכט, וואָס זענען נישט העכער פאַר די בהמות אין פעלד.

די גאַנצע צייט האָט רחל געשוויגען און זיך נישט גע־מישט אין שמועס. איצט האָט זי זיך אָנגערופען צו איסור'ן :

— עס איז אמת וואָס ער האָט געזאָגט. די קינדער פון מיין פאָלק זענען נישט פאַלש. זיי גוט צו איהם, וועט ער אייביג דיר זיין געטריי.

— וואָס בין איך זיכער, אַז רויבער וועלען אונז בעפאַלען וועט ער נישט צושטעהן צו די רויבער, וועט נאָך דיך אויך איבעררעדען און דיך צונעמען פון מיר ?

— צו וואָס זאָל ער דאָס טאָן ? מיר זאָלען פערקויפט ווערען צו אַן אַנדערן וואָס וועט נאָך אפשר זיין ערגער צו אונז ? — האָט זי געזאָגט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל.

— ביזט גערעכט, טייערע — האָט איסור געזאָגט מיט אַ שיינענדיג פּנים — איך האָב דיך נישט געקויפט זאָלסט זיין מיין שקלאַפין, נאָר פאַר די האַרין פון מיין הויז. דו וועסט הערשען איבער מיין פערמעגען און איבער מיר, אויב דו וועסט מיך נישט האַסען פאַר מיין ליעבע צו דיר.

— איך וויל דיך נישט אראָפּפיהרען פון דיין גלויבען — האָט ער ווייטער גערעדט — קענסט דיר ווייטער דינען דעם גאָט פון דיינע עלטערן. זיי מיר נאָר געטריי, וועל איך אייביג זיין דיין קנעכט.

— איך שטאַם פון דעם פאָלק וואָס קען נישט זיין פאַלש. מיין אמונה דערלויבט מיר נישט הייראַטען מיט א געצענדינער. און מעגסט זיין זיכער, אז איך וועל דיך נישט פערראַטען מיט אַן אַנדערן פון דיין גלויבען, ווייל איך וועל דאָך דערמיט נאָך פערגרעסערען מיינע זינד — האָט רחל געזאָגט רויטלענדיג זיך און אראָפּגעלאָזט די אויגען.

א ווײַלע האָט איסור געשוויגען, דערנאָך האָט ער געזאָגט צו עולא׳ן :

— די קייט וועל איך אראָפּנעמען. נאָר דעם רינג וועל איך לאָזען אויף דיין האַלז ביז איך וועל זיך איבערצייגען אין דיין עהרליכקייט.

ער האָט אראָפּגענומען די קייט. דעם רינג מיט׳ן שלאָס האָט ער געלאָזען אויף עולא׳ס האַלז און בעהאַלטען ביי זיך דעם שליסעל. דאָס איז געווען א פערגרינגערונג פאַר איהם און ער האָט איהם געדאַנקט דערפאַר. רחל׳ס אויגען האָבען אויך געקוקט אויף איהם מיט דאַנקבאַרקייט און איסור איז געווען זעהר צופרידען.

באַלד האָבען זיי אָנגעיאָגט דעם מאַן וואָס איז געפאָהרען פאָראויס. איסור האָט געזעהן אז עס איז אַלץ ווי עולא האָט געזאָגט, האָט ער זיך נאָכמעהר דערפרעהט וואָס זיין געלד איז אַזוי אָנגעלייגט. זיין שמחה איז געווען גרעסער וואָס דער מאַן איז געווען זיינער א שכן פון רצף. נאָך צוויי טאָג פאָהרען זענען זיי אנגעקומען נאָך רצף.

---

איסור׳ס הויז איז געווען א רייכער, שעהנער פּאַלאַץ, פול מיט אַלדאָסגוטס און א סך קנעכט און דינסטען. ער האָט אויסגעקליבען עולא׳ן פאַר זיין לייבדינער און איהם געבעטען צו זיין אָפענהערציג מיט איהם און איהם זאָגען אַלץ וואָס ער טראַכט.

ער האָט איהם ערלויבט אָנצוגרייטען כשר עסען פאַר זיך און פאַר רחל׳ען. ער האָט איהם אָבער געוואָרנט נישט אריינ־

צעגעהן אין איהר צימער און נישט זעהן איהר אָהן זיין ווימען. איסור האָט מורא געהאט רחל זאָל זיך נישט פערליבען אין עולא'ן,ביידע אידישע קינדער. ער האָט נישט געוואוסט אז עולא איז שוין א חתן, האָט א כלה וואָס ער האָט זעהר ליעב און ער איז צוגעבונדען צו איהר אזוי שטארק אז קיין קראפט קען איהם נישט אָבּרייסען פון איהר.

אין אווענד האָט איסור זיך געזעצט מיט רחל'ן צום טיש און עולא האָט זיי בעדינט. נאָכ'ן עסען האָט איסור געהייסען דערלאנגען א קרוג טייערן וויין און געטרונקען א פּאָר גלעזער. ער האָט אויך געהייסען עולא'ן טרינקען פון דעם וויין וואָס ער האָט געגרייט פאר רחל'ן. עולא האָט נישט געוואָלט טרינקען.

— האָט דען עמיצער אויסער דיר אָנגעריהרט דעם וויין?

— האָט איסור געפרעגט. ער האָט שוין געוואוסט אז א איד טאָר נישט טרינקען וויין פון א געצענדינער.

— ניין, קיינער נישט. איך האָב אָבער מורא נישט צו ווערען שכור.

— וואָס ארט דיך, געהסט דאָך באלד שלאָפען, וועסט געשמאַקער שלאָפען.

— מען טאָר זיך נישט אָנהויבען מיט טרינקען וויין. מען געוועהנט זיך צו און מען ווערט א שכור און מען וואלגערט זיך ווי א חזיר אין רינשטאָק.

איסור האָט א קוק געטאָן אויף רחל'ן און מיט א שמייכעל אוועקגערוקט די קרוג מיט'ן וויין און געזאָגט:

—ביזט קלוג און עהרליך. גיסט מיר א ווארנונג, זעה איך, כ'זאָל נישט שכור'ען. דאָס געפעלט מיר. איצט קען איך זיך אויף דיר פערלאָזען. וועסט זיין מיין הויז־פיהרער.

ער האָט גענומען דעם שליסעל און אויפגעשלאָסען דאָס שלאָס אויף עולא'ס האלז. האָט אראָפּגענומען דעם אייזענעם רינג און איהם געלאָזט פריי. עולא האָט געקושט זיין האנד פאר דאנקבארקייט און רחל האָט געקוקט מיט ווארימע בליקען צו איהם.

— מיין הערר, אויב איהר ווילט מיר טאָן א טובה, גיט

מיר דעם אייזענעם רינג פאר אן אנדענקען — האט עולא געבעטען — איך וויל איהם האלטען שטענדיג.

איסור האט איהם אוועקגעגעבען דעם רינג.

---

עטליכע טעג זענען אריבער. עס איז געווען אינדערפריה. איסור איז געזעסען ביים טיש. עולא האט צוגעגרייט דאס עסען. און זיי האבען געווארט ביז רחל וועט קומען פון איהר צימער, וואו זי האט געדאווענט. זי איז אריינגעקומען און איסור האט זי בעגריסט און געזאגט:

— טייערע, איך האב דיר צוגעזאגט נישט צו שטערען דינען דיין גאט. איך קען אבער נישט לייקענען, אז איך וואלט דיך זיבען און זיבעציג מאל ליעבער געהאט ווען דו וואלסט געדינט מיין גאט. מיין גליק וואלט געווארען פול, ווען דו וואלסט אנגענומען מיין גלויבען.

— ווער איז דיין גאט, וואס דו ווילסט איך זאל איהם דינען? וואס איז זיין נאמען? — האט רחל געפרעגט רוהיג.

איסור האט אויפגעשיינט און עולא'ס הארץ האט אויפ־געציטערט פאר שרעק.

— מיין גאט איז דער אלטער פערסישער גאט הורמיז, דער גאט פון ליכט און גוטס — האט איסור געזאגט — דער גאט וואס האט בעשאפען פון זיך דאס הייליגע פייער. מיר דינען צום פייער וואס גיט אונז ליכט און ווארעמקייט און אלץ וואס איז דא אויף דער וועלט.

— אט וועגען דעם גאט — האט רחל געזאגט מיט א רוהיגען שמייכעל — האבען אונזערע עלטערן שוין מיט צוויי טויזענט יאהר צוריק געהאט גרויסע וכוחים. הער זיך צו מיט שכל און וועסט פערשטעהן:

האסט דאך געהערט פון אברהם אבינו, וואס איז מיט צוויי טויזענט יאהר צוריק אוועקגעגאנגען פון אור כשדים און געגאנגען אין לאנד כנען. וועל איך דיר דערצעהלען וואס מיט איהם האט געטראפען.

דער קעניג נמרוד איז געוואהר געווארען, אז תרח האט א זוהן אברם וואס לייקענט אין די אבגעטער און שפעט פון די געצען. איז ער געווארען בייז און געהייסען ברענגען אברם'ען.

— איז אמת, אז דו גלויבסט נישט אין מיין גאָט? — האָט נמרוד געפרעגט אברם'ען.

— איך גלויב אין אויבערשטען, דער בעשעפער פון הי־מעל און ערד — האָט אברם געענטפערט.

— פייער איז גאָט — האָט נמרוד געשריגען — אָט ברענט דאָס היילינע פייער, בוק זיך דערצו.

— איז דאָך בעסער איך זאָל זיך בוקען צו וואסער, וואָס לעשט פייער? — האָט אברם געזאָגט.

— בוק זיך צו וואסער.

— פאַרוואָס נישט בוקען זיך צו די וואָלקענס, וואָס האָבען אין זיך אזוי פיעל וואסער?

— גוט, בוק זיך צו די וואָלקענס.

— הייס מיך זיך בוקען צום ווינד, וואָס צוטרייבט די וואָלקענס.

— בוק זיך צום ווינד.

— ניין, ס'איז קליגער זיך צו בוקען שוין צו א מענש וואָס איז פול ווינד ווי אן אנגעבלאָזען לאָגעל. ניין! — האָט אברהם אָבינו דערקלערט — גרעסער פון אלע איז גאָט דער בעשעפער, וואָס האָט בעשאפען מיך און דיך און דאָס פייער און דאָס וואסער און די וואָלקענס און ווינד און אַלץ וואָס איז אויפ'ן הימעל פון אויבען און אונטען אויף דער ערד. צו איהם בוק איך זיך און צו איהם טו איך תפלה. ער האָט אַלץ בעשאַפען און עס איז נישטאָ קיין גאָט חוץ איהם.

פערטראכט זיך אין מיינע רייד, מיין הערר, ווען זעהן, אז אברהם אבינו און מיר, זיינע קינדער, זענען גערעכט — האָט רחל געענדיגט.

— אויב אייער גאָט איז דער גרעסטער, פאר וואָס פער־טיליגט ער נישט אלע אָבגעטער? — האָט איסור געפרעגט.

— דאָס האָבען אונזערע חכמים שוין געענטפערט — האָט רחל געזאָגט — ווען די פעלקער וואָלטען געדינט צו זאַכען וואָס די וועלט ברויך נישט, וואָלט גאָט זיי גע־מאַכט פערלירען. זיי דינען אָבער צו דער זון, לבנה און שטערן, צו פייער, זאָל גאָט איבער די פערפיהרטע נאַראָנים

הרוב מאכען זיין וועלט ? די וועלט בלייבט וועלט און די נארישע זינדיגער קריגען זייער שטראף.

רחל'ס קלוגע רייד האבען געהאט א שטארקע ווירקונג אויף איסור'ן. ער האט א סך געטראכט און דערנאך געבעטען עולא'ן ער זאל איהם לערנען אידישע דינים און איבערגעבען דעם עיקר פון דער אידישער אמונה. ער האט איינגעזעהן דאס שעהנקייט און גרויסקייט פון אידישען גלויבען און אין א חודש ארום האט ער זיך מגייר געווען און חתונה געהאט מיט רחל'ען מיט א חופה וקדושין כדת משה וישראל.

אין אכט חדשים ארום נאך דער התונה האט רחל געהאט א אינגעל און זי האט איהם א נאמען געגעבען מארי. געבוירען געווארען איז ער שוין ווען דער פאטער זיינער איז געווען א איד. נאר וויל זי האט אנגעהויבען טראגען מיט איהם ווען זיין פאטער איז נאך געווען א געצענדינער, האט מען איהם קיינמאל נישט גערופען אויפ'ן פאטער'ס נאמער, נאר אויף דער מוטער'ס. "רחל'ס זוהן", אדער "שמואל'ס טאכטער'ס זוהן".

איסור האט נישט געביטען זיין נאמען נאכ'ן מגייר זיין. ער האט זיך גערופען איסור דער גר. ער איז דעמאלט געווען אין זיינע בעסטע יאהרען, שעהן און געזונד און זעהר עהרליך.

דעם טאג ווען איסור האט זיך מגייר געווען האט ער איינגאנצען בעפרייט עולא'ן. ער האט איהם אבער נישט געוואלט אוועקשיקען, ווייל ער איז געווען שטארק צוגעבונדען צו איהם. ער האט איהם ארייגענומען פאר א שותף אין האנדעל און געהאלטען איהם פאר אן אייגענעם.

דאס ערשטע וואס עולא האט געטאן איז געווען אויסצוזוכען רחל'ס צוויי שוועסטערן. דערפאר האט איסור זיך אונטערגענומען צו געפינען א מענשען וואס זאל וועלען געהן צו הדסה'ן, עולאס כלה, און איהר אבגעבען א בריעף פון עולא'ן, וואו ער לאזט איהר וויסען, אז ער וועט איינגיכען קומען צו איהר און חתונה האבען מיט איהר און זי נעמען נאך רצף, וואו עס איז איהם גוט.

איסור האט דאך געהאט אוועקגעשיקט זיינע מענשען

מיט רחל'ס עלטערע שוועסטערן נאָך ארץ ישראל, איז עולא געפאָהרען נאָך ארץ ישראל זיי דאָרט אויפצוזוכען.

ער האָט געזוכט ביז ער איז געקומען אויף זייערע שפּור־רען אין צפורי. דאָרט איז ער געוואָהר געוואָרען, אז די ישיבה פון רב חנינא בר חמא האָט זיי אויסגעלייזט און רב שמעון בר־אבא האָט חתונה געהאַט מיט דער עלטסטער. זי איז אָבער באַלד נאָך דער חתונה געשטאָרבען, האָט ער חתונה געהאַט מיט דער צווייטער. זי איז אָבער אויך געוועזן אַ קראַנקע און געהאַלטען ביים שטאַרבען. דאָס איז זיי געקומען פון די גרויסע פּיין וואָס זיי האָבען געליטען אין דער צייט פון זייער געפאַנגענשאַפט.

איסור האָט געלאָזט וויסען עולא'ן, אז ער האָט שוין אוועקגעשיקט אַ מאַן מיט אַ בריעף נאָך סורא צו הדסה'ן. דער מאַן איז אָבער נאָך נישט צוריקגעקומען, ווייל עס איז ווייט און אויסער דעם איז דער וועג נישט זיכער איבער די באַנדיטען פון דעם אַראַבישען פירשט.

וואָכען און חדשים זענען אריבער און דער שליח איז נישט געקומען. עולא האָט מיט אונגעדולד געוואַרט צו הערען אַ וואָרט פון הדסה'ן און עס האָט געדויערט אזוי לאַנג, אזוי לאַנג און ער האָט אַלץ פון איהר נישט געהערט.

---

די אידען האָבען שרעקליך פיינט געהאַט די איינוואוינער פון תדמור. די שנאה האָט אָנגעהאַלטען דורות־לאַנג. די שעהנע שטאָדט תדמור, דער אָאזיס אין דער מדבר, האָט גע־בויט שלמה המלך. איבער די טייטעלבוימער וואָס וואַקסען דאָרט אין אַ גרויסע צאָהל, הייסט די שטאָדט תדמור.

שלמה האָט בעזעצט די שטאָדט מיט זיינע קנעכט וואָס זענען געוועזן געצענדינער. זיי האָבען דאָרט געפיהרט זייער האַנדעל און זענען שפּעטער געוואָרען גרויס און רייך.

נאָך איידער זיי זענען בעפרייט געוואָרען פון קנעכט־שאַפט האָבען זיי חתונה געהאַט מיט אידישע טעכטער. אָבער זייערע קינדער זיינען גע'אסר'ט געוואָרען אריינצו־קומען אין אידישען קהל. די לייט פון תדמור האָבען דאָס נישט געקענט פערגעבען די אידען און נאָכגעטראָגען אַ שטאַרקע שנאה.

בעזונדער האָבען זיי ארויסגעוויזען זייער האס צו די אידען ווען פיינד זיינען בעפאלען דאס אידישע לאנד. זיי זיינען צוגעשטאנען צו בבל ווען זי האט חרוב געמאכט דאס ערשטע בית המקדש און געהאָלפען צושטערען ארץ ישראל. זיי זענען אויך געקומען צו הילף די רוימער ביים חורבן פון צווייטען בית המקדש. און אז ירושלים איז געפאלען און די רוימער האָבען גערויבט גאָלד און זילבער, האָבען זיי גע־רויבט די אידישע טעכטער.

די אידען זענען געווען שטארק פערביטערט אויף די לייט פון תדמור, וואָס זענען ארויסגעקומען פון אידישע טעכטער. אזוי איז שוין אז גוים וואָס קומען ארוים פון אי־דען האסען דעם אידען מעהר ווי ריכטיגע גוים, און די חכמים פלעגען זאָגען "אז וואויל וועט זיין צו דעם וואָס וועט זוכה זיין צו זעהן די מפלה פון תדמור."

איז אָבער געווען פערקערט. תדמור איז נישט געפאלען נאָר נאָך געוואָרען גרעסער און שטארקער. תדמור האט בע־זיעגט דעם פערסישען קעניג. דער אראבישער פירשט פון תדמור האט חרוב געמאכט די אידישע שטאָדט נציבין און איהר ישיבה און ער האט אויך פערוויסט נהרדעא מיט איהר בעריהמטע ישיבה.

און יעדער וואָס פייניגט אידען ווערט גרויס. דער אראַ־בישער פירשט וואָס האט אָנגעטאָן אזוי פיעל צרות צו אי־דען איז געוואָרען דערהויבען. דער רוימישער קייסער גאַ־לענוס האט איהם בעשטימט אלס הערשער פון גאנצען אָרי־ענט. זיין גרויסקייט האט אָבער נישט לאנג געדויערט.

זיין ווייב זינאַוויא האט זיך פערליעבט אין זיין פלימע־ניק און זי האט אָנגערעדט איהר געליעבטען, ער זאָל ערמאָר־דען זיין פעטער. ער האט איהם ערמאָרדעט און געוואָרען הערשער. ער איז אָבער באלד מיאוס געוואָרען זינאוויא'ן. ער איז געווען א גרויסער שכור, האט זי שטילערהייט איהם אומגעבראכט און זי איז געוואָרען די אמת'ע הערשערין.

מיט איהר וואונדערליכע שעהנקייט, קלוגשאפט און אומגעוועהנליכע העלדישקייט האט זי געהאט גרויס ערפאָלג און געוואָרען שטארק בעריהמט.

זינאוויא האט געהאט אין זיך געמישט בלוט. איהר פאַ־

טער איז געווען אן אראבישער פירשט, וואָס האָט געשטאַמט פון אידען, און איהר מוטער האָט געשטאַמט פון דער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאטרא.

האָט זי דערפאַר געהאט די אייגענשאַפטען פון ביידע פעלקער. מוטיג און שעהן, ווילד און קלוג, ליעבע צו פריי־הייט און הערשאַפט אינאיינעם. זי איז דעמאָלט אַלט גע־ווען פינף־און־דרייסיג יאָהר, פול יונגען חן און פערשטאַנד פון אן אַלטען. וואונדערליכע פּרויען־שעהנקייט און שטאָלץ פון טיראַנען.

באַלד ווי זי איז געוואָרען הערשערין האָט זי גענומען פערגרעסערן איהר קעניגרייך און צוגענומען א סך לענדער, נאָהענטע און ווייטע. דער רוימישער קייסער קלוידיוס דער צווייטער האָט געזעהן וואָס זי טוט, ער האָט זיך אָבער נישט געקענט העלפען קעגען דער מעכטיגער הערשערין.

אין דער זעלבער צייט, וואָס זי האָט געהאַלטען אין פער־נעמען לענדער האָט זי זיך אויסגעבויט וואונדערליכע פּאַ־לאַצען אין דער הויפּט־שטאָדט און רייכע טעמפּלען מיט פּראַכטפולע טויערן און טייערע גערטנער.

דעם וואונדערליכסטען טעמפּעל האָט זי געבויט פאר דער זון, וואָס זי און איהר פאָלק האָבען געדינט צי איהר. אין איהר פּאַלאַץ האָט זי אויסגעבויט בעזונדערע קליינע טעמפּ־לען צו אַלע אָבגעטער, וואָס איהרע אַנדערע אונטערטאַנען האָבען געדינט צו זיי. זי איז אָפט געקומען אין די טעמפּלען און געדינט אויך צו די אַנדערע אָבגעטער. זי האָט געוואָלט יוצא זיין פאר אַלע אונטערטאַנען.

צום סוף האָט זי געוואָלט מאַכען איין גלויבען פון די אַלע גלויבענס. דער גאַנצער אָריענט זאָל האָבען איין גלויבען און דער בונד צווישען אַלע מזרח־פעלקער זאָל דורך דעם ווערען שטאַרק און פעסט, וועלען זיי צוזאמען בעפאַלען רוים און זי צושטערן.

צוליעב דעם האָט זי פערזופען צו זיך גרויסע געלעהר־טע, קענער פון גלויבענס און זי האָט זיך מיט זיי בעראַטען וועגען דעם. זי האָט געהאט ביי זיך דעם אַטהענישען פילאָ־זאָף לאנגינאס, וואָס איז געווען דער ערציהער פון איהרע צוויי קליינע קינדער, און דעם קריסטליכען געלעהרטען

פוילום פון סאמאסאטא, וואס איז געווען בישאף אין אנ־טאכיען, נאר ער האט נישט איינגעשטימט מיט די איבעריגע בישאפען און זיי האבען איהם געלייגט אין חרם און אויס־געשלאסען פון דער קירכע.

ער האט געפונען שוץ ביי זינאוויא'ן, זי האט איהם מקרב געווען און זיך געלאזט לערנען פון איהם צו וויסען וואס פאר א גלויבען אויסצוקלייבען.

דער גריכישער פילאזאף און דער געוועזענער בישאף האבען געהאלטען שטארק פון תורת משה און זיי האבען די תורה שטארק געריהמט פאר זינאוויא'ן. האט זי בעשלאסען צו ברענגען אידישע חכמים צו זיך און ארייננעמען די אי־דישע געזעצען אין איהר ניי גלויבען וואס זי איז געגאנגען גרינדען.

---

ווי תדמור איז געווארען גרויס איז איהר האנדעל אויך געווארען זעהר גרויס. פון אלע לענדער זיינען סוחרים גע־קומען נאך תדמור. איסור דער גר מיט זיין ווייב רחל זענען אויך געקומען נאך תדמור און זיך דארט בעזעצט. מיט זיי איז אויך געקומען עולא.

קעניגין זינאוויא האט זיי בעמערקט און זיי איינגעלאדען צו זיך אין פאלאץ. זי האט זיי מקרב געווען אין זיי זענען געווארען אפטע בעזוכער פון קעניגליכען פאלאץ.

אין עולא'ן האט זי דערקענט א גרויסען מאן, א געלעהר־טען און זי האט איהם בעשטימט אלס איהר ראטגעבער. ווי עולא האט אבער דערזעהן אז די בעראטונגען געהען אן ווייל זי וויל גרינדען א ניי גלויבען, האט ער אויפגעציטערט. ווי קען ער איהר העלפען גרינדען א ניי גלויבען ? !

זי האט איהם אבגעגעבען מעהר כבוד פון אלע געלעהרטע. ער האט אבער גיך אויסגעפונען אז זי טוט דאס נישט, ווייל ער איז קליגער און געלערנטער פאר זיי, נאר ווייל זיי זענען אלטע לייט, גרייז גרויע און ער איז א מאן פון דרייסיג יאהר און הויבט ערשט אן לעבען.

זי האט מיט איהם גערעדט מעהר פון ליעבע איידער פון לערנען און וויסענשאפט. זי פלעגט איהם אפט רופען צו זיך אין צימער וואו עס זענען געשטאנען גריכישע סטא־

טועם ווס דערוועקען ליעבע און רייצען דאָס בלוט. עולא האָט נישט געוואָלט קוקען אויף די סטאַטועס, ער האָט זיך געשעמט צו קוקען אויף זייער נאַקעטקייט.

האָט זי זיך אונטערגענומען איהם לערנען די חכמה פון דער קונסט און בעוויזען דאָס שעהנקייט פון די סטאַטועס. זי האָט איהם געוויזען די געטין פון שעהנקייט אפראדיטא ווי זי קומט אַרויס פון שוים פון ים און ווי זי נעמט אַרום דעם גאָט פון מלחמה — מארס. דאָ האָט זי איהם געוויזען אויף עראס, דער גאָט פון ליעבע ווי ער שיסט פיילען אין פסיכע — אין דער נשמה פון מענשען. זי האָט געלייענט און געזונגען פאר איהם די ליעדער פון די גריכישע און רוימישע דיכטער וואָס זענען פול ליבע און רייץ.

איהרע רייד און זינגען האָבען אָבער גאָר נישט געווירקט אויף איהם. דער אנדענק פון הדסה איז געווען זיין פאַנ־צער וואָס האָט איהם געשיצט. די ליעבע פון דער צנועה'די־נער אידישער טאָכטער האָט איבערגעוואויגען אלע ליעבע ליעדער וואָס די אויסגעלאַסענע זינאָוויא האָט געזינגען פאר איהם.

זינאָוויא האָט געזעהן אז אלע איהרע תחבולות העלפען נישט צו דערוועקען אין עולא'ן ליעבע צו איהר, האָט זי איהם אָפען דערקלערט אז זי האָט איהם שטארק ליעב. איהרע מיניסטאָרען און גענעראלען געפעלען איהר נישט. זיי זיינען ווילדע, מיאוס'ע מיט קראנקע אויגען. די געלעהרטע זיינען אַלטע לייט, קענען זיין איהרע זיידעס. נאָר ער, עולא, איז איהר גלייכען, ער געפעלט איהר, זי האָט איהם שטארק ליעב. און אויב איהר ליעבע קען איהם נישט געווינען פאר איהר, וועט איהר גאָלד איהם געווינען. זי וועט זיך טיי־לען די קרוין מיט איהם. און אויב ער וועט איהר זיין געטריי וועט זי זיך מגיר זיין און די אידישע אמונה וועט הערשען אין איהר קעניגרייך.

מיט דעם דאָזיגען צוזאָג האָט זי געוואונען זיין הארץ. איבער דער האָפנונג אז די אידישע אמונה וועט ווערען די הערשענדע אין איהר קעניגרייך איז ער גרייט געווען מיט איהר חתונה צו האָבען.

זענען אָבער אָנגעקומען דריי חכמים: רב חייא בר אבא,

רב אימי און רב איסי, רב יוחנן׳ס תלמידים צו עולא׳ן און אז זיי האָבען געהערט וואָס ער געהט טאָן, האָבען זיי איהם שטאַרק אָבגערעדט דערפון. רב אימי האָט איהם געעפענט די אויגען און בעוויזען וואָס פאַר א פערשייטע אויסגעלאַסענע פרוי זינאוויא איז. ער האָט איהם דערצעהלט, אז מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט זי אויסגעשפרייט א נעץ פאַר זיינס א חבר, זעיר בן חנינא, וואָס איז אויך געווען פרום און נישט געוואָלט זיך לאָזען איבעררעדען פון איהר.

זי האָט געזעהן, אז ער וויל נישט נאָכגעבען איהר פערלאַנג, האָט זי איהם געוואָלט אומברענגען, נאָר א נס איז געשעהן און ער האָט געראַטעוועט זיין לעבען. איהר מאַן׳ס מערדער, זיין פּלימעניק, האָט זיך דעמאָלט אריינגעריסען אין איהר צימער און זי געוואָלט דער׳הרג׳ענען, ווייל זי האָט איהם פערראַטען און געזוכט ליעבע ביי אנדערע.

אין פּאַלאַץ איז דעמאָלט געוואָרען א גרויסער טומעל איז זעיר בן חנינא אנטלאָפען. ווען נישט וואָלט זי איהם זיכער געטויט.

— ווען אפילו זי מיינט דאָס ערנסט — האָבען די חכמים געזאָגט צו עולא׳ן — זי וויל זיך מגיר זיין, קען מען זי נישט אָננעמען. לויט דעם אידישען דת טאָר מען נישט נעמען קיין גרים פון תדמור. איצט איז די לאַגע אין דערהיים א סך בעסער. שאבור האָט זיך בעפעסטיגט אין לאַנד. מען בויט שוין הייזער אין נהרדעא. פאַר דער איינער ישיבה פון נהרדעא האָבען מיר איצט פיער ישיבות: אין מחוזא, אין שלהי, אין שכנציב און אין פומבדיתא. נאָר די ישיבה אין סורא האָט נישט קיין ראש. רב׳ס זוהן חייא איז א קראַנקער און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל פערנעמען אונזער גרויסען רב׳ס אָרט.

— און וואָס איז מיט הדסה׳ן? — האָבען די חכמים איהם געפרעגט — זי איז א לעבעדיגע אלמנה אין איהר פאָטער׳ס הויז. זי וואַרט אויף דיר. איהרע אויגען קוקען אויס אויף דיר, איהר הארץ געהט אויס דו זאָלסט קומען צו איהר און זי נעמען פאַר א ווייב.

עולא האָט גלייך פערטריבען אלע געדאַנקען וועגען זי־

נאוויא'ן און ער האָט זיך בעראַטען מיט די חכמים ווי צו ראַטעוועען זיך פון איהר בעס.

— אנטלויף גלייך נאָך ארץ־ישראל — האָבען זיי איהם געזאָגט — דאָרט הערשען נאָך די רוימער. דער גובערנאַטאָר פון קסריה וועט נישט לאָזען זינאוויא'ן דיר טאָן שלעכטס. דערנאָך וועט איבו ברענגען הדסה'ן נאָך ארץ ישראל און דו וועסט מיט איהר חתונה האָבען.

עולא האָט דאָס דערצעהלט איסור'ן און רחל'ען, זיי האָבען איינגעשטימט. ביינאַכט האָט ער זיך אויפגעזעצט אויף א פלינק פערד און געלאָפען ביז בארות. ער האָט גע־כאַפּט די ערשטע שיף און אָנגעקומען נאָך יפו. פון יפו איז ער אוועק נאָך לוד אין דער ישיבה פון ר' יהושע בן לוי און זיך געזעצט לערנען.

---

אז עולא איז צו־מאָרגענס נישט געקומען אין פּאַלאַץ, האָט זינאוויא געשיקט נאָך איסור'ן און איהם געפרעגט אויף עולא'ן. איסור האָט געשוויגען און זי האָט גלייך דערקענט, אַז ער בעהאַלט עפּעס פון איהר.

זי איז געוואָרען שרעקליך בייז, האָט איהם דערקלערט פאַר א פערדעטער און איהם איינגעזעצט אין תפיסה. זי האָט בעפוילען מען זאָל איהם אזוי לאַנג פייניגען ביז ער וועט איהר אויסזאָגען דעם אמת וועגען עולא'ן.

א גאַנצען טאָג האָט רחל געוואַרט אויף איסור'ן ער זאָל קומען. פאַרנאַכט איז זי אוועק אין פּאַלאַץ און געוואָהר גע־וואָרען וואָס עס איז געשעהן. זי איז גלייך אהיים געלאָפען און געזאָגט די דריי חכמים זיי זאָלען תיכף אנטלויפען. זייער לעבען איז אין גרויס סכנה.

זיי האָבען זי געפאָלגט און אַנטלאָפען. זינאוויא'ס סאָלדאַטען האָבען זיי נאָכגעיאָגט. צוויי חכמים האָבען זיך געראַטעוועט. נאָר רב אימי איז אריינגעפאַלען אין זייערע הענד אריין. אַלע האָבען זיך מייאש געווען פון זיין לעבען. זיי האָבען געקענט זינאוויא'ן און איהר גרויזאַמקייט. דער העל־דישער ר' שמעון בן לקיש האָט זיך אָבער איינגעשטעלט דאָס לעבען און נאָכגעלאָפען די סאָלדאַטען. ער האָט זיי דעריאָגט

און עס איז איהם געלונגען פאר א סך געלד אויסצולייזען רב אימי׳ן פון א זיכערען טויט.

זינאוויא האט ארויסגעשיקט א שטארקע אבטיילונג סאלדאטען צו כאפען עולא׳ן. זיי זענען געגאנגען אויף זיינע שפורען ביז זיי זענען געקומען ביז לוד. צוויי סאלדאטען זע־נען געקומען צו ר׳ יהושע בן לוי און געפאדערט ער זאל זיי ארויסגעבען עולא׳ן. אויב נישט וועלען זיי אונטערצינדען די שטאדט.

ר׳ יהושע בן לוי האט נישט געוואוסט וואס צו טאן, ער איז געגאנגען צו עולא׳ן און איהם געזאגט, אז לויט דעם דין דארף ער זיך איבערגעבען צו די סאלדאטען און ראטעווען מיט זיין לעבען די גאנצע שטאדט.

עולא האט איהם געפאלגט און ארויס צו די סאלדאטען. זיי האבען איהם געשמידט אין קייטען און אוועקגעפיהרט נאך תדמור און ארייגעשליידערט אין געפענגניש, וואו איסור איז געזעסען.

זינאוויא האט זיך נישט געאיילט זיי צו פער׳משפט׳ען. זי האט געוואלט פריהער כאפען די דריי חכמים, וואס האבען אנגערעדט עולא׳ן צו אנטלויפען. די דריי חכמים זענען גע־ווען אין טבריה, וואס איז געווען אונטער׳ן שוץ פון רוימי־שען גובערנאטאר פון קסריה. האט זי געפאדערט פון גובער־נאטאר ער זאל איהר ארויסגעבען די דריי חכמים. ער וואלט איהר געווען צוליעב געטאן. נאר ר׳ אבוהו פון קסריה, וואס איז געווען געליעבט ביי די רוימער, האט זיך איינגעשטעלט פאר זיי און דער גובערנאטאר האט אבגעזאגט איהר פער־לאנג.

איז זי געווארען בייז און געגאנגען מיט א גרויסע ארמעע אויף ארץ־ישראל. זי האט איינגענומען דאס לאנד און ארויס־געיאגט דאס רוימישע מיליטער. און די חכמים האבען זיך געמוזט בעהאלטען אין הייהלען און פעלזען שפאלטען, זי־נאוויא׳ס גרויזאמער האס זאל זיך נישט אויסגיסען אויף זייערע קעפ.

זי האט אנגערעדט דעם רוימישען גובערנאטאר פון עגיפ־טען ער זאל זיך אברייסען פון רוים און זיך קרוינען אלס

קעניג פון מצרים און מיט איהר אינאיינעם פערטרייבען די רוימער פון גאנצען אָריענט.

איהר פּלאַן איז געלונגען. זי האָט בעזיעגט איין לאנד נאָכ'ן אנדערן. זי האָט פערטריבען די רוימער און געהערשט איבער אַלע לענדער פון פּרת ביז דעם מיטעללענדישען ים, עגיפּטען און קליין אזיען.

דעמאָלט איז געווען קייסער פון רוים דער בעריהמטער העלד אָריאַליאַנוס. ער האָט צושלאָגען די גאטען, די וואנ־דאלען, די סאראמאטען און אַלע געגנער פון רוים. ער איז געווען דער פעסטער זעלבסטהערשער פון רוים. און ער האָט זיך גענומען צו זינאוויא'ן, וואָס האָט געוואָלט געהן אויף רוים. זי האָט שוין געהאט א גאָלדענע קארעטע גרייט אויף איהר זיעג־צוג אין די טויערן פון בעזיעגטען רוים.

די ערשטע אָפענע שלאַכט איז פאָרגעקומען צווישען רוימישען קייסער און זינאוויא'ן לעבען אנטאכיען. זי האָט געהאט א שרעקליכע מפּלה און אנטלאָפען נאָך תדמור. דער רוימישער קייסער האָט זי נאָכגעיאָגט און בעלאַגערט די שטאָדט און נישט צוגעלאָזט קיין שפּייז.

זינאוויא האָט געזעהן, אז ס'איז שלעכט, האָט זי זיך ארויסגע'גנב'עט פון שטאָדט און געוואָלט אָנקלייבען א פריי־שע אַרמעע פון די וואנדערנדע אראבער. רוימישע סאָלדאטען האָבען זי אָבער געכאפּט און געבראַכט צום קייסער און ער האָט זי געשטעלט צום געריכט אָנגעקלאגט אלס רעבעל.

זי האָט געוואָרפען די גאנצע שולד אויף איהרע ראטגע־בער. תדמור האָט זיך גלייך אונטערגעגעבען און דער קייסער האָט אומגעבראַכט אַלע ראטגעבער. נאָר דער געוועזענער בישאָף פּויליוס האָט זיך געראַטעוועט און איז אַנטלאָפען.

דער קייסער האָט פערנומען זינאוויא'ס פערמעגען און דאָס געהאלטען אויף דעם טאָג ווען ער וועט אריינפאָהרען נאָך רוים אַלס זיגער מיט דער געפאנגענער זינאוויא און איהר גאַנץ גוטס.

---

דעם זעלבען טאָג האָט דער קייסער געעפענט דאָס גע־פענגניש פון תדמור און בעפרייט אַלע ארעסטירטע. עולא און איסור זענען אויך ארויס פריי, רחל האָט געווארט אויף

זיי ביים טויער פון תפיסה און זיי האָבען זיך מיט גרויס פרייד אומגעקערט אהיים און אָבגעגעבען לויב צו גאָט וואָס ער האָט זיי מציל געווען פון טויט.

זיי האָבען שוין נישט געוואָלט בלייבען אין תדמור. רחל האָט געבענקט נאָך נהרדעא, איהר געבורט־שטאָדט. איסור האָט פערקויפט זיינע פעלדער און מיטגענאָנגען מיט זיי נאָך בבל.

זיי האָבען בעשלאָסען פריהער פאָהרען נאָך סורא און זיין אויף עולא׳ס חתונה. איסור און רחל זענען פריהער געגאנגען צו איבו׳ס גוט, אָנזאָגען הדסה׳ן די גוטע בשורה. די איידעלע הדסה האָט זיי קוים געגלויבט. באַלד איז עולא אליין אָנגעקומען און די פרייד איז געווען גרויס ביז אונטער׳ן הימעל.

באַלד האָט מען אריינגעבראכט א בלומען־טאָפּ מיט פרישע ערד און א הויפען גערשטען. אלע וואָס זענען געווען אין שטוב האָבען גענומען די גערשטען און אריינגעשטעקט אין טאָפּ ערד, בעגאָסען מיט וואַסער און אוועקגעשטעלט אויפ׳ן פענסטער. עולא האָט נישט געוואוסט וואָס דאָס בעטייט און ער האָט געפרעגט וואָס זיי טוען.

— מיט דיין פרעגען ווייזטו, אז דו ביזט נישט געבוירען אין בבל — האָט די כלה׳ס מאַמע געזאָגט מיט א ליכטיגען שמייכעל — זאָלסט וויסען, אז ביי אונז איז אַזא מנהג: פאר דער חתונה זייהט מען גערשט אין דער כלה׳ס הויז. ווען עס הויבט אָן וואַקסען גראָז, איז דאָס א גוטער סימן אז די צייט איז געקומען צו שטעלען די חופה.

— פאַר וואָס זייהט מען נאָר גערשט ? — האָט עולא געפרעגט.

— פרעג ווייניגער קשיות — האָט רחל געזאָגט מיט א שמייכעל — עס קען פערדריסען די כלה. דו ווילסט דען אָבלייגען די חתונה אויף אַ לענגערע צייט ?...

רחל האָט געענדיגט און געוואָרען שטאַרק רויט.

דאָ האָט עולא זיך דערמאָנט אז גערשט וואַקסט גיכער פון אלע תבואות. ער האָט שוין געשוויגען און נישט געפרעגן קיין קשיות.

אין אכט טאָג ארום איז דער טאָפּ געוואָרען בעדעקט

מיט גרין גראָז און מען האָט זיך גענומען גרייטען צו דער חתונה. מען האָט אָנגעצונדען אַ סך ליכט אין דער כלה'ס הויז און אנגעזעהענע פרויען זענען געקומען אין שטוב אריין שפּילען ביי די ליכט און זינגען פאר דער כלה ליעבע ליעדער.

די חופּה האָבען זיי אויסגעפּלאָכטען פון לולבים און הדסים. עולא און הדסה זענען געשטאַנען אונטער דער חופּה. הדסה'ס אויגען האָבען אַרויסגעלויכטען פון איהר שלייער ווי שטערן פון אַ נעפּעל. איהרע ליפּען די קליינע רויט־פּייערדי־גע האָבען געברענט צו די קושען פון ליעבע.

די אונטערפיהרער האָבען געהאַלטען רעהרען מיט גוטען וויין און טייערן אויל און דעם אויל געגאָסען אויף די קעפּ פון די חכמים וואָס זענען געקומען אויף דער חתונה. די זינ־גער האָבען געזונגען, די שפּילער — געשפּיעלט. אַלע געסט האָבען געטאַנצט פּרעהליכע טענץ. און די חכמים האָבען גע־טאַנצט פאר דער כלה און זי געלויבט און געריהמט מיט די גרעסטע שבחים ביז שפּעט אין דער נאַכט.

צומאָרגענס איז דאָס יונגע פּאָרפּאָלק אוועק אין שטאָדט אין הויז וואָס איז געוואָרען אָנגעגרייט פאר זיי. אין בבל איז געווען איינגעפיהרט אז דער איידים האָט נישט געטאָרט וואוינען אינאיינעם מיט שווער און שוויגער.

אין עטליכע חדשים ארום האָט עולא גענומען הדסה'ן און זיי האָבען זיך אומגעקערט נאָך ארץ ישראל אויף דעם גוט וואָס עולא האָט געהאַט איבערגעלאָזט ווען ער איז אוועק נאָך בבל.

אויפ'ן וועג אהיים זענען זיי פערבייגעפאָהרען תדמור און זיי האָבען דערזעהן די שטאָדט איז וויסט און קיין לעבעדיג נפש וואוינט נישט דאָרט. זיי האָבען געוואָהר געוואָרען אַז באַלד ווי דער רוימישער קייסער איז אוועק פון תדמור האָ־בען די איינוואוינער אויסגע'הרג'עט דעם רוימישען לעגיאָן, וואָס איז געבליבען אין שטאָדט אַלס וואַך.

ווען דער קייסער האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז ער אין גרויס צאָרן געגאַנגען צוריק נאָך תדמור, אַלע איינוואוינער פערלענדט און גענומען פיעל פון זיי אין געפאַנגענשאַפט. דערנאָך האָט ער צושטערט אַלע הייזער און פּאַלאַצען און פערברענט ביז'ן גרונד.

דער סוף פון תדמור איז געווען ווי ירושלים'ס סוף. אלע איינוואוינער גע'הרג'עט און פערטריבען און פון די געביידעס איז נישט געבליבען א שטיין אויף א שטיין. דאָס וואָס תדמור האָט געהאָלפען טאָן צו ירושלים איז מיט איהר אליין געוואָרען געטאָן.

אין א יאָהר אַרום האָט הדסה געהאַט א יונגעל און עולא האָט איהם א נאָמען געגעבען אבא, נאָך הדסה'ס גרויסען זיידע רב, וואָס האָט געהייסען אבא. און זיי האָבען תפלה געטאָן צו גאָט ער זאָל זיין געראָטען אין זיין עלטער־זיידע.

נאָכ'ן ברית האָט רבי גמליאל דער פירטער, דער נשיא פון ארץ־ישראל, געשיקט עולא'ן מיט ר' יהושע בן לוי נאָך רוים זיי זאָלען בעגריסען דעם קייסער אוריאלענוס אויף זיין טריאומף־רייזע פון זיין גרויסען זיעג אין אָריענט.

ביים טריאומף־טויער זענען געשטאַנען ר' יהושע בן לוי, עולא און נאָך חכמים און זיי האָבען געזעהן דעם טריאומף־צוג. פריהער האָט מען געפיהרט צוואַנציג העלפאַנטען, אכט אינדען, פיער לעמפּערטען און פיער פאַנטערן.

דערנאָך זענען געגאַנגען אכט הונדערט פאָר אַטלעטען, וואָס דארפען זיך שלאָגען אין דער ארענא. הינטער זיי געפאַנגענע פון זיבעצעהן פעלקער וואָס זענען בעזיגט געוואָרען אין די מלחמות פון קייסער. צווישען זיי איז געווען אן אבטיילונג אמזאנקעס, און קעניגין זינאַוויא'ס גאָלדענע קארעטע, וואָס זי האָט אָנגעגרייט אויף איהר זיעג־צוג, ווען זי וועט האָבען איינגענומען רוים.

עס זענען אויך געפיהרט געוואָרען געשלאָסען אין קייטען די דאָזיגע געפאַנגענע: טאַטריקוס, דער פעלד־מאַרשאַל פון די לעגיאָנען אין גאַליען (פראַנקרייך), וואָס האָט מורד געווען אין רוים און זיך דערקלערט אלס הערשער פון גאַליען, שפּאַניען און בריטאַניען, טאַטריקוס'עס זוהן, דער גובערנאַטאָר פון מצרים מיט א שטריק אויפ'ן האלז פער'משפט צום טויט, און גאָר פון הינטען די קעניגין זינאַוויא, די הענד געשמידט אין גאָלדענע קייטען און אויפ'ן האלז א גאָלדענער האלזבאַנד מיט א לאַנגע גאָלדענע קייט. די קייט האָט געהאַלטען א סיריער וואָס האָט געהאַלטען אין איין שפּעטען פון איהר.

הינטער די געפאַנגענע איז דער קייסער געפאָהרען אין זיין עהרען־קארעטע איינגעשפּאַנט מיט פיער הירשען. ער איז צוגעפאָהרען צום קאפּיטאליום און מקריב געווען די הירשען צו זיין אָבגאָט יופּיטער.

זינאוויא איז פערבייגעפאָהרען די חכמים און זיך איינגע־קוקט אין זיי. זי האָט דערקענט עולא'ן און געוואָרען בלאַס ווי קאַלך און זי איז שיער אומגעפאַלען. דער סיריער האָט אָבער א ציה געטאָן די קייט און זי געשלעפּט צוריק. באַלד איז זי געוואָרען שטארק רויט ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט איהר געזעצט אין פּנים. זי האָט אָבער געהאַט נאָך שטאָלץ, האָט זיך געשטארקט, אוועקגענומען די אויגען און מעהר נישט געקוקט אויף עולא'ן.

עולא האָט געהאַט עגמת נפש פון דעם בילד. עס האָט איהם וועה געטאָן דאָס הארץ אויף זינאוויא'ן, וואָס האָט געהאַט א סך גוטע מעלות, א ירושה פון איהר אידישען על־טער־זיידע. נאָר אין איהר דערוויטערונג פון אידען איז זי געוואָרען אַלץ מעהר פערדאָרבען ווי אלע לייט פון תדמור, וואָס האָבען געשטאַמט פון אידען און אָנגעטאָן אידען פיעל בייז.

---

די מגלה הט געשריבען עולא בן קושב, דער זעקסטער דור פון יהושע בן גרסה, פון דוד המלך'ס משפחה, אין יאָהר פיער טויזענט זעקס און פערציג. און ער האָט די מגלה גע־לאָזען צוזאמען מיט די פריהעריגע מגלות א ירושה פאר זיין זוהן אבא. ער האָט צוגעשריבען די דאָזיגע ווערטער צו זיין זוהן:

אבא, מיין קינד!

איך לאָז דיר איבער די מגלה צוזאמען מיט די מגלות פון מיינע עלטער־זיידעס. אויך לאָז איך דיר איבער דעם אייזענעם רינג, וואָס איך האָב געטראָגען אויף מיין האַלז אין דער צייט פון מיין קנעכטשאפט.

די צייט, ווען לויט גאָטס ווילען בין איך אין בבל גע־נומען געוואָרען אין געפאַנגענשאפט און פערקויפט געוואָרען פאר אן אייביגען קנעכט.

דערנאָך האָט גאָט מיך אויסגעלייזט פון קנעכטשאפט,

דער הערר וואָס האָט מיך געקויפט איז געוואָרען מיין גוטער חבר און געטרייער פריינד. איך האָב געזעהן תדמור אין איהר גרויסקייט און אין איהר געפאלענקייט.

תדמור איז געפאלען אין די הענד פון זעלבען קעניגרייך וואָס האָט חרוב געמאכט אונזער לאנד. זיבען מאָל איז דאָס בייזע רוים געפאלען און צוריק אויפגעשטאנען. די מאָס פון רוים'ס זינד איז נאָך נישט פול. עס וועט אָבער קומען איהר סוף!

צווישען די געפאנגענע וואָס רוים האָט געפיהרט האָב איך געזעהן קינדער פון נייע פעלקער וואָס זענען ערשט בעקאנט געוואָרען אויף דער וועלט. די געזונטע פנים'ער פון די דאָזיגע געפאנגענע דריקען אויס יונגען מוט און גרויס העלדישקייט. די רוימישע זיעגער זעהן אויס קעגען זיי אַלט, מיעד און שוואך. רוים וועט אונטערגעהן דורך איהרע זיעגען. זי וועט פאלען.

צוועלף יאָהר זענען אוועק פון דעם טאָג וואָס איך און ר' יהושע בן לוי זענען געשטאנען לעבען טריאומף־טויער אין רוים, ווען דער קייסער איז צוריקגעקומען געקרוינט מיט זיין גרויסען נצחון. עס איז אָבער פיעל געענדערט געוואָרען די לאַגע אין רוים.

א יאָהר נאָך דער טריאומף־רייזע איז דער קייסער דער־מאָרדעט געוואָרען פון זיינע אייגענע גענעראלען אויפ'ן וועג פון זיין מלחמה אויף פערסיען. נאָך איהם האָט רוים שוין געהאַט זעקס קייסאָרים. איינער נאָך דעם אַנדערן איז גע'־הרג'עט געוואָרען דורך די הענד פון זייערע געגעראלען.

היינט איז דאָ א נייער קייסער, דיאקלעטאנוס, א געווע־זענער חזירים פאסטוך. היינט איז ער דער פאסטוך פון פעל־קער. מען זאָגט, אז ער איז א פעהיגער מאַן און הערשער. רוים איז שוין אָבער אומפעהיג צו הערשען. איהרע זינד זענען צו שווער. זי איז געוואָרען געשוואָלען פון פרעמדען האָב און גוטס. זי איז אַלט און מיעד. נייע פעלקער געהן אויף איהר און שטערן איהר רוה און זיי ווילען זי נישט אָב־לאָזען ביז זיי וועלען זי צוטרעטען.

רוים איז יעצט ווי דער גרויסער שלאַנג אין די מזרח־וועלדער, וואָס פרעסט זיך אָן א פולען בויך און ווערט שוואך

און מיעד, אז קינדער קענען זיך שפּילען מיט איהם.

רוים׳ס סוף איז נאָהנט. און אויב מיר וועלען נישט דער־לעבען צו זעהן איהר סוף, וועלען אבער אונזערע קינדער זיכער דאָס דערלעבען. עס וועט נישט דויערן לאַנג און עס וועט קומען א סוף צו רוים.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער
עולא בן קושב, דער זעקסטער דור פון
יהושע פון גרסה, אן אור־אייניקעל פון
שמעון בן יאיר פון הלל הנשיא׳ס
משפחה, פון מלכות בית דוד.

# דעם קייסער׳ס בריעף

נייע צרות זענען געקומען אויף אידען. ערגערע פּיין ווי פריהער. נישט קיין געצענדינער האָבען יעצט געפּייניגט די אידען, נאָר מענשען וואָס האָבען געזאָגט, אז זיי גלויבען אין איינציגען גאָט ווי די אידען. די פּייניגער האַלטען אפילו די הייליגע אידישע ספרים פאר׳ן קוואַל פון זייער גלויבען, זיי האַלטען, זאָגען זיי, די תורה פון ליעבע און גענאָד פון איין מענש צום אַנדערן און זיי ווילען פערטיליגען אלע אידען. זענען די ביטערסטע פיינד פון אידישען פאָלק און זאָגען, אז די אידען בלאָנדזשען און זענען אומגלויביג.

דער קייסער דיאָקלעטאַנוס איז געווען אן עהרליכער, גערעכטער הערשער. ער האָט געטאָן גענאָד מיט די אידען און זיי געלאָזט לעבען אומגעשטערט לויט דער תורה און די אמונה פון זייערע עלטערן.

דאָס איז געווען א גרויסע טרייסט פאר אידען און זיי האָבען איהם זיבען מאָל א טאָג געבענטשט. די אידען האָבען זיך שוין צוגעוועהנט צו טראָגען דעם יאָך, אראָפּבויגען דעם קאָפּ און צאָהלען צינזען צו פרעמדע הערשער. זיי האָבען שוין זיך אונטערגעגעבען יעדען הערשער וואָס האָט געוועלטיגט איבער זיי, גלויבענדיג, אַז דאָס איז גאָט׳ס ווילען. האָבען זיי אָבגעגעבען כבוד דעם הערשער און איהם אויך ליעב געהאַט, אויב ער האָט זיי נישט געשטערט צו דינען גאָט, אָבהיטען די מצוות און צו לעבען לויט דער תורה פון זייערע עלטערן.

נאָך פיעל איבערקערענישען איז קאָנסטאַנטין דער גרויסער ארויף אויפ׳ן רוימישען טראָהן.

אין דער ערשטער צייט פון זיין הערשאַפט האָט ער זיך

גוט בעצויגען צו אלע גלויבענס אָהן אונטערשיעד. יעדען איינעם האָט ער געלאָזט פריי דינען זיין גאָט. ער האָט אויך ארויסגעגעבען א גלייכבערעכטיגונג־געזעץ פאר אלע אמונות אין ניי־רוים, אין מעדעאָלאנום (מילאנא).

איינציגוויים איז ער אָבער געגייגט געוואָרען צו קריס־טענטום און שפעטער האָט ער אָנגענומען דאָס קריסטליכע גלויבען.

די קריסטען וואָס זענען פריהער שטארק פערפאָלגט גע־וואָרען פון אלע רוימישע הערשער, האָבען איצט אויפגעהוי־בען דעם קאָפּ. זייערע גלחים, וואָס זענען פריהער געווען שטילע, עהרליכע לייט און האָבען אָבגעגעבען זייער לעבען פאר זייער גלויבען, זענען איצט דערהויבען געוואָרען פון דער רעגירונג און געקראָגען פון איהר פיעל הילף.

באַלד ווי די גלחים האָבען געקראָגען מאכט האָבען זיי אָנגעהויבען צו פערפאָלגען די אידען און טרעטען מיט די פיס יעדען אידען.

דער קייסער האָט ארויסגעגעבען א געזעץ, אז די אידען טאָרען נישט אויפנעמען קיין גרים און ארויף געלייגט א שווערע שטראף אויף די וואָס זענען זיך מגייר און אויף די אידען וואָס נעמען זיי אויף.

פון דעמאָלט אָן האָבען נאָר דיקריסטען געמעגט אויפ־נעמען גרים. דאָס קריסטענטום איז געוואָרען די הערשענדע אמונה אין לאנד.

די הויכע גלחים האָבען געהאט א פערזאמלונג אין ניצא, וואו דער קייסער איז געווען פאָרזיצענדער, און דעמאָלט האָבען זיי איבערגעריסען יעדע שייכות וואָס זיי האָבען גע־האט מיט אידען. דעמאלט האָבען זיי בעשלאָסען איינצו־פיהרען זונטאג אנשטאט שבת און בעשטימט, אז זייער פאס־כא זאל קיינמאָל נישט אויספאַלען אין איין צייט מיט'ן אי־דישען פסח, זייערע פייערטעג זאָלען זיך נישט אָנגעהערען מיט די יום־טובים פון די אידען, וואָס "גאָט האָט זיי פיינט".

דער קייסער האָט זיך אויסגעקליבען ביצאַנץ פאר זיין רעזידענץ־שטאָדט און איהר א נאָמען געגעבען קאָנסטאנטי־נאָפּאָל.

ווען זיין זוהן קאָנסטאנציוס איז געוואָרען קייסער איז

נאָך ערגער געוואָרען פאר אידען. קאָנסטאַנציוס איז געווען א שרעקליכער, בלוטדורשטיגער מאַן. ער האָט דערמאָרדעט זיינע אייגענע ברידער, פעטערס און די גאַנצע פאַמיליע, ער זאָל בלייבען דער איינציגער הערשער.

דער מערדערישער קייסער האָט שרעקליך פערפאָלגט די אידישע חכמים פון טבריה און זיי ארויסגעטריבען. דעמאָלט איז בטל געוואָרען די ישיבה אין טבריה און מען האָט אויפגעהערט לערנען תורה אין הייליגען לאַנד.

די גלחים האָט ער אויך נישט געלאָזט צורוה. ער האָט זיי געצוואונגען צו רעפאָרמען אין קריסטענטום און ער פלעגט אלע מאָל זאָגען: "מיין ווילען דאָס איז די רעליגיאָן".

א ביטערער רעליגיעזער קאַמף איז אָנגעגאַנגען אין קייסערליכען הויף, און אין דעם קאַמף האָבען די אידען מורא׳דיג געליטען. די קעמפער און געגנער האָבען גלייך פיינט געהאַט אידען.

דער קייסער האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז קריסטען טאָרען זיך נישט משדך זיין מיט אידען און האָט בעשטראַפט מיט׳ן טויט יעדען וואָס האָט עובר געווען אויף דעם בעפעהל. ער האָט אויך ארויסגעגעבען א געזעץ, אז קריסטען טאָרען נישט דינען ביי אידען, די "גאָט מערדער".

וואָס א טאָג איז געוואָרען ערגער ביז עס האָט שוין נישט געקענט זיין ערגער.

דער קייסער האָט געשיקט זיין פריינד גאַלוס צו פיהרען קריעג מיט פערסיען. גאַלוס האָט אָבער זיך נישט געמישט אין קריעג, נאָר געהוליעט מיט אויסגעלאַסענע פרויען. די קריעג־פיהרונג האָט ער איבערגעגעבען א גענעראַל.

ביידע האָבען שרעקליך געדריקט די אידען פון ארץ־ישראל, און וויניג איז געווען וואָס אידען האָבען געמוזט צאָהלען שווערע צינזען, האָבען זיי נאָך געמוזט אויסהאַלטען דאָס גאַנצע מיליטער און באַקען פאר זיי ברויט אום שבת און אפילו פסח.

דריי יאָהר האָבען זיי אזוי געמאַטערט די אידען ביז עס איז געוואָרען אונמעגליך אויסצוהאַלטען, האָבען די העלדישע

מוטיגע אידען צוזאמענגענומען די לעצטע קרעפטען און גע־פּרובט זיך בעפרייען פון די אונטערדריקער.

אין צפורי זענען זיי בעפאלען די שטאָדט־וואך און זיי דער׳הרג׳עט. זיי האָבען צוגענומען דאָס רוימישע געוועהר און געגאנגען נאָך טבריה און לוד און אויסגע׳הרג׳עט די דאָרטיגע רוימישע סאָלדאטען. דער אויפשטאנד האָט זיך צוברענט און געוואָרען פון טאָג צו טאָג שטארקער.

לאנג האָט דאָס אָבער נישט אָנגעהאלטען. קאָנסטאנציוס האָט געשיקט פרישע לעגיאָנען צו גאלוס׳ען און זיי האָבען דערשטיקט דעם אויפשטאנד מיט דער שוידער־ליכסטער גרויזאמקייט. האָבען פערוויסט די אלע שטעדט וואָס האָבען זיך בעטייליגט אין דער מרידה און די וואָס האָבען זיך גע־ראטעוועט דאָס לעבען האָבען געמוזט א צייט לאנג זיך בעה־אלטען אין פינסטערע הייהלען און גריבער.

דער קייסער האָט דעמאָלט ארויסגעגעבען א גזרה, אז קיין איד טאָר נישט לערנען און נישט אָבהיטען די מצוות.

אויך אין בבל האָט זיך די אידישע לאגע געענדערט. דער נייער קעניג פון בבל, שאבור דער צווייטער, איז געווען א שונא־ישראל און ער האָט געפאנגען פיעל אידען פון ארם און זיי געצוואונגען וואוינען אין די וויסטע ערטער פון זיין לאנד.

ער האָט ארויפגעלייגט שווערע צינזען אויף די אידען פון בבל און צוגענומען ביי זיי דאָס רעכט צו מיגען משפט׳ען צווישען זיך. ער האָט געוואָלט פיעל שלעכטס טאָן צו אידען, נאָר זיין מוטער איז געווען אן אנהענגערין פון די אידען און זי האָט זיי געראטעוועט פון א סך בייז.

דאָס לעבען אין ארץ ישראל איז געווען זעהר ביטער. אפילו נאָכ׳ן שענדליכען טויט פון גאלוס׳ן און זיין גענעראל איז אלץ נישט געוואָרען גרינגער. קאָנסטאנציוס האָט גע־האלטען, אז דער וואָס פייניגט אידען געפינט חן און לייט־זעליגקייט אין גאָט׳ס אויגען.

אז אידען האָבען שוין געהאט פערלוירען אלע האָפנונגען האָט פלוצלונג אויפגעשיינט די הילף פאר זיי. דער נייער קייסער יוליאנוס, גאלוס׳עס א ברודער, איז געווען א

אמת׳ער אידענפריינד. ער האָט געוואָלט פערניכטיגען די אידען פאר אלדאָס בייז וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען פון רוים.

---

ווען קאָנסטאנציוס האָט פערטיליגט די קעניגליכע פאַמיליע האָט ער רחמנות געהאַט אויף צוויי שוועסטער־קינדער קליינע אינגלעך, גאלוס און יוליאנוס, און האָט זיי געלאָזט לעבען.

ער האָט זיי אוועקגעגעבען צו די מאָנאַכען זיי זאָלען זיי ערציהען אלס גלויביגע קריסטען. זעקס יאָהר האָט יוליאנוס געלערנט ביי די מאָנאַכען און דערנאָך איז ער אוועק נאָך קליין־אַזיע און געלערנט די גריכישע פילאָזאָפיע.

ער האָט אָנגעהויבען פיהלען א ווידערווילען צום קריסטענטום און אז ער איז געווען איין אַטען האָט ער שוין גאָר נישט געהאַלטען דערפון.

אז ער איז געוואָרען פֿול־יעהריג איז ער געוואָרען דער הויפט־מאַרשאַל פון די רוימישע לעגיאָנען אין גאַליען צו בעשיצען דאָס לאנד פאר די גערמאַנען. ער האָט צוקלאַפּט די אלאמאנען (דייטשען) אין א שלאכט לעבען ארגנאטאָראַטום (שטראסבורג), און ער האָט געצוואונגען די פרענקען צו שליסען פריעדען מיט רוים.

ער איז געוואָרען בעריהמט אַלס גרויסער העלד און ער איז געווען גוט צו אַלעמען. האָט דער קייסער זיך דערשראָקען פאר זיין שטייגענדען רוהם און ער האָט איהם געוואָלט אומברענגען. ער האָט צוגעשיקט א בעפעהל, אז יוליאַנוס זאָל איהם איבערשיקען כמעט דאָס גאַנצע מיליטער, ווייל ער דאַרף זיי פאַר דער מלחמה מיט פּערסיען.

דאָס האָט פערדראָסען די גענעראַלען פון די לעגיאָנען און זיי האָבען זיך פערזאמעלט אין לוטיציא פּאַריזארום (פּאַריז) און אויסגעקליבען יוליאַנוס׳ן פאר זייער קייסער.

קאָנסטאַנציוס האָט נישט געוואָלט איינשטימען און עס איז דערקלערט געוואָרען קריעג צווישען קאָנסטאנציוס׳ען און יוליאנוס׳ען. נאָך איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכען איז קאָנסטאנציוס געשטאָרבען און יוליאַנוס איז געוואָרען קייסער פון דער רוימישער אימפּעריע.

דרייסיג יאָהר איז יוליאנוס אַלט געווען ווען ער איז גע־וואָרען קייסער. ער האָט גלייך צוריק איינגעפיהרט דאָס גע־צענדינסט. די קריסטען האָט ער אָראָפּגעזעצט פון זייערע הויכע שטעלעס אין דער רעגירונג און אַרמעע.

די גלחים האָבען איהם שרעקליך געהאַסט און גערופען פערדרעטער. ער האָט זיך אָבער גאָרנישט געשראָקען פאַר זיי. ער האָט שטאַרק געשטיצט די פערשידענע קריסטליכע סעקטעס, וואָס זענען גע'רודף'ט געוואָרען פון די קאַטאָלי־קען.

ווי פיינט ער האָט געהאַט די קאַטאָליקען, האָט ער זיי אָבער נישט געפייניגט, נישט בעשטראַפט, נאָר געקעמפט מיט זיי אין שריפט. ער האָט געמאַכט פון זיי דאָס גרעסטע געשפעט.

אַזוי שטאַרק ווי ער האָט געהאַסט די קאַטאָליקען, האָט ער ליעב געהאַט די אידען. ער האָט אָבגעגעבען גרויס כבוד צו אידען איבער זייערע ריינקייט־געזעצען, איבער זייער רחמנות און גערעכטיגקייט געפיהל.

ער האָט אידען אומגעקערט דאָס רעכט צו פיהרען זייער אידישען לעבען און צו קענען משפט'ען צווישען זיך. אידישע "אריסטאַנעס", הויכע בעאַמטע, וואָס דאָס פאָלק האָט אויס־געקליבען זענען געווען די ריכטער.

אין זיין צייט האָט זיך ווידער געעפענט די ישיבה אין טבריה. ער האָט זיך צונויפגעשריבען מיט הלל, דער זוהן פון ר' יהודה הנשיא, וואָס איז געווען דער ראש ישיבה אין טבריה און ער האָט איהם גערופען: "מיין ברודער".

דער קייסער יוליאַנוס האָט אויך אַרויסגעשיקט אַ בריעף צו אַלע אידישע קהלות פון זיין קעניגרייך, וואו ער האָט אויסגעדריקט גרויס ליעבע צום אידישען פאָלק וואָס ווערט געדריקט און געפייניגט פון זיינע אַלטע און נייע פיינד און ער האָט זיי פערזיכערט, אַז ער וועט זיי העלפען און בע־פרייען פון אַלע צרות.

אָט איז דער בריעף:

"צו די אידישע קהלות!

"פיעל צרות זענט איהר אויסגעשטאַנען זייט דעם טאָג וואָס איהר טראָגט אויף זיך אַ פרעמדען יאָך. די לעצטע ציג־

זען וואָס זענען ארויפגעלייגט געוואָרען אויף אייך זענען שוין פאר אייך צו שווער אויסצוהאַלטען. עס האָט נישט קיין שיעור די צאָהל גאָלד וואָס מען האָט אייך בעפוילען אריינצוטראָגען אין קייסערליכען שאַצקאַמער.

מיט מיינע אויגען האָב איך געזעהן דאָס אומרעכט און ־רויב וואָס איז אייך געטאָן געוואָרען. נאָכמעהר האָב איך געפונען אין די צינז-געזעצען וואָס ליגען אין רעגירונגס־ארכיוו, אַלץ איז נאָר אייך צו פייניגען און צו מאַטערן.

"איך האָב שוין אָבגעשאַפט איין צינז-געזעץ, וואָס איז גרייט געווען ארויסצוגעהן ווענען אייך. מיט מיינע הענ־דען האָב איך דאָס צינז-געזעץ אריינגעוואָרפען אין פייער. עס איז געוואָרען פערברענט. און קיינער זאָל אייך מעהר נישט וואָגען צו בעליידיגען און רופען גאָט׳ס לעסטערער.

"קאָנסטאַנציוס איז נישט שולדיג אין דעם געמיינעם געזעץ קעגען אייך, נאָר זיינע דריי ראַטגעבער, ווילדע באַר־בארען, גרויזאַמע לייט וואָס האָבען נישט גאָט אין הארצען.

"זיי האָבען דאָס געבראַכט דאָס בייז אויף אייך, אויס־טראַכטענדיג דאָס צינז אויף אייך, איהר זאָלט ווערען צו אייביגע שאַנד. איך האָב זיי געהייסען טויטען, זייער שלעכטס זאָל ווערען פערגעסען.

"איך וויל אייך ווייזען אַ צייכען פון מיין פריינדשאַפט צו אייך און איך האָב געשריבען צו מיין געעהרטען ברודער יוליוס (הלל) אייער נשיא, ער זאָל אייך נישט לאָזען מעהר צאָהלען די צינזען. אייך זאָל זיין גרינג אייער לעבען און איהר זאָלט לעבען צופרידען אין מיין קעניגרייך.

"אז איהר וועט שוין לעבען רוהיג, זאָלט איהר מיך דערמאַנען צו גוטען און מיט׳ן גאַנצען הארצען בעטען צו גאָט פאר מיר, איך זאָל זיין זיכער און שטאַרק.

"א געפייניגטע נשמה קען נישט דערהויבען זיך תפלה צו טאָן צו גאָט. רוהיגע, לעבענדיג אין פרידען וועט איהר זיך קענען דערהויבען און בעטען א ברכה ביי גאָט פאר מיר, גאָט זאָל מיר געבען כח אויסצופיהרען מיינע גוטע גע־דאַנקען.

"און אז גאָט וועט מיר העלפען און איך וועל זיך בשלום אומקערען פון מיין מלחמה מיט פערסיען, וועל איך קומען

אין דער הייליגער שטאָדט ירושלים, וואָס איך וועל ווידער אויפבויען און אייער לאנג־יאָהריגע האָפנונג וועט מקוים ווערען. ירושלים וועט בעקומען איהר אמאָליגען רוהם און גלאנץ און מיר וועלען אינאיינעם לויבען גאָט".

דעם בריעף האָט קייסער יוליאנוס ארויסגעשיקט פון אנטאכיען אויף'ן וועג צו דער מלחמה מיט שאַבור דעם צווייטען, דעם קעניג פון פערסיען. ער האָט אויך אין זיין מאניפעסט צו די פעלקער פון זיין קעניגרייך דערמאָנט די אידען צו גוטען און צוגעזאָגט מקיים צו זיין די שבועה, וואָס ער האָט געשוואוירען אָפצוגעבען כבוד דעם גאָט פון די אידען און אויפצובויען דאָס בית המקדש.

ער האָט בעפוילען אליפיוס'ען, דער געוועזענער גובערנאַטאָר פון בריטאַניען צו נעמען געלד פון דער קייסערליכער קאַסע און אָנפאנגען בויען דאָס בית המקדש. די גיבערנאַטאָרען פון סיריען און ארץ ישראל האָט ער אָנגעזאָגט צו העלפען דאָס בית המקדש זאָל גיך ווערען געבויט.

עס זענען געקומען די ארבייטער. מוליארעס, סטאָליארעס, שטיין־האַקער און טרעגער פון די פעלקער זענען געקומען מחנות־וויים נאָך ירושלים. און די אידען האָבען אָנגעפאנגען גראָבען דעם הר־הבית און אָברייניגען פון די חורבות און די קופות שטויב וואָס האָבען זיך אָנגעקליבען פאַר די לעצטע דריי הונדערט יאָהר.

פיעל אידען האָבען זיך שטאַרק געפרעהט און געהאַלטען יוליאנוס'ען פאַר א נייעם כורש, וואָס גאָט האָט געשיקט אויסצולייזען זיין פאָלק.

פון די ווייטסטע לענדער האָבען אידען געשיקט גאָלד און זילבער אויף'ן בית המקדש. די אידישע פרויען האָבען פערקויפט זייער צירונג און דאָס געלד אוועקגעגעבען אויף דער ארבייט.

די חכמים זענען אָבער נישט צופרידען געווען. זיי האָבען נישט געגלויבט, אז דאָס איז די ריכטיגע גאולה. זיי האָבען חושד געווען, אז יוליאנוס טוט דאָס ווייל ער האָט שטאַרק ליעב קרבנות. ער האָט אויך אויפגעבויט טעמפלען פאַר די גריכען און עגיפטער. אנדערע האָבען געזאָגט, אז

יוליאנוס טוט דאָס, ווייל ער וויל געווינען די אידען פון בבל אויף זיין זייט.

די חכמים האָבען געדענקט, אז האדריאן האָט געוואָלט אויפבויען דאָס בית המקדש און דערנאָך האָט ער געצוואונגען די אידען צו שמד. דערפאַר האָבען זיי געזאָגט, אז פון גוים קען נישט קומען די הילף פאַר אידען.

אז די חכמים האָבען נישט געהאַלטען פון יוליאנוס׳עס בויען דאָס בית המקדש, האָט דאָס פאָלק אויך אויפגעהערט ארבייטען. און אזוי ווי די ארבייט איז נאָר געוואָרען געטאָן פון גוים, האָבען זיי אינגיכען אויפגעהערט ארבייטען.

עס איז ארויס א קלאַנג, אז די וואָס האָבען געגראָבען אין הר־הבית צוצוקומען צום פונדאַמענט פון בית המקדש, זענען אומגעקומען אין די פלאַמען וואָס האָבען ארויסגעזועצט פון דער ערד. די איבריגע ארבייטער זענען פאַר שרעק צו־לאָפען.

אידען וואָלטען זיך נישט דערשראָקען פאַר׳ן פייער. זיי וואָלטען מיט מסירת נפש געארבייט אויפ׳ן בנין פון בית המקדש. די גוים האָבען זיך אָבער גלייך אָבגעטרייסעלט דערפון.

דערנאָך האָט מען געזאָגט, אז גאָט האָט געשיקט א פייער און פערברענט די ארבייטער, כדי נישט צו בויען דאָס בית־המקדש פאַר דער צייט.

אין לאַנד האָט מען גערעדט, אז די קריסטען האָבען דאָס פייער אונטערגעלייגט, די אידישע האָפנונג זאָל ווערען צו־שטערט. יוליאַנוס האָט דאָס געוואָהר געוואָרען און עס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען אויף זיי. ער האָט געשוואוירען, אז ער וועט זיך אומקערען פון קריעג וועט ער זיך מיט זיי אָב־רעכענען, און פון די פערבליבענע שטיינער וועט ער בויען א תפיסה און פערשפאַרען אלע פערדעכטיגטע קריסטען. אָבער די ארבייט איז שוין אָבגעלייגט געוואָרען ביז דער קייסער וועט זיך אומקערען פון קריעג.

יולאנוס איז אָנגעקומען נאָך בבל מיט זיין מעכטיגע אר־מעע, וואו עס איז געשטאַנען שאבור מיט זיין מיליטער. די אידען פון די לענדער אונטער רוים האָבען געדענקט דאָס גוטס וואָס יוליאנוס האָט געטאָן צו זיי, און זיי האָבען איהם

אוועקגעגעבען זייערע פערמעגענס אויף מלחמה אויסגאבען.
פיעל אידען זענען פרייוויליג אריין אין זיין ארמעע און דער־מיט איהם געוויזען ווי טריי אידען זענען צו די וואס זענען גוט צו זיי.

צווישען די פרייוויליגע איז געווען צדוק בן נתנאל, דער פינפטער דור פון עולא, פון מלכות בית דוד.

זיין פאטער נתנאל האט געוואלט ער זאל ווערען א תלמיד־חכם און האט איהם געשיקט אין דער ישיבה פון טבריה צו לערנען ביי ר' הלל הנשיא. אז קאנסטאנציוס האט פערמאכט די ישיבה אין טבריה איז צדוק אוועק נאך בבל. עס איז איהם אין בבל אויך נישט גוט געווען. שאבור דער צווייטער האט געפייניגט די אידען.

דערנאך ווען די ישיבה אין טבריה האט זיך געעפענט אין די צייטען פון יוליאנוס'ען האט צדוק זיך אומגעקערט אין דער ישיבה.

באלד איז אנגעקומען די קריעגס־ערקלערונג פון יוליא־נוס'ען צו שאבור'ן. האט צדוק צוזאמענגערופען די תלמידים פון דער ישיבה און זיי געזאגט, אז ער געהט אריינטרעטען אין יוליאנוס'עס ארמעע. ער האט זיי געבעטען צו טאן דאס אייגענע און ווייזען דערמיט דעם קייסער, אז די לערנער פון ישיבה זענען גרייט אבצוגעבען זייער לעבען פאר דעם גוטען קייסער.

זיי האבען איהם געפאלגט. די ישיבה פערלאזט, זיך איינ־געשאפען געוועהר און אוועק אין דער ארמעע. א מיליאן און צווייהונדערט טויזענט סאלדאטען האט דעמאלט געהאט יוליאנוס אויף'ן שלאכט־פעלד. די פערסישע ארמעע איז אויך געווען אונגעהייער גרויס און שטארק. עס איז געווען א קאמף צווישען יונג און אלט. יוליאנוס איז געווען א יונגער מאן און שאבור — א זקן. אין בבל האט די ערד געציטערט פון זייער קאמף, און אין ארץ־ישראל האבען די אידישע הערצער געציטערט און געבעטען פאר דעם יונגען גוטען קייסער, וואס זיין גלייכען האבען זיי נישט געהאט פריהער.

יוליאנוס איז געריטען פאראויס פאר דער ארמעע אויף א מעכטיג פערד. ער איז געגאנגען אנגעטאן אין א פעסטען פאנצער און ארומגעוויקעלט מיט גאלד און שטאהל, א גאל־

דענעם העלם מיט שטרויספעדערן אויפ׳ן קאָפּ מיט א שווערד פון דאמאסקוס אויף די לענדען.

ער איז פערבייגעריטען די ארמעע און זי בעגייסטערט. זיין פּנים האָט געלויכטען מיט קלוגשאַפט און גוטסקייט. בעגייסטערט האָט די ארמעע זיך געוואָרפען אויף די פּער־סער.

באַלד איז נהרדעא געפאלען. יוליאַן האָט קיין שלעכטס נישט געטאָן די איינוואוינער, נאָר ער האָט זיי אריבערגע־פיהרט נאָך סיריען. נאָר די אידען פון ביתרא און מחוזא זענען געבליבען געטריי זייער פערסישען הערשער. די אידען פון ביתרא האָבען פערלאָזט די שטאָדט אינאיינעם מיט דער פערסישער ארמעע. די רוימער זענען אריין און פערברענט די שטאָדט. נאָר די אידען פון מחוזא, א פעסטונג־שטאָדט, האָבען זיך לאַנג געהאלטען און נישט געוואָלט זיך אונטער־געבען.

די רוימער האָבען לאַנג געקעמפט ביי מחוזא ביז זיי האָבען מיט שטורם־בעק צובראָכען די מויער און חרוב גע־מאכט די שטאָדט. זיי האָבען אויך איינגענומען די הויפּט־שטאָדט קעטיספאָן און שאבור האָט געשיקט פרידענס־שלוחים און געבעטען שלום. יוליאנוס האָט אָבער נישט געוואָלט זיי אויסהערען. ער האָט געוואָלט איינגעמען דאָס גאַנצע לאַנד און פערטרייבען די פערסישע הערשער.

ווען די רוימישע ארמעע איז אריבער דעם חדקל איז זי אריין אין א מדבר, אָהן שפּייז און אָהן וואסער. די שטעדט אין דער געגענד זענען געוועזען ליידיג. די איינוואוינער האָ־בען פערלאָזט די שטעדט און אלץ מיטגענומען מיט זיך.

די ארמעע האָט זיך געפונען אין גרויס נויט. הונגער און דורשט האָבען אויסגע׳הרג׳ט מעהר סאָלדאטען ווי אלע שלאַכ־טען. און די ארמעע איז געוועזען געצוואונגען אומצוקערען זיך צוריק.

אז שאבור האָט געזעהן די רוימער טרעטען אָפּ, האָט ער זיך געוואָרפען אויף זיי מיט זיין ארמעע. טאָג און נאַכט האָבען זיך געצויגען ביטערע שלאַכטען. יוליאנוס האָט גע־ריטען פאָראויס און געוואָרפען זיך אַלע מאָל אין דער גרעס־טער געפאהר, און דאָס האָט געשטאַרקט די רוימער און זיי

האָבען צוריקגעשלאָגען די פּערסער און אין אָרדנונג אָבגע־טרעטען אויפ'ן וועג צום חדקל.

זיי זענען געוועזן איין טאָג גאַנג פון חדקל און זיך גע־שטאַרקט מיט דער האָפנונג, אז ביים חדקל וועלען זיי שוין האָבען גענוג עסען און טרינקען.

דער פּערסישער קעניג האָט געוואוסט, אז זיין סוף וועט קומען אויב די רוימער וועלען צוקומען צום חדקל. האָט ער צוזאַמענגענומען די לעצטע קרעפטען און פערצווייפעלט זיך געוואָרפען אויף די רוימער.

יוליאנוס איז ארויסגעריטען פאָראויס, די ארמעע נאָך איהם און זיי האָבען זיך מוטיג געיאָגט צו די פּערסער. דער־ווייל איז דער העלם אראָפּגעפאַלען פון יוליאנוס'עס קאָפּ און ער האָט איהם נישט צוריק אָנגעטאָן. די פּערסער זענען צוקלאַפּט געוואָרען און אָנגעהויבען אנטלויפען.

אַ פעררעטער פון די רוימישע ארמעע, אַ פאַנאַטישער קריסט, וואָס האָט מורא געהאַט, אז יוליאנוס וועט אלס זיגער אָבשאַפען קריסטענטום, האָט דערזעהן, אז יוליאנוס האָט נישט דעם העלם אויפ'ן קאָפּ, האָט ער געציעלט אויף איהם און ארייגעשאָסען אַ פערגיפטעטע פייל אין יוליא־נוס'עס שלייף. יוליאנוס איז גלייך געפאַלען טויט.

יונגערהייט איז דער גוטער קייסער געשטאָרבען. אינ־גאַנצען האָט ער געקעניגט אַ יאָהר מיט אַכט מאָנאַטען. מיט זיין טויט האָבען אידען פערלוירען זייער האָפנונג. די פּער־סער האָבען געהערט, אז יוליאנוס איז טויט, האָבען זיי בע־נייט די מלחמה. די רוימער האָבען זיך געשלאָגען פערבי־טערט און צוריקגעטריבען די פּערסער.

יוביאנוס איז אויסגעקליבען געוואָרען אויף יוליאנוס'עס אָרט. ער האָט נישט געהאַט קיין מוטה צו בענייען די מלחמה און ער האָט געשלאָסען שלום מיט שאבור'ן. דער שלום האָט געבראַכט שאַנד אויף רוים. ער האָט געמוזט אוועקגעבען פינף לענדער צום פּערסישען קעניג, אויך די פעסטונג נציבין.

יוביאנוס איז געוועזן אַ קריסט. ער האָט נישט בענייט די אַלטע גזרות אויף אידען. ער האָט געגעבען גלייכבערעכ־טיגונג צו אַלע גלויבענס. ער האָט אָבער אויך נישט געלעבט לאַנג. אויפ'ן וועג נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז ער געשטאָר־

בען און צוויי ברידער האָבען פערנומען דעם רוימישען טראָהן. אויך אין זייערע צייטען האָבען די אידען געלעבט רוהיג.

אָבער אונטער דעם קייסער, וואָס האָט געהערשט נאָך די ברידער, האָבען זיך בענייט די ביטערע צייטען. די קאַטאָלישע גלחים האָבען צוריק אויפגעהויבען דעם קאָפּ. זיי האָבען געהאַט גרויס איינפלוס אויף די מיליטער־פיהרער און דער קייסער האָט מורא געהאַט פאר זיי.

די קאַטאָליקען האָבען אַרויסגעגעבען ביטערע גזרות אויף די אַנדערע קריסטליכע סעקטעס און נאָך ביטערערע אויף אידען. די גלחים האָבען געוואָלט צווינגען אידען צו שמד. בראש פון די גלחים זענען געשטאַנען די בישאָפען פון אַנטאכיען און מעדיאלאנום (מילאן).

אין אנטאכיען האָבען פיעל קריסטען זיך געהאַלטען נאָהנט צו אידען. זיי זענען שטילערהייט געקומען אין די שוהלען אלע שבת און יום־טוב. דעם בישאָף האָט דאָס פערדראָסען און ער האָט געהעצט געגען אידען. ער האָט געפאָדערט די אידען זאָלען פערלירען זייער בירגעררעכט.

האָבן די קאַטאָליקען אין רוים דאָס געוואָהר געוואָרען, זענען זיי בעפאַלען די אידישע שוהל און זי פערברענט. דעם קייסער האָט דאָס פערדראָסען און ער האָט בעשטראפט די שטאָדט אויפצובויען די שוהל. דער בישאָף האָט דאָס דער־הערט, האָט ער געזידעלט דעם קייסער און איהם גערופען: „איד".

די קריסטען פון די פּראָווינץ־שטעדט האָבען שפּעטער נאָכגעטאָן די רוימער און האָבען פערברענט א סך אידישע שוהלען, אָדער זיי האָבען געמאַכט פון זיי קירכען. די רע־גירונג האָט נישט געקענט אָבשטעלען די פּאָגראָמען איבער דער מאַכט פון די קאַטאָליקען.

דעמאָלט האָט דער בישאָף פון קלעניקום אויפגעהעצט די מאָנאַכען און זיי האָבען צושטערט די דאָרטיגע שוהל. האָט דער קייסער שטאַרק בעשטראפט די מאָנאַכען און בעפוי־לען דעם בישאָף אויפצובויען די שוהל. האָט איהם דער בי־שאָף געשריבען אַ שאַרפען בריעף און דערקלערט, אז ער אַליין האָט דאָס געהייסען טאָן און ער שרעקט זיך נישט

פאר איהם. די אידען האָבען קיין רעכט נישט צו זיין בירגער, האָט דער בישאָף געשריבען, זיי זענען נאָר ווי דאָס אייזעל צו דער ארבייט, צו צאָהלען צינזען שווערע פאר ד'ער רעגי־רונגס־קאַסע.

דער קייסער האָט זיך דערשראָקען און צוריקגעצויגען זיין בעפעהל.

דעמאָלט איז אָנגעקומען א ווילד פאָלק און בעפאלען די רוימישע לענדער אין מזרח. די רוימישע הערשער זענען גע־ווען אונמעכטיג צו פערטרייבען די אָנפאלער. זיי האָבען זיך מעהר אָבגעגעבען מיט אונטערדריקען די אידען איידער צו שיצען די אימפעריע. טעאדאסיוס דער צווייטער, דער רוי־מישער קייסער, האָט זיך איבערגעגעבען אין די הענד פון די קאטאָלישע גלחים און וואָס זיי האָבען איהם געהייסען האָט ער געטאָן.

ער האָט פערבאָטען אידען צו בויען נייע שוהלען. ער האָט אויך בעפוילען, אז די אידען זאָלען דעם אָבצאָהל וואָס זיי גיבען הונדערטער יאָהרען דעם נשיא אויף ישיבות, צאָהלען דער רעגירונגס־קאַסע.

דעמאָלט זענען חרוב געוואָרען די ישיבות. זיי האָבען פערלוירען דעם איינקונפט וואָס האָט זיי אויסגעהאַלטען. די אידען האָבען אויך פערלוירען דאָס רעכט צו דינען אין דער אַרמעע און צו האָבען א שטעלע אין דער רעגירונג.

די גלחים האָבען אָנגערעדט דעם המון, אז גאָט וויל פער־טיליגען די אידען און זיי געהייסען אויספיהרען גאָט'ס ווי־לען. דער המון האָט זיי געגלויבט און אָפט בעפאלען די אי־דען. געמאַכט שרעקליכע פאָגראָמען, אויסגעקוילעט א סך פון זיי און געראַובט זייער פערמעגענס.

צדוק איז דעמאָלט געווען אין אלעקסאנדריא. דער דאָר־טיגער בישאָף האָט אָנגערייצט דאָס פעבעל אויף די אידען און דאָס ווילדע פעבעל איז באפאלען ביינאַכט דעם אידישען קווארטאַל און געמאָרדעט און געראַובט. די אידישע הייזער האָבען זיי אונטערגעצונדען און צוגענומען דאָס פערמע־גענס. און די שוהלען געמאַכט פאַר קירכען.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די אידען און געוואָלט פערטרייבען די מערדער. האָט א מאָנאך גע־

וואָרפען אַ שטיין אין זיין קאָפּ און שווער פערוואונדעט. דער גובערנאַטאָר האָט דאָס געלאָזט וויסען דעם קייסער, נאָר עס האָט איהם נישט געהאָלפען, ווייל די גלחים אין הויף זענען געווען זעהר מעכטיג און דער קייסער האָט מורא געהאַט זיך איינצורייסען מיט זיי.

אין אַלעקסאנדריא האָט געוואוינט די פילאָזאָפקע היפּאַטיא, וואָס האָט געהאַט גרויס איינפלוס אויף דעם גובערנאַטאָר און זי האָט גע'פּועל'ט ביי איהם, ער זאָל זיך איינשטעלען פאַר די אידען.

אַן איהר האָבען די מאָנאַכען זיך שרעקליך נוקם געווען. זי איז געפאָהרען איבער דער שטאָדט, האָבען זיי זי אַראָפּגעשלעפּט פון קארעטע, צוריסען איהרע קליידער און זי געשלעפּט אין קירכע. דאָרט זענען זיי זי בעפאַלען ווי חיות און געריסען פון איהר שטיקער פלייש און געוואָרפען אויפ'ן פייער.

די אידען האָבען זיך דערשראָקען און זיך בעהאַלטען אין הייהלען פאַר דעם האַס פון די ווילדע מאָנאַכען און זייערע אָנהענגער.

אין מאַגאנא, לעבען שפּאַניען, האָט דער בישאָף סעוועריוס געהייסען דאָס ווילדע פּראָסטע פאָלק נוקם זיין זיך אָן די אידען. די ווילדע מאַסע איז בעפאַלען די אידען און געצוואונגען צו שמד.

די אידען האָבען זיך געשטעלט אַנטקעגען אונטער דער פיהרונג פון דעם רייכען געלעהרטען איד טודרוס. עס האָט אָבער נישט געהאָלפען. זיי האָבען זיך געמוזט שמד'ען, נאָר די אידישע פרויען האָבען זיך נישט גע'שמד'ט, זיי האָבען פערלאָזען די מענער און אוועק אין די וועלדער, דאָרט זענען זיי אויסגעגאַנגען פאַר הונגער און נישט געוואָלט פערראַטען די אמונה פון זייערע עלטערן.

דער בישאָף האָט אַרויסגעשיקט אַ בריעף צו אַלע גלחים און זיך בעריהמט פאַר זיי, וואָס ער האָט געטאָן מיט די אידען פון זיין שטאָדט און ער האָט זיי געראַטען צו טאָן דאָס זעלבע מיט זייערע אידען.

די קאַטאָלישע גלחים האָבען אָנגעצונדען אַ פייער פון האַס ביי די פעלקער קעגען די אידען. דאָס פייער האָט זיך

שרעקליך צוברענט און די איינציגע זאך וואס איז געבלי־
בען פאר אידען איז צו האפען אויף גאט, אז ער וועט זיי
אויסלייזען פון זייערע פייניגער.

די ישועה איז אבער נישט געקומען. עס איז ערשט דער
אנהויב פון דעם שרעקליכען פייער.

---

די מגלה האט געשריבען צדוק בן נתנאל אין יאהר פיער
טויזענד הונדערט און פינף און זיבעציג, לויט דער אידישער
רעכנונג. ער האט די מגלה צוזאמען מיט יוליאנום'עס בריעף
איבערגעגעבען זיין זוהן דוד און צוגעשריבען די דאזיגע
ווערטער:

טייערער זוהן!

די מגלה שרייב איך אין א הייהל לעבען אלעקסאנדריא.
איך, מיין הויז־געזינד און א סך אידען זענען דא אין דער
הייהל שוין פיער מאנאטען. אין די טעג פון גרויסען פאגראם
זענען מיר אנטלאפען אין דער הייהל צו ראטעווען זיך דאס
לעבען. מיר זיצען דא און האפען, אז די שטאדט־לייט וועי
לען אונז דאך ערלויבען זיך אומצוקערען אין אונזערע
הייזער.

מיר הערען איצט נייעס, א ווילד פאלק איז בעפאלען
רוים און ווי די קראהען אויף א נבלה פליהען די ווילדע
אויף איהר. זיי וועלען זי באלד צורייסען אויף שטיקער און
איהר בעצאהלען פאר דעם שלעכטס וואס זי האט געטאן צו
אונז. גאט האט ענדליך געשיקט זיין נקמה אויף רוים, דאס
לאנד וואס האט פערוויסט אונזער בית־המקדש, חרוב גע־
מאכט דאס הייליגע לאנד און אונז געטרעטען ווי שטויב פון
דער ערד.

זיי געזונד, מיין זוהן, און זאל דיר זיין גוט, געדענק אבער
אן גאט. אין די ערגסטע צייטען זאלסטו נישט פערלאזען די
תורה פון דיין פאלק און זאלסט נישט פערראטען די אמונה
פון דיינע עלטערן.

**דאס זענען די רייד פון דיין פאטער**
**צדוק בן נתנאל, פון מלכות בית דוד.**

# די אידישע קעניגין פון תימן

דער קייסער טעאָדאסיוס דער צווייטער האָט אָנגעטאָן די אידען מורא'דיגע פיין. די גוים האָבען זיך געריצט מיט די אידען און געשאָטען זאלץ אויף זייערע וואונדען.

— ווי לאנג נאָך וועט איהר שטארבען פאר אייער גאָט ?

— האָבען זיי געפרעגט די אידען — ווי לאנג נאָך וועט איהר זיך לאָזען הרג'ענען אויף קידוש השם ? וויפיעלע יסורים, וויפיעל לײדען און פיין און וויפיעל רויבער אייער גאָט ברענגט אויף אייך ? קומט צו אונז, ווערט גלייך מיט אונז און מיר וועלען אייך מאכען פאר פירשטען און גראַפען !

די אידען האָבען שטיל געטראָגען זייערע לײדען און נישט געענטפערט. אז די צרות זענען שוין אָבער געווען נישט אויסצוהאלטען, זענען זיי אין גרויסע מאסען אוועק נאָך פערסיען.

אין פערסיען איז דעמאָלט געווען גוט די אידען. איזדאַגאר דער ערשטער, דער פערסישער קעניג, איז געווען א גוטער קעניג און ער האָט גוט בעהאנדעלט אלע אונטערטאַנען, אָהן אונטערשיד פון גלויבען.

די פערסישע פריסטער זענען געווען גרויסע פאנאטיקער און זיי האָט פערדראָסען אויף דעם קעניג, וואָס ער איז גוט צו אנדערע גלויביגע, האָבען זיי איהם גערופען : דער זינדיגער.

ער האָט זיך אָבער נישט גערעכענט מיט זיי און האָט געהאַט די אידען זעהר ליעב. אמימר, מר זוטרא און רב אשי, די ראשים פון די ישיבות אין נהרדעא, פומבדיתא און סורא, זענען אָפט איינגעלאדען געוואָרען אין קעניגליכען הויף און זיי האָבען געהאַט גרויס כבוד.

רב הונא בר נתן האָט געקראָגען גאָר גרויס עהרע פון

דעם קעניג, אז איינמאָל האָט דער קעניג איהם געהאָלפען אָנטאָן דעם גאַרטעל.

— איהר זענט דאָך א „קעניגרייך פון כהנים און א היי־ ליג פאָלק„ — האָט דער קעניג געזאָגט צו אידישע חכמים.

דעמאָלט איז אויך געקומען נאָך פּערסיען צדוק בן נתנאל פון מלכות בית דוד, וואָס איז אַנטלאָפען פון אלעקסאנדריא, ווען די קריסטען האָבען געמאַכט פּאָגראָמען אויף אידען.

די מעכטיגע רוימישע אימפּעריע האָט געהאַט א גרויסע מפּלה. זי איז צופאַלען אויף שטיקער און אונטערגעגאַנגען. עס איז געקומען א סוף, א ביטערער און א טרויעריגער סוף צו דער שלעכטער רוים, וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס בית־ המקדש און פערטריבען די אידען.

די מעכטיגע רוים, וואָס האָט צוטראָטען פעלקער און לענדער, איז אליין צוטראָטען געוואָרען פון אטילא׳ן, דעם קעניג פון די הונען, אלאריך, דער קעניג פון די גאָטהען און געזאריק, דער קעניג פון די וואנדאלען.

איינער נאָך׳ן אנדערן זענען זיי געגאַנגען אויף רוים און איהר בעצאָהלט פאר דעם גאנצען בייז, וואָס זי האָט גע־ טאָן צו אידען און דער גאנצער וועלט. צום סוף איז געקומען אדאקער, דער קעניג פון די הירואליער און פערטריבען דעם לעצטען רוימישען קייסער רומילוס און ער האָט זיך געקרוינט אלס קעניג פון איטאליע.

די גאַנצע וועלט האָט זיך געפרעהט אויף רוים׳ס מפּלה. רוים׳ס פאַלען איז געווען א טרייסט אויך פאר אידען, זיי האָבען געזעהן אין דעם גאָט׳ס שטראָף, די נקמה פאר דעם שלעכטס וואָס זי האָט געטאָן צו אידען.

אָבער אויך אין פּערסישען קעניגרייך האָט זיך אידען געלעבט גוט נישט לאַנג, באַלד ווי איזדאגאר, דער גוטער קעניג איז געשטאָרבען, האָבען ביי זיין זוהן די פּריסטער געקראָגען גרויס איינפלוס אין דער רעגירונג און עס האָבען זיך אָנגעהויבען שלעכטע צייטען פאר אידען.

נאָך ערגער איז געוואָרען אין די צייטען פון איזדאגאר דעם צווייטען, דעם ערשטענ׳ס אייניקעל. ער האָט שוין

ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אידען מוזען מחלל שבת זיין. און דער איד, וואס וועט נישט ארבייטען שבת, זאל בע־שטראפט ווערען מיט'ן טויט.

דער רשע איז פלוצלינג געשטארבען, און מען האט גע־האפט אז איצט וועט ווערן בעסער, איז דער קעניג נאך איהם געווען נאך ערגער, ער האט געפייניגט אידען ווי האדריאן. די ישיבות האט ער געשלאסען. שוהלען האט ער פערברענט און צושטערט. ער האט אויך אוועקגענומען מיט געוואלט אי־דישע קינדער פון זייערע עלטערן און זיי איבערגעגעבען צו די פערסישע פריסטער צו שמד. די אידישע עלטסטע און חכמים האט ער אומגעבראכט, דעם ריש־גלותא הונא מארי ביי מר זוטרא מיט אמימר און רב משרשיא האט ער פריהער איינגעזעצט אין געפענגנים און דערנאך אומגעבראכט אויף קידוש השם.

אז די אידען האבען געזעהן, אז דער חלף איז שוין אויפ'ן האלז, האבען זיי פערלאזט פערסיען און אויסגעוואנדערט אין אנדערע לענדער. א טייל איז אוועק נאך אינדיע און זיך בעזעצט אין מאלאבאר, וואו זיי האבען געפונען אידען, וואס האבען דארט געוואוינט הונדערטער יאהרען. דער הערשער פון מאלאבאר האט די אידישע וואנדערער אויפגענומען מיט אפענע ארעמס. ער האט זיי ערלויבט צו פיהרען זיך לויט דער אמונה פון זייערע עלטערן און צו האבען אן אייגענעם נשיא.

אנדערע אידען זענען אוועק נאך תימן (יעמען) אין אראביען, דאס געבענטשטע לאנד פון פרייהייט און גלייכ־הייט. אויך דארט האבען אידען געלעבט פון לאנגע צייטען און זענען קיינמאל נישט געווען אונטערטעניג נישט צו רוים און נישט צו פערסיען.

הונא בר עוקבא, צדוק'ס אן אור־אייניקעל, האט גע־וואוינט אין איספאהאן, די רעזידענץ־שטאדט פון די פער־סישע קעניגען. ער איז געווען א וועבער און האט זיך מפרנס געווען פון דער ארבייט.

די גאנצע צייט, ווען ער האט נישט געארבייט, האט ער אבגעגעבען זיין איינציגע טאכטער פנינה צו לערנען מיט איהר תורה און וויסען. ער האט איינגעפלאנצט אין איהר

גרויס ליעבע צו גאָט און האָט איהר דערצעהלט אַלץ וואָס עס האָט געטראָפען צו אידען פון ערשטען טאָג ווען זיי זענען געוואָרען א פאָלק און אויך אַלץ וואָס עס איז געשעהן צו זיין פאַמיליע, דאָס מלכות בית דוד.

פנינה'ס מוטער האָט זי געלערנט ווי צו פיהרען א הויז, שפּילען און זינגען. הונא איז געשטאָרבען ווען פנינה איז אַלט געווען צוועלף יאָהר. איהר מוטער, די אלמנה, האָט ווייטער געפיהרט די ארבייט און געשפּייזט זיך און איהר איינציגע טאָכטער.

דעמאָלט האָט דער בייזער פערסישער קעניג ארויסגע־געבען א ביטערע גזרה אוועקצורויבען די אידישע קינדער פון זייערע עלטערן און זיי אָב'שמד'ען. די פּריסטער האָבען אוועקגערויבט פנינה'ן און דערמיט צוגערויבט פון איהר אָרימע מוטער איהר איינציגע טרייסט אין לעבען.

די פּריסטער האָבען געפּרואווט מיט גוטען און מיט בייזען אָב'שמד'ען פנינה'ן און די אנדערע געפאנגענע אי־דישע קינדער. עס האָט זיי נישט געהאָלפען. די אידישע קינדער זענען גרייט געווען צו שטאַרבען פאר גאָט. און אַלע נאַכט, ווען זייערע וועכטער זענען געשלאָפען, האָבען די געפאנגענע אידישע קינדער זיך אויפגעהויבען און תפלה געטאָן צו גאָט שטילערהייט, די וועכטער זאָלען נישט דער־הערען און זיי שווער בעשטראַפען.

פנינה'ס מוטער האָט נישט גערוהט ביז זי האָט בעקומען א צוטריט אין דעם געפענגניש וואו די קינדער זענען גע־ווען. זי איז געוואָהר געוואָרען, אז דער עלטסטער פון דער תפיסה זוכט א גוטע וועשין, האָט זי זיך פאַרנעשלאָגען פאר דער ארבייט.

איהר וואַשען איז געפעלען געוואָרען דעם עלטסטען און דורך דעם האָט זי געקענט אָפט אריינקומען אין געפענגניש

פנינה און איהר מוטער האָבען זיך אָפט געזעהן, אָבער נישט אויסגערעדט קיין וואָרט, די וועכטער זאָלען מיינען, אז ווי זענען ווילד־פרעמדע. גרויס איז געווען דער צער פון דער מוטער מיט איהר יונג קינד, וואָס זיי האָבען נישט געקענט אויסרעדען א וואָרט צווישען זיך. זיי האָבען זיך אָבער גע־טרייסט, אז גאָט וועט העלפען און פנינה וועט ווערען פריי.

איין טאָג, ווען קיינער האָט נישט געזעהן, האָט די מו־טער דערלאנגט פנינה'ן א צעטעלע, וואו זי האָט איהר אָנ־געזאָגט וואָס צו טאָן צו קענען אנטלויפען.

צומאָרגענס איז פנינה'ס מוטער געקומען מיט א גרויסען קאָרב וועש. די וועש האָט זי אוועקגעגעבען און דעם ליידי־גען קאָרב האָט זי אוועקגעשטעלט אין פאָדער־הויז.

פנינה איז שטילערהייט אריין אין קאָרב און זיך צוגע־דעקט מיט א ליילעך. די מוטער האָט גענומען די שווערע משא, וואָס איז איהר געווען אזוי גרינג, אויף די פּלייצעס און פערבייגעגאנגען די וועכטער. זיי האָבען זי דאָך גוט געקענט און נישט אָבגעשטעלט.

אין דרויסען האָט שוין געוואַרט א וואָגען און זי האָט ארויפגעשטעלט דעם קאָרב און גלייך אוועקגעפאָהרען פון שטאָדט און אָנגעקומען אין א גאַסט־הויז, וואו א סך אידען האָבען געוואַרט אוועקצופאָהרען נאָך תימן.

אין גאַסט־הויז איז פנינה ארויס פון קאָרב און זיך גע־שטעלט אויף די קניה אָבגעבען א לויב און א דאַנק צו גאָט, וואָס ער האָט זי מציל געווען פון די גוים'ס הענד. די מאַמע מיט איהר קינד זענען זיך געפאַלען אויף די העלזער און שטאַרק געוויינט פאַר פרייד.

מיט א ביטער הארץ האָבען זיי פערלאָזט דאָס לאַנד, וואו די אידען האָבען געלעבט רוהיג און זיבער זעקס הונ־דערט יאָהר. זיי האָבען זיך געזעצט אויף א שיף און גע־פאָהרען נאָך אראַביען.

א שטיק צייט זענען זיי געפאָהרען אויפ'ן ים ביז זיי זענען צוגעקומען צום ברעג וואָס דאַרף זיי פיהרען נאָך תימן. זיי האָבען ארויפגעלייגט זייער ביסעל פערמעגענס אויף קעמלען און אָנגעגרייט שפּייז און וואַסער אויפ'ן וועג אין דער גרויסער מדבר, וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצו־געהן ביז תימן.

עטליכע דערפלעך מיט בעדואינער זענען זיי פערבייגע־גאַנגען און אָנגעקומען צו דער מדבר. א שרעק, א וואונדער־ליכע שרעק האָט זיי ארומגענומען זעהענדיג די מדבר. נישט קיין דאָרף, נישט קיין געצעלט זעהט מען דאָ, אפילו נישט א ביידעל. קיין לעבעדיג נפש, קיין בוים, נאָר זאַמד וואָס

ברענט ווי פייער און איז דין ווי שטויב. אַז זעהט מען א דאָרן אין זאַמד, איז ער אזוי טרוקען און צוברענט. די גאנצע געגענד איז וויסט און א טויטע שטילקייט רוהט אויף אַלסדינגג, א פּחד און א שרעק!

צוויי נעכט האָבען זיי גענעכטיגט אין דער מדבר. די רוקענס פון די קעמלען זענען געווען זייער געלעגער. איבער זיי דער לויטערער הימעל מיט די וואונדערליך לייכטענדע שטערן. בייטאָג האָט זיי געמאַטערט די היץ און ביינאכט — די קעלט.

אויפ'ן דריטען טאָג זענען זיי צוגעקומען צו א היל, וואָס זעהט אויס ווי אן אינזעל אויפ'ן ים. אויף דעם היל איז געווען א שטיק פרוכטבאר פעלד מיט זעקס גרויסע, ברייט־צווייגיגע פייגען־בוימער, מיט א טייערן שאטען, וואו הונ־דערטער וואנדערער מיט זייערע קעמלען רוהען זיך אָב און דערקוויקען זיך אין שאטען.

לעבען די בוימער האָבען זיי געפונען א פרישען קוואַל וואָס זעצט ארויס פון א פעלז. דאָ האָבען זיי זיך אָבגע־שטעלט, געטרונקען פריש וואסער און אָנגעטרונקען די קעמלען און זיך געזעצט אָברוהען אין שאטען.

באַלד האָבען זיי געעפענט די פּעק, ארויסגענומען די קופערנע טעפּ, אָנגעקליבען טרוקענע צווייגען און געמאַכט פייער און געקאָכט טעפּ הירזש און אָנגעגעסען זיך זאַט. נאָך'ן עסען האָבען זיי זיך געלייגט אויפ'ן גראָז און געדריי־מעלט א שעה. אויסגערוהט מיט פרישע כחות האָבען זיי זיך געלאָזט אין וועג אריין.

א פּאָר שעה זענען זיי געפאָהרען אין דער מדבר און פּלוצלונג איז דער הימעל געוואָרען גרין און די זון רויט ווי בלוט. א מורא'דיג שטיקענדע היץ האָט זיי ארומגעכאַפּט, זיי האָבען קוים געקענט אטעמען. די קעמלען האָבען זיך גלייך אויסגעצויגען אויף דער ערד, אראָפּגעלאָזט די קעפּ און אריינגעשטעקט דאָס מויל און די נאָז אין זאַמד.

זיי האָבען פערשטאַנען, אז דער סאַמום קומט, דער מורא'דיגער שטורם־ווינד וואָס איז פול גיפטיגען שטויב און ווער עס אטעמט איהם איין, שטאַרבט אויפ'ן אָרט. עס ראַ־

טעוועט זיך נאָך דער זאַס ליגט זיך אוים אויף דער ערד און פערבאָרגט מויל און נאָז אין זאַמד.

זיי זענען גיך אַראָפּ פון די קעמלען און זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד און געלעגען אזוי ביז דער בייזער שטורם האָט אויפגעהערט. דער בייזער שטורם האָט זיך געטראָגען איבער זיי מיט א מורא'דיג פייפען און געברענט זייער הויט ווי פייערדיגער שוועבעל.

עס איז געוואָרען שטיל. דער בייזער שטורם האָט אויפגעהערט. די קעמלען האָבען זיך אויפגעשטעלט, האָבען די מענשען זיך אויפגעהויבען. די היץ איז געפאלען, אן אנגענעהם ווינטעל האָט געוועהט און אזוי זענען זיי געפאָהרען ביז זונאונטערגאנג.

נאָך זונאונטערגאנג איז געוואָרען שרעקליך קאַלט, זיי האָבען געציטערט פאר דער קעלט. פּלוצלינג איז ווידער געוואָרען א שטאַרקער ווינד און ער האָט אָנגעטראָגען וואָלקענס זאַמד, ווי ער וואָלט אלעמען געוואָלט איינשלינגען.

א שרעק איז בעפאלען די רייזענדע., זיי האָבען געוויינט אויפ'ן קול און געבעטען צו גאָט ער זאָל זיי מציל זיין פון טויט. פנינה'ס מאַמע האָט גענומען א דעק און איינגעדעקט איהר איינציג קינד און זי שטאַרק געדריקט צום הארצען.

אינדעם זענען די קעמלען געוואָרען ווילד און אראָפּגעשלײדערט פון זיך אלעמען. איידער זיי האָבען זיך אומגעקוקט זענען זיי שוין געלעגען אונטער בערג מיט זאַמד. פנינה האָט שפּעטער, ווען דער שטורם האָט זיך געשטילט, אראָפּגענומען די דעק פון פּנים און מיט גרויס שוועריקייט האָט זי זיך אויסגעגראָבען פון בארג זאַמד.

לעבען איהר איז געלעגען די מוטער בעדעקט מיט זאַמד. פנינה האָט זי אָנגענומען פאר דער האנד, געוואָלט העלפען איהר ארויסגעהן פון דעם זאַמד־קבר און — אוי, וועה געשריגען ! — די האנד איז קאַלט, טויט. פנינה האָט געשריגען, געוויינט און געקלאָגט. געוואָלט צוריקרופען צום לעבען איהר מוטער. זי איז אָבער שוין געוועזן טויט. דער בארג זאַמד האָט זי דערשטיקט.

פנינה האָט געשריגען נאָך הילף און קיינער האָט איהר

נישט געענטפערט. די גאנצע מחנה רייזענדער מיט זייערע קעמלען זענען געלעגען בעגראבען אונטער׳ן זאמד. נאר ער־טערוויז האט מען ארויסגעזעהן די פעק וואס די קעמלען האבען געטראגען.

פנינה האט אראפגעשארט דאס זאמד פון איהר טויטער מוטער, זיך געווארפען אויף איהר מיט יאמער און געוואשען איהר פנים מיט טרערען, ביז זי האט שוין נישט געהאט קיין כח צו וויינען.

וואס טוט מען דא? ווי געהט מען אין דער מדבר אליין? וואס וועט זיין דער סוף? — די פראגען האבען זי אנגעהויבען פייניגען און זי האט נישט געוואוסט וואס צו טאן. ביז זי האט זיך דערמאנט אן דעם געזאנג פון איהר עלטער־זיידע דוד המלך: ״עס וועט דיך נישט טרעפען קיין שלעכטס און קיין פלאג וועט נישט גענעהנען אין דיין גע־צעלט, דען ער וועט שיקען זיינע מלאכים דיך צו היטען אין אלע דיינע וועגען״.

דאס האט זי געטרייסט און בערוהיגט. און זי האט אזוי לאנג געזוכט ביז זי האט געפונען דאס קעמעל מיט איהר געפעק. זי האט מיטגענומען איהר הארפע, די מגלות מיט די בעשרייבונגען פון מלכות בית דוד און א ביסעל קליידער.

דאס איבריגע האט זי געלאזט. זי האט פערדעקט דעם גוף פון איהר מוטער מיט זאמד און פייכט געמאכט דאס קבר מיט איהרע טרערען. דערנאך האט זי גענומען די דעק, איינגעפאקט אין איהר דאס ביסעל זאכען און זיך געלאזט געהן אויף גאט׳ס בעראט, נישט וויסענדיג וואו־איין און וואו־אויס.

אזוי איז זי געגאנגען א שעה צייט ביז זי האט זיך נישט געקענט האלטען אויף די פיס. זי האט געציטערט פאר קעלט און איהר גרוים טרויער האט זי שטארק צובראכען האט זי אונטערגעלייגט די זאכען צוקאפענס, זיך איינגעדעקט מיט דער דעק און געשלאפען ביז אינדערפריה.

אז זי האט זיך אויפגעכאפט האט זי נישט געוואוסט ווי אזוי זי איז געקומען אהער. עס האט זיך איהר געדאכט, אז אלץ איז געווען א בייזער חלום. באלד האט זי אבער זיך

דערמאָנט אין איהר פערשטאָרבענע מאַמע און ווידער שטאַרק געוויינט און הארציג תפלה געטאָן צו גאָט.

נאָך דער תפלה איז איהר געוואָרען א ביסעל גרינגער, האָט זי ווידער גענומען די זאכען אויף די פּלייצעס און גע־גאַנגען ווייטער, עטליכע שעה איז זי געגאַנגען ביז זי איז ווידער געקומען צו אן אַזיס און זי האָט זיך געזעצט אָפּ־רוהען אונטער א בוים. ווי זי זיצט אונטער'ן בוים הערט זי א קלאַנג פון גלעקלעך. זי איז נאָכגעגאנגען דאָס קול און צוגעקומען צו א ברונען.

לעבען דער ברונע זענען געזעסען אראבער מיט קעמלען. פונדערווייטענס האָט זי דערזעהן א גרויס דאָרף פול פּאַס־טוך־געצעלטען. זי האָט זיך שטאַרק דערפרעהט.

— ווער ביזטו ? ווי קומסטו אהער ? — האָבען די אראַ־בער זי געפרעגט פערוואונדערט.

זי האָט זיי בקיצור דערצעהלט אלץ וואָס עס האָט גע־טראָפען מיט איהר און זיי געבעטען צו געבען איהר א ביסעל עסען..

אן אראבער האָט איהר דערלאנגט א שטיק גערשטען־ברויט מיט פּוטער. ביי טאַטע־מאַמע אין הויז וואָלט זי אַזא ברויט נישט גענומען אין מויל אריין. איצט איז דאָס אָבער געווען זעהר געשמאַק און זיסער פון צוקער.

נאָך'ן עסען האָבען די אראבער זי געראַטען צו געהן צו זייער פירשט, וואָס איז א גוטהערציגער מענש און ער וועט זי זיכער בעשיצען פון אלדאָסבייז. זי האָט זיי שטאַרק גע־דאנקט און דער אראבער וואָס האָט איהר געגעבען ברויט האָט זי געפיהרט צום פירשט'ס געצעלט.

אין דרויסען פאַר'ן געצעלט האָט פנינה גענומען איהר הארפע און שפּילענדיג געזונגען א שעהן וואונדערליעד, וואָס זי האָט געלערנט פון איהר מאַמע.

ווי זי האָט אָנגעהויבען זינגען איז ארויסגעקומען א שוואַרץ־חנ'עוודיג מיידעל און נייגעריג זיך איינגעהערט. דערנאָך זענען ארויסגעקומען צוויי שעהנע יונגען און צום סוף — דער פירשט — א מאַן פון א יאָהר פופציג מיט א לאַנגע שווארצע באָרד, וואָס גרייכט ביז'ן גארטעל און א פּנים וואָס דריקט אויס עהרליכקייט, גערעכטיגקייט, חכמה

און מוט. אז זי האָט געענדיגט, איז דער פירשט צוגעגאַנגען צו איהר און געזאָגט:

— האָסט א זיס קול און זינגסט שעהן. קום אריין אין מיין געצעלט, וועסט שטילען דיין דורשט און צונעמען כח אין שאטען פון מיין הויז.

פנינה איז אריין אין געצעלט. עס איז געווען שעהן אויפ־געריוימט, מיט טייערע טעפּיכער אויסגעלייגט. דאָס מיידעל האָט אריינגעבראכט א גלאָז שמאַנט און דערלאַנגט פנינה'ן.

— טרינק, עס איז גוט — האָט דער פירשט געזאָגט צו איהר — דערנאָך וועסטו מיר דערצעהלען אלץ וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט.

פנינה האָט איהם אַלץ דערצעהלט. ער האָט זי געטרייסט און געזאָגט, אז זייער מוטער הגר האָט אויך געבלאָנדזשעט אין מדבר, נאָר גאָט האָט זיך דערבאַרמט אויף איהר און איהר געשיקט א מלאך צו הילף.

ער האָט איהר אויך דערצעהלט, אז אין תימן איז דאָ א אידישער מלך, יוסוף דע נואס, (דער מאַן מיט די לאָקען), ווייל ער האָט גרויסע שעהנע לאָקען, רופט מען איהם "דע נואס". ער איז א זעלטענער קריעגס־העלד און ער צווינגט אַלעמען אָנצונעמען זיין גלויבען.

יוסוף האָט אויך צו איהם געשיקט א בעפעהל, אז ער און זיין שבט זאָלען זיך מגיר זיין. זיי האָבען אָבער נישט גע־וואָלט הערען דערפון. זיי זענען פרייע מענשען און ווילען קיינעם נישט זיין אונטערטעניג. האָבען זיי איהם געענט־פערט, אז זיי ווילען איהם נישט פאָלגען און וואָס וועט ער זיי דען טאָן דערפאר?

יוסוף האָט זיי געשיקט א קאַסטען מיט בילדער פון גע־וועהר און אונטערגעשריבען, אז דאָס וועט זיין דער ענטפער. מיט געוועהר וועל איך אייך מאַכען אונטערטעניג.

האָבען זיי איהם געשיקט א קאַסטען זאַמד און אונטער־געשריבען, אז דאָס זאַמד פון מדבר וועט זיין זייער שוץ.

יוסוף איז געגאַנגען אויף זיי מיט א גרויסע אַרמעע. ווען ער איז אריין אין דער מדבר, איז געקומען א גרויסער שטורם און די גרעסטע טייל פון זיין אַרמעע איז לעבעדיג בעגראָבען געוואָרען אונטער'ן זאַמד.

מיט חרפה האָט יוסוף זיך אומגעקערט אין זיין לאַנד און איצט זענען זיי זיכער, אז ער וועט זיי לאָזען צורוה.

נאָך'ן דערצעהלען האָט דער פירשט, לאבוד האָט ער געהייסען, זי אריינגעפיהרט אין פרויען געצעלט. זי האָט זיך צוגעלעהנט און געשלאָפען ביז אָוונד.

אז זי האָט זיך אויפגעכאפט איז שוין גרייט געווען א גרויסע מאָלצייט. זיי האָבען אלע געגעסען און נאָך'ן עסען האָט דער פירשט געבעטען פנינה'ן זי זאָל עפּעס זינגען.

איהר שפּילען און זינגען איז אלעמען געפעלען. דעם פירשט'ס טאָכטער האָט זי געקושט און זי געבעטען בלייבען מיט איהר אלס חבר'טע. און אז דער פירשט האָט זי געבעטען דאָס צוליעב זיין קינד, האָט זי מסכים געווען און געבליבען.

דריי מאָנאטען איז פנינה געווען ביי זיי. זי האָט געהאָלפען די פרויען אין הויז־ארבייט און דאָס מיידעל האָט זי געלערנט שפּילען און זינגען. זי האָט איהר דערצעהלט די געשיכטע פון די אידען און עס איז אזוי געפעלען דעם פירשט'ס טאָכטער, צאריידא, אז זי האָט געזאָגט אז זי וויל ווערען א אידין.

איינמאָל ביינאכט, ווען אלע זענען געשלאָפען האָבען זיי געהערט מורא'דיגע געשרייען:

— אלא! אלא! (גאָט!)

דערשראָקענע זענען זיי אויפגעשפרונגען פון זייערע געלעגערס און זיי האָבען דערזעהן א שוידערליך בילד. דאָס גאנצע דאָרף איז געשטאַנען אין פייער. סאָלדאטען זענען געלאָפען מיט בלויסע שווערדען און פלאקערס אין די הענד, האָבען אָנגעצונדען די געצעלטען און גע'הרג'עט יעדען וואָס איז געפאלען אין זייערע הענד אריין.

עס האָט זיך געטראָגען א שרעקליך געשריי פון אנטלויפענדע מענער, יאָמערנדע ווייבער, דאָס געוויין פון דערשראָקענע קינדער און דאָס ברומען פון די קעמלען. די געשרייען האָבען זיך אויסגעמישט מיט דעם קריעגס־געשריי פון פיינד און די ערד האָט אויפגעציטערט.

— אוי, וועה איז אונז! — האָט פירשט לאבוד געשריגען דערשראָקען — ס'איז דע נואס מיט זיין ארמעע. ער איז אונז

בעפאלען פלוצלינג!

ער האָט זיך גיך אָנגעטאָן די שווערד, אריינגעשטעקט א שארף מעסער אין גארטעל און ארויס אין הדרויסען און זיין הויז־געזינד מיט פנינה׳ן נאָך איהם.

ווי זיי זענען נאָר ארויס האָט זייער געצעלט אויך אָנגע־הויבען ברענען. די דאָרפסלייט האָבען דערזעהן זייער פירשט האָבען זיי אויפגעלעבט. זיי האָבען ארומגערינגעלט דעם פירשט, אלע בעוואפענט און זיך געשטעלט קעגען פיינד. דער פיינד איז אָבער געווען שטארקער און זיי זענען אלע געפאלען טויט.

אז די פרויען האָבען דערזעהן דעם פירשט פאלען טויט, האָבען זיי זיך שטארק דערשראָקען און געוואָלט אנטלויפען. דענואס האָט אָבער ארומגערינגעלט דאָס דאָרף מיט מילי־טער און קיינעם נישט ארויסגעלאָזט.

זיי האָבען געפאנגען די פרויען און קינדער און צו צוויי אָנגעבונדען אויף אייזלען און קעמלען, דאָס גאנצע פערמע־גען האָבען זיי אויפגעקליבען און אז דאָס לעצטע געצעלט איז געווען פערברענט, האָט דע נואס מיט׳ן טאָג צוגלייך אלעמען מיטגעפיהרט מיט זיך.

דע נואס׳עס סאָלדאטען האָבען צוטיילט פנינה׳ן מיט צארײדא׳ן. זיי נישט געוואָלט אויפזעצען אויף איין קעמעל. זיי זענען אָבער נישט געווען ווייט איינע פון דער אנדערער און צארײדא האָט געזאָגט פנינה׳ן:

— האָסט מיך געלערנט גלויבען אין אידישען גאָט, שטארק מיך, איך זאָל קענען האָפען צו איהם!

— גלויב אין גאָט, וועט דאָס זיין דיין האָפנונג — האָט פנינה זי בערוהיגט.

דע נואס האָט דערהערט פנינה׳ס רייד אין ער האָט גע־הייסען א רייטער צופיהרען פנינה׳ן צו איהם. פנינה האָט זיך דערשראָקען. זי האָט מורא געהאַט פאר דעם מאַן, וואָס האָט ערשט אזוי גרויזאם חרוב געמאכט א גאנץ דאָרף.

ווען זי האָט איהם אָבער דערזעהן, האָט זי בעמערקט, אז אויסער זיין אומגעוועהנליכען מוטה, וואָס זיין פנים דריקט אויס, האָט ער א סך חן און קוקט אזוי מילד אין אנ־גענעהם.

ער איז געווען אלט ארום פינף און צוואנציג יאָהר, הויך און ברייטפּלייציג מיט א שווארץ בערדיל און גרויסע, גע־דיכטע בלאָנדע לאָקען הענגען ביז זיין גארטעל. דאָס פנים ברוין, אָבגעברענט פון דער זון. א רויטען טורבאן אויפ'ן קאָפּ. א טונקעל־גרינעם זיידענעם מאַנטעל איבער די פּליי־צעס און אויף די לענדען א זילבערנעם גארטעל בעזעצט מיט איידעל־שטיינער. אויפ'ן גארטעל איז געהאנגען זיין דאַ־מאסקישע שווערד.

א ווײַלע האָט דענואס בעטראכט פנינה'ן און געזאָגט:

— איך זעה, מיידעל, אז דו ביזט נישט פון דעם דאָרף פונגוואנען ביזטו?

— פון פּערסיען.

— ווי קומסטו אין דעם דאָרף?

— דער קעניג פון פּערסיען האָט שטארק געפּייניגט די אידען, האָבען פיעל אידען פערלאָזט פּערסיען. מיין מאַמע האָט מיך גענומען און מיר זענען אלע געגאנגען אין דיין לאנד, צו געפינען שוץ ביי דיר, ווייל דו ביזט דאָך אויך א איד. לעבען דעם דאָרף האָט א שטורם־ווינד זיך אויפגעהויבען און אלע זענען בעגראָבען געוואָרען אונטער'ן זאמד, נאָך איך בין געבליבען לעבען. ווען איך בין געקומען אין דאָרף האָט דער פירשט זיך דערבארמט אויף מיר און מיך געהאלטען ווי אן אייגען קינד.

— ביזטו א אידיש קינד?

— יא. איך שטאם פון דוד מלך ישראל.

— האָסטו א בעוויז, אז דו זאָגסט אמת?

— איך האָב מיט זיך די מגלות וואָס מיינע עלטערן און עלטער־עלטערן האָבען געשריבען. זיי בעווייזען, אז איך שטאם פון מלכות בית־דוד.

— אויב עס איז אמת וואָס דו זאָגסט, ביזטו פון מיין משפחה, איך שטאם אויך פון דוד מלך ישראל, איך קום ארויס פון שלמה המלך. שלמה המלך האָט געוואונען די ליעבע פון מלכת שבא. זי האָט זיך מגיר געווען און האָט געהאט א זוהן פון שלמה המלך. דער זוהן האָט געקעניגט נאָך זיין מוטער. און ער איז דער פאָטער פון אונזער פאַמי־ליע. וואו האסטו די מגלות. ווייז זיי מיר.

— אויב זיי זענען נישט פערברענט געוואָרען אין דעם פירשט'ס געצעלט, וואָס דיינע לייט האָבען אונטערגעצונ־דען קענסטו זיי געפינען. און אפשר זענען זיי צווישען דעם פּאַק מלחמה־רויב וואָס דיין מיליטער האָט גענומען.

דע נואס האָט אָבגעשטעלט די מחנה און בעפוילען עטליכע רייטער צוריק צוגעהן אין דאָרף זוכען אין אש און ער האָט אויך געהייסען זוכען צווישען מלחמה־רויב. די מגלות זענען געפונען געוואָרען צווישען רויב. די רייטער האָבען זיך אומגעקערט פון חרוב'ען דאָרף און די מחנה האָט געצויגען ווייטער.

באלד האָט דענואס געהייסען אָבבינדען פּנינה'ן און צאריידא'ן פון זייערע קעמלען און ער האָט זיי אויפגעזעצט אויף א קעמעל לעבען זיך און זיי אָבגעגעבען גרויס כבוד.

---

אז די זון איז אונטערגעגאנגען האָט די מחנה זיך אָב־געשטעלט. זיי האָבען אויסגעשטעלט די געצעלטען. דע נואס און זיין מיליטער בעזונדער. די געפאנגענע בעזונדער, און פּנינה מיט צאריידא'ן בעזונדער, דע נואס האָט געגעבען א שטרענגען בעפעהל, אז קיינער זאָל ניט בעאומרוהיגען די געפאנגענע.

באלד האָט מען פּנינה'ן און צאריידא'ן אריינגעפיהרט צו דע נואס'ן. דאָס געצעלט איז געווען קעניגליך אויסגע־פּוצט. דע נואס איז געזעסען אויף א טייערן דיוואן און ער האָט געזאָגט פּנינה'ן:

— זיי אזוי גוט און לייען די מגלות זייט דעם חורבן פון צווייטען בית המקדש. איך וויל וויסען וואָס עס האָט זייט דעמאָלט פּאַסירט מיט מיינע ברידער. וואָס עס האָט גע־טראָפען פאר'ן חורבן, ווייס איך. מיר וועלען אויך די פריה־ריגע לייענען. איצט וויל איך אָבער הערען די שפּעטער־דיגע.

פּנינה האָט גענומען די מגלות האָט דע נואס זיך אויפ־געהויבען, צוגעגאנגען צו איהר, גענומען זיי און צוגעקייגט צום שטערן און צום הארצען און מיט הייליגע פאָרכט זיי געקושט.

דערנאָך האָט פנינה גענומען די מגלה "בר כוכבא" און געלייענט.

דע נואס האָט די גאנצע צייט נישט אראָפּגענומען די אויגען פון איהר. ווען זי האָט געלייענט פון רבי עקיבא'ן וואָס ער האָט שטענדיג געזאָגט, אז "אלץ וואָס גאָט טוט איז צום גוטען", האָט פנינה זיך שטארק צואוויינט.

האָט דע נואס זי מעהר נישט געלאָזט לייענען און גע־זאָגט:

— גענוג פאר היינט. ביזט מיעד, דארפסט זיך אויסרו־הען. דו און דיין חבר'טע וועלען עסען נאכט־עסען און געהן שלאָפען. מאָרגען וועסטו ווייטער לייענען. מיר האָבען נאָך פינף טעג רייזע ביז מיר'ן קומען אין דער הויפּט־שטאָדט.

מען האָט זיי באלד דערלאנגט געבראָטענס און טייטלען. זיי האָבען געגעסען און געגאנגען שלאָפען.

מיט'ן טאָג צוגלייך האָט די מחנה ווייטער געצויגען. פנינה און צאריידא האָבען געריטען לעבען נואס'ען און גע־רעדט מיט איהם ווי מיט אן אלטען בעקאנטען. אזוי האָבען זיי זיך געפיהרט ביז די פינף טעג זענען אריבער. און פנינה האָט געענדיגט לייענען די מגלות.

אויפ'ן זעקסטען טאָג מיטאָגצייט זענען זיי אָנגעקומען נאָך צנעא, די הויפּט־שטאָדט פון דע נואס'עס. פנינה האָט דערזעהן די הויפּט־שטאָדט און זיך איינגעהאלטען פון גע־לעכטער. ווען דער ביצאנטישער קייסער אָדער דער פּערסי־שער קעניג וואָלטען געזעהן די הויפּט־שטאָדט, וואָלטען זיי געמאכט גרויס געשפּעט.

א קליינע שטאָדט אין ביצאנץ אָדער פּערסיען איז געווען גרעסער און שעהנער פון דער הויפּט־שטאָדט צנעא. נאָר אין אראביען, דאָס לאנד פון מדבר, וואו די מעהרסטע איינ־וואוינער זענען בעדואינער מיט וואנדערנדע געצעלטען, איז גענוג געווען, אז צנעא מיט איהרע עטליכע גאסען און היל־צערנע הייזער זאָל זיין א הויפּט־שטאָדט. דאָס צוויי־שטאָ־קיגע שטיינערנע הויז, געפּארבט גרין, איז דאָרט געווען זי־כער ווערט צו האָבען דעם נאָמען "קייזערליכער פּאלאץ".

דעם זעלבען טאָג האָט דע נואס צוטיילט דאָס מלחמה־רויב צווישען זיינע סאָלדאטען. פנינה'ן און צאריידא'ן האָט

ער אריינגענומען אין זיין הויז, האָט זיי אָבגעגעבען אַ וואָי־
נונג אין אונטערשטען שטאָק פון זיין פּאַלאַץ און האָט זיי
אָבגעגעבען גרויס כבוד. זיי זענען נישט געהאַלטען געוואָרען
ווי געפאנגענע, נאָר ווי אייגענע פון קעניגליכען הויף.

---

דריי יאָהר זענען פּנינה און צאַריידא געווען ביי דע נואס אין הויז. דע נואס האָט געהאַלטען פּנינה'ן ווי אַ אייגענע און איהר צוליעב האָט ער אַזוי געהאַלטען אויך צאַריידא'ן.

ער איז געווען אַן אָרנטליכער מאַן. ער האָט געהאַט אַלע מעלות און חסרונות פון זיין פאָלק, די אַראַבער. אַ ברייט הארץ, העלדיש, אַ גרויסער מכניס אורח. ער האָט בע־שיצט דורכרייזענדע און זיי אָפט געהאָלפען. ער האָט אָבער אויך ליעב געהאַט צו רויבען. אין דעם איז ער געווען ווי אַלע איינוואוינער פון דער מדבר.

בעזונדער גרויס איז געווען זיין ווילען מיט געוואַלט ארויפצוצווינגען זיין גלויבען אויף אַנדערע און מיט דעם כח פון דער שווערד געוואָלט זיי זאָלען זיך מגיר זיין.

פּנינה און צאַריידא האָבען איהם געזעהן זעלטען, ווייל ער איז אָפט אַוועק פון דער הויפט־שטאָדט אַמאָל איינצו־פיהרען אָרדנונג אין די לענדער אונטער איהם און אַמאָל אויף מלחמה מיט נאָהענטע און ווייטע פעלקער.

ווען ער איז געווען אינדערהיים האָט ער גערופען פּנינה'ן מיט צאַריידא'ן צו זיך. פּנינה האָט געשפּילט פאַר איהם, געזונגען און דערצעהלט געשיכטעס און ער האָט געהאַט דערפון גרויס פערגעניגען.

ער האָט נישט חתונה געהאַט און נישט געטראַכט פון ליעבע. זיין פאַנאַטיזם פאַר זיין גלויבען און זיין געיעג נאָך זיעג האָט איהם פערהאַרטעוועט און ער האָט גאָרנישט גע־קוקט אויף פרויען.

פּנינה און צאַריידא האָבען געפיהרט דאָס הויז. זיי האָ־בען געהאַט פיעל קנעכט און דינסטען גרייט אויף זייער בעפעהל.

פּנינה איז אַלט געוואָרען זעכצעהן יאָהר. ווי שעהן זי איז האָט זי נישט געוואוסט, נאָר אַז זי האָט גרויס חן, דאָס האָט זי געזעהן. און דאָ איז געשעהן אַן ענדערונג. דער גוי־

טער משפחה־געפיהל, וואָס דע נואס האָט געהאַט צו איהר, האָט זיך פּלוצלונג ביי איהם פערוואַנדעלט אין ליעבע, און ער איז נישט געוועהנט געוועזן צו האַנדלען פאַמעליך, אויס־גערעכענט, נאָר אַלץ גיך מיט שטורם, פּלוצלינג.

איינמאָל ווען ער איז צוריקגעקומען פון וועג און פנינה האָט גערארפט שפּילען און זינגען, האָט ער זי געהייסען זינ־גען א ליעבע־ליעד.

פנינה האָט געזונגען א מזרח־ליעד פול מיט ליעבע־פייער. דע נואס האָט זיך אָנגעצונדען. זיין פנים איז געוואָרען א פלאַם־פייער. פון זיינע אויגען האָבען געשפּריצט פונ־קען, ער האָט אויפגעשטורמט ווי דער שטורם פון תימן און ווי זי האָט געענדיגט דאָס ליעד, איז ער געפאַלען צו איהרע פיס און גערעדט מיט א ציטערדיג קול :

— פנינה ! פריהער ביזטו געוועזן מיין געפאַנגענע. איצט בין איך דיין געפאַנגענער ! איך בין דיין קנעכט און דו מיין הארנטע

פנינה האָט אָנגעהויבען ציטערן און נישט געקענט ארויסרעדען א וואָרט.

— פנינה ! — האָט דע נואס ווייטער גערעדט — איך האָב דאָך געקענט דיך בעהאַנדלען ווי א געפאַנגענע. איך האָב דיר אָבגעגעבען גרויס כבוד. האָב דיך אזוי געעהרט, ווייל איך דיען צו דעם גאָט וואָס דו דיענסט. איך האַלט דיך ווי א שוועסטער, ווייל דו שטאַמסט פון דוד המלך ווי איך. איצט קוק, זעה, דער קיניג יוסוף דע נואס, וואָס פעלקער ציטערן פאַר איהם, ליגט פאַר דיינע פיס, בוקט זיך צום שטויב פון דיינע טריט. דאָס איז פון מיין גרויס ליעבע צו דיר. די ליעבע צו דיר האָט מיך בעזיעגט. איך האָב קיינמאָל נישט געליעבט. דו ביזט די ערשטע פרוי וואָס געוועלטיגט איבער מיר מיט איהר גרויסע קראַפט. דיין קראַפט איז דיזעלבע וואָס האָט צוגעצויגען שמשון הגבור. זיי אָבער נישט ווי דלילה. זי איז דאָך געוועזן א גוי׳ע, האָב מיר עהר־ליך ליעב ווי איך ליעב דיך און לאָמיך נישט פערשעלטען דעם טאָג וואָס איך האָב דיך בעגעגענט.

— ווער בין איך דען ? אַן ארים מיידעל, א יתומה, אז דער קעניג פון תימן זאָל זיך דערנידריגען און מיך וועלען;

בעהרען ? — האט פנינה גערעדט און איהר הארץ האט שטארק געקלאפט.

— זיי נישט נידריג אין דיין ארימקייט — האט דע נואס גערעדט — באלד וועט תימן מיט איהרע אוצרות ליגען פאר דיינע פיס.

ער האט זי גענומען פאר דער האנד און געזעצט לעבען זיך און געזאגט:

— אויך דוד המלך, דער פאטער פון אונזער פאמיליע, איז געוועזן אן ארים אינגעל און גאט האט איהם אויסגע־וועהלט און געמאכט פאר'ן הערשער איבער זיין פאלק. גאט האט ליעב די ארימע און אונטערדריקטע. פנינה! דו ווייסט נישט דיין גרויס ווערט. ביזט מיר דערפאר זיבען מאל ליע־בער. זאלסט וויסען, אז איך בין אויך נישט אויפגעצויגען געווארען אין קעניגליכען הויף. איך האב א סך געליטען ביז גאט האט זיך דערבארמט און מיר אומגעקערט די קרוין פון מיינע עלטערן. דו האסט מיר פארגעלייענט אלץ וואס האט געטראפען מיט דיינע עלטערן און עלטערנס עלטערן. וועל איך דיר אויך דערצעהלען די געשיכטע פון מיין פאמיליע, און דאס, האף איך, וועט דיך צובינדען צו מיר.

און ער האט איהר דערצעהלט:

— פנינה! איך האב דיר שוין געזאגט, אז איך שטאם פון דוד המלך. שלמה המלך'ס נאמען איז געוועזן בעריהמט אויף דער גאנצער וועלט, איז געקומען צו איהם מאקיידא, די מלכת שבא און געוואלט הערען זיין גרויס חכמה.

זי האט זיך פערליעבט אין איהם און געווארען אזוי צו־געבונדען צו איהם, אז זי האט זיך מגיר געוועזן און געלערנט ביי איהם תורה. ער האט מיט איהר חתונה געהאט און זי האט איהם געבוירען א זוהן. דעם זוהן האט זי א נאמען גע־געבען מעניליק.

ווען זי האט זיך שפעטער אומגעקעהרט נאך שבא האט זי פעררופען איהרע מיניסטארען און האט זיי אלץ דער־צעהלט און זיי האבע בעשלאסען צו אנערקענען איהר זוהן פאר דעם יורש פון איהר טראהן.

יענע צייטען איז שבא געוועזן א גרויס קעניגרייך. עס האט זיך געצויגען פון אראביען ביז אבעסיניען. אלע קעניגען

וואָס האָבען געשטאַמט פון מענילעק'ן האָבען געגלויבט איז אידישען גאָט און אין זיין תורה. זיי האָבען אָבער זייער גלויבען נישט ארויסגעצווינגען אויף די פעלקער. דאָס לאַנד איז געווען פריי און יעדער קען דינען צום גאָט פון זיינע עלטערן.

א צייט שפּעטער איז דאָס קעניגרייך געוואָרען צוטיילט צווישען צוויי ברידער, וואָס האָבען נישט געקענט לעבען בשלום. איינער האָט גענומען אראַביען און דער צווייטער — אבעסיניען.

טאַווא, דער קעניג פון אראַביען, האָט זיך זיך אויסגעקליבען צאַנאַ פאַר זיין הויפּט־שטאָדט און פון איהם שטאַמען אלע קעניגען פון אראַביען ביז'ן היינטיגען טאָג.

די קינדער פון די צוויי ברידער, די קעניגען פון אראַביען און אבעסיניען האָבען געלעבט גוט צווישען זיך און געהאַט פריידען אזוי לאַנג ווי זיי האָבען געדינט צום אידישען גאָט.

ביז דער קעניג פון אבעסיניען האָט זיך גע'שמד'ט און געוואָרען א קריסט. דעמאָלט האָבען זיך אָנגעהויבען רייסער־רייען צווישען די צוויי קעניגען. די קרובים זענען צוליעב זייערע אמונות געוואָרען פרעמד און דערווייטערט.

מיינע עלטערן זענען געבליבען געטריי דעם אידישען גלויבען און געהיט זיינע געזעצען לויט די לעהרען, וואָס די פערטריבענע אידען פון ארץ ישראל און פערסיען וואָס האָבען זיך דאָ בעזעצט, האָבען זיי געלערנט.

מיינע עלטערן האָבען אָבער נישט געוואָלט ארויסצווינגען זייער גלויבען אויף די געצענדינערישע אראַבער ביז די קריסטען האָבען אָנגעהויבען הערשען איבער די נאָהענטע לענדער. און דער פאַנאַטיזם פון די קריסטען האָט געבראַכט מיין פאָטער ארויסצוצווינגען זיין גלויבען אויף די פעלקער.

מיין פאָטער אבו קאַריב איז געווען בעריהמט פאַר זיין חכמה און העלדישקייט. ער איז געווען דער מעכטיגער הערשער פון תימן. אז ער האָט דערפיהלט זיין מעכטיגקייט האָט ער צוזאַמענגעשטעלט א גרויסע ארמעע און געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט דעם ביצאַנטישען קייסער, אָבצורייסען פון איהם גאַנץ אראַביען.

מיין פאָטער איז דורכגעפאָהרען יאַתריב און האָט דאָרט

איבערגעלאָזען זיין זוהן אכטונג צו געבען אויף דעם פּראָ־וויאַנט פון דער ארמעע. אין יאתריב האָבען געוואוינט אידען און גוים. האָבען די גוים דער׳הרג׳עט מיין ברודער, אז מיין פאָטער האָט דאָס דערהערט האָט ער בעשלאָסען זיך נוקם זיין אין דער שטאָדט.

געמיינט האָט ער נאָר די גוים. די אידען האָבען אָבער פערטיידיגט די שטאָדט צוזאמען מיט די גוים און מיין פאָטער האָט א לאַנגע צייט בעלאַגערט די שטאָדט און זי נישט גע־קענט איינגעמען.

ער האָט שפּעטער אויסגעהאקט אלע טייטעל־בוימער, כדי די בעלאַגערטע זאָלען אויסגעהן פאר הונגער. פּלוצלונג האָט מיין טאַטע געקראַנגען פיבער און עס איז נישט געווען קיין פריש וואסער פאר איהם צו טרינקען.

צוויי אנגעזעהענע אידען האָבען איהם געבראכט פריש וואסער און ער איז געוואָרען געזונד. ער איז זיי געוועזען דאַנק־באַר און זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל רחמנות האָבען אויף דער שטאָדט און נישט אומברענגען אלע אידען און די אומשולדיגע אראַבער איבער עטליכע מערדער.

דער טאַטע האָט זיי געפאָלגט און אוועק פון דער שטאָדט. די צוויי חכמים האָט ער אָבער מיטגענומען מיט זיך און זיי האָבען איהם געהאָלפען מגייר זיין די גאַנצע ארמעע.

ווען די אראַבער פון אונזער לאַנד האָבען דערהערט, אז דער טאַטע האָט מגייר געווען דאָס מיליטער און ער וויל אז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל דאָס טאָן, האָט דאָס זיי פערדראָסען און אין דער הויפּט־שטאָדט האָט אויסגעבראָכען א בונט.

ווען דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט אהיים האָבען די מורדים פערמאַכט די טויערן און נישט אריינגעלאָזט איהם מיט דער ארמעע. עס וואָלט אויסגעבראָכען א גרויסע שלאכט, די מורדים האָבען זיך אָבער דערשראָקען און זיי האָבען בע־שטאַנען צו מאַכען א פּראָבע, ווער עס איז גערעכט: דער טאַטע אָדער זיי.

לעבען שטאָדט איז געווען א וואונדער־הייהל. אלעמאָל ווען עס האָט אויסגעבראָכען א מחלוקה זענען ביידע צדדים אוועק צו דער הייל און פון דער הייל איז ארויס א פייער און פערברענט די שולדיגע. די וואָס זענען געבליבען אומבעשע־

דיגט, האָט מען געוואוסט, זענען גערעכט.

צו דער וואונדערהייל זענען אוועק די אידישע חכמים מיט דער תורה אין די הענד און די אראבישע פריסטער מיט זייערע געצען. באלד איז ארויס א פייער פון דער הייל און פערברענט די פריסטער מיט די געצען און די אידען מיט די תורה זענען געבליבען גאנץ. דאָס איז אָנגענומען געוואָרען פאר א בעוויז, אז דער טאטע און די אידען זענען גערעכט. און דאָס גאנצע פאָלק האָט זיך מגיר געווען. דעם טעמפעל פון די אָפּגעטער האָבען זיי צושטערט און אויפגעבויט א גרויסע שעהנע שוהל.

אז דער טאטע איז געשטאָרבען זענען געבליבען דריי זיהן: חאסאן, אמרו און איך. חאסאן איז געווען דער עלטס־טער, איז ער געוואָרען קעניג. שלעכטע מענשען האָבען אָבער אָנגערעדט מיין ברודער אמרו און ער האָט דערמאָרדעט חא־סאנ׳ען און געוואָרען קעניג.

שפעטער האָט אמרו׳ן באנג געטאָן און ער האָט געטויט זיינע מערדערישע ראטגעבער. דאָס האָט איהם אָבער נישט בערוהיגט. די חרטה האָט געגעסען זיין הארץ, ער איז אינ־גיכען קראנק געוואָרען און געשטאָרבען יונגערהייט.

האָב איך דאָך געדארפט פערנעמען דעם טראָהן. האָט זיך גאָר אויפגעהויבען אַן אראבישער פירשט און בערכאפט דעם טראָהן און געוואָרען דער ערגסטער הערשער זייט די וועלט שטעהט.

ער האָט געטאָן אלדאָסבייז און שרעקליך געדריקט דאָס פאָלק. אלע האָבען געליטען און געשוויגען און מורא געהאט ווידערצושפעניגען אין איהם.

אמערגסטען איז ער געווען צו דער קעניגליכער פאמיליע. ער האָט אלעמען מיט געוואלט ארייגגענומען אין זיין פאלאץ און מורא׳דיג געפייניגט און דערנידריגט, אז דאָס לעבען איז זיי געוואָרען פער׳מיאוס׳ט.

איך האָב געוואוסט, אז מיין סוף וועט זיין טרויעריג אויב איך וועל ארייגפאלען אין זיינע הענד. איך בין דאָך דער אמת׳ער יורש פון טראָהן, וועט ער מיך וועלען אומברענגען, בין איך אנטלאָפען.

איך האָב זיך פערשטעלט פאר אן אָרימען ארבייטער־

יונג און געארבייט אויף די פעלדער פון מיין פאָטער'ס אונ־טערטאַן פאר א קליינעם לוין.

א צייט האָב איך זיך אויסבעהאַלטען ביז דער סוד איז ענדליך ארויס. א באַנדע רויבער איז בעפאַלען מיך און מיינע חברים, די ארבייטער אויפ'ן פעלד, און האָבען געוואָלט אוועקפיהרען די אָקסען. אַלע ארבייטער זענען אנטלאָפען אין גרויס שרעק, נאָר איך בין געבליבען.

איך האָב געכאַפּט דאָס אקעראייזען און גענומען שלאָ־גען די רויבער און זיי פערטריבען.

די ארבייטער האָבען דאָס דערצעהלט זייערע בעלי־בתים און זיי האָבען מיך שטאַרק געריהמט. מען האָט אָנגעהויבען רעדען פון מיין מוטה און דער הערשער האָט דאָס דערהערט, האָט ער בעפוילען מען זאָל מיך ברענגען צו איהם

פלוצלינג איז געקומען אן אָבטיילונג סאָלדאַטען און מיך גענומען אין פאַלאַץ. זיי זענען געווען צופיעל איך זאָל זיך קענען קעגענשטעלען. מען האָט מיך געבראַכט אין מיין פאָ־טער'ס פאַלאַץ, וואָס איז איצט פערכאַפּט געוואָרען פון א פרעמדען און זיי האָבען מיך אריינגעפיהרט אין באַדע־צימער, וואו דער הערשער איז געזעסען אין א וואַנע רויזעני־וואַסער און זיך געוואַשען דאָס לייב.

— דו ביזט ענדליך אין מיינע הענד ! — האָט דער הערשער זיך געוייצט מיט מיר — האָסט געמיינט דיין חכמה וועט דיר גילטען און וועסט זיך בעהאַלטען. איצט האָב איך דיך אריינגעקראָגען און איך וועל זיך מיט דיר אָברעכענען שטרענגער ווי מיט דיין גאַנצער פאַמיליע !

מיר איז פינסטער געוואָרען פאר די אויגען. נאָר גאָט האָט מיר געעפענט די אויגען און איך האָב דערזעהן א קליי־נע שווערד ליגען צווישען זיינע קליידער. איך האָב גיך גע־כאַפּט די שווערד און זי אריינגעזעצט אין זיין האַלז. דאָס רויזענוואַסער איז רויט געוואָרען פון דעם רשע'ס בלוט. איך בין ארויסגעשפּרונגען דורכ'ן פענסטער. מיט דער בלוטיגער שווערד בין איך געלאָפען אויפ'ן מאַרק, א גרויסער עולם איז זיך צוזאַמענגעלאָפען. איך האָב געפאָכעט מיט דער שווערד און געשריגען :

— מיט דער שווערד האָב איך געטויט דעם שלעכטען

הערשער ! אויב איך האָב געטאָן גוט, דאַנקט מיר, און אויב נישט — משפט מיך ! טוט מיט מיר וואָס איהר ווילט !

דאָס פאָלק האָט אויפגעשטורמט פאַר פרייד. און אַז אַלע האָבען דערהערט, אַז איך בין יוסוף, זייער קעניג׳ס זוהן, האָבען זיי געטאַנצט און געשריגען :

— זאָל לעבען דער קעניג !

פון אַקעראייזען האָט מען מיך געבראַכט אין קעניגליכען פּאַלאַץ און איך בין געוואָרען קעניג.

די פעלקער ארום תימן האָבען דערהערט אַז תימן האָט ווידער אַ אידישען קעניג, האָט דאָס זיי פערדראָסען. בעזונדער זענען אויפגערעגט געווען די קריסטען. די אידען פון די אַרומיגע לענדער האָבען זיך שטאַרק דערפרעהט מיט מיין שמחה און פיעל אונטערדריקטע אידען זענען געקומען צו מיר. איך האָב זיי געגעבען שטיקער לאַנד אַ מתנה און די מוטיגסטע פון זיי האָב איך געמאַכט פאַר מיליטער־עלטסטע אין מיין ארמעע.

---

אַז דע נואס האָט געענדיגט דערצעהלען זיין לעבענס־געשיכטע האָט ער אַזוי געזאָגט :

— טייערע פנינה ! איך האָב דיר אַלץ דערצעהלט. בעטראַכט זיך, וועסטו איינזעהן ווי גוט עס וועט זיין ווען צוויי אייניקלאַך פון דוד המלך וועלען שליסען אַ בונד פון ליעבע און זיצען אינאיינעם אויף אַ טראָהן און אויפבויען אַ שעהן אידיש הויז וואָס וועט זיין בעריהמט און געלויבט.

זיינע שטילע רייד און דער אומעט אין זיינע אויגען ווען ער האָט גערעדט פון זיינע איבערלעבונגען האָבען איהם צוגעגעבען פיעל חן און פנינה איז שטאַרק געריהרט געוואָרען פון זיינע האַרציגע ווערטער. זי האָט זיך בעטראַכט אַז עס וועט בעסער זיין די אידען ווען זי וועט מיט איהם חתונה האָבען און איהם העלפען טאָן גוטס צו אַלע אונטערדריקטע.ביידע אינאיינעם וועלען זיי אויפבויען אַ קעניגרייך וואָס וועט זיין אַ ברכה פאַר דער וועלט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און איהם ארומגענומען און אין אַבט טאָג ארום איז געווען זייער חתונה.

פנינה האָט חתונה געהאַט מיט איהם נים דערפאַר וואָס

זי האָט געוואָלט ווערען א קעניגין, נאָר זי זאָל קענען זיין א הילף פאר איהר געפייניגט פאָלק.

אין א פּאָר וואָכען אַרום האָט יוסוף געפונען א חתן פאר צאריידאַ'ן, פנינה'ס חבר'טע, דער פירשט מעדעא, וואָס איז אויך געווען א איד. פנינה האָט אָבגעגעבען גרויס לויב צו גאָט וואָס ער האָט בעשערט איהר און איהר חבר'טע גוטע מענער, וואָס זענען עהרליך און געטריי און גוטהערציג.

---

פיער חדשים איז פנינה געווען די גליקליכסטע פרוי אויף דער וועלט. איהר צוליעב האָט איהר מאן אויפגעהערט האַל־טען מלחמה און די גאַנצע צייט איז געווען שטיל און רוהיג פאַר'ן גאַנצען פאָלק, און פנינה האָט געהאָפט אז איהר גליק וועט זיין אייביג.

גאָט האָט אָבער נישט געוואָלט אזוי. איינמאָל נאכמיטאג ווען פנינה און יוסוף זיינען געזעסען אין שאטען געצעלט איז פלוצלונג אריין א גענעראל, געבוקט זיך און געזאָגט אז ער האָט איבערצוגעבען א וויכטיגע ידיעה.

יוסוף איז צוגעגאַנגען צו איהם, און א רגע האָבען זיי שטיל גערערט, איז יוסוף געוואָרען שרעקליך בלאַס און אָנ־געהויבען ציטערן פאר אויפרעגונג. ער איז גיך ארויסגעלאָפען מיט דעם גענעראל און איידער פנינה האָט פאר שרעק גע־קענט פרעגען זיי א וואָרט, זענען זיי פערשוואונדען.

פנינה איז געשטאַנען אין דרויסען און נישט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר. באלד האָט זי דערהערט א גרויכען טו־מעל און רעש. אויפ'ן פּלאַץ לעבען קעניגליכען הויף האָבען זיך פערזאמעלט מחנות מיליטער. רייטער און פוסגעהער, פערד, קעמלען, וועגען מיט געוועהר און פעק שפייז.

די מחנות מיליטער האָבען פערבייגעצויגען, און זי האָט נישט געזעהן יוסוף'ן. דערשראָקען איז זי געשטאַנען און האָט נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט איהר.

פארנאכט איז געקומען יוסוף שטארק בעוואפענט. זי איז געפאַלען אויף זיין האלז און אויסגעשריגען:

— ביזט ענדליך געקומען, טייערער יוסוף! א סך האָב איך אין מיין יונג לעבען געליטען. דו ווייסט עס. מיינע פיין פון היינטיגען טאָג שטייגען אָבער איבער אלע מיינע

פריהעריגע צרות. איך זעה א טומעל, רעש און שרעק און איך
בין אליין, ווייס נישט וואס דאס בעטייט.

— גארנישט, טייערע, גארנישט — האט יוסוף זי גע־
טרייסט און בערוהיגט און זיין פנים איז געוועזן אזוי טרויריג.

— איך בעט דיך, יוסוף ליעבער, פערבארג נישט קיין
זאך — האט פנינה געבעטען — איך בין דיין פרוי, דיין חבר,
איך דארף אלץ וויסען און זיך טיילען מיט דיר אין פרייד און
אין לייד.

— טא הער! באלד ווי איך בין געווארען קעניג האב איך,
ווי מיין פאטער, געוואלט אז אלע אונטערטאנען זאלען זיך
מגיר זיין. פיעל לאנד פירשטען האבען מיך געפאלגט. עס
זענען אבער געווען אויך איינגעשפארטע לייט וואס האבען
מיך נישט געוואלט פאלגען, צו זיי בין איך געווען זעהר
שטרענג, שטרענגער ווי מיט אלעמען בין איך געווען מיט די
קריסטען. איך האב זיך נוקם געווען אן זיי פאר די צרות וואס
די קריסטען האבען געטאן צו די אידען אין זייער לאנד.

פנינה האט אומצופרידען געשאקעלט מיט'ן קאפ, און
יוסוף האט זי געפרעגט:

— פאר וואס געפעלט דיר דאס נישט? האט א אידישער
קעניג נישט דאס רעכט צו טאן מיט זיינע קריסטליכע אונ־
טערטאנען ווי עס טוען די קריסטליכע קעניגען מיט זייערע
אידישע אונטערטאנען?

— ניין, ניין, מיין ליעבער! — האט פנינה געזאגט —
א אידישער קעניג דארף נאר טאן גוטס צו זיינע קריסטליכע
אונטערטאנען. ער זאל זיין א מוסטער פאר די קריסטליכע
קעניגען. זיי זאלען זיך אבלערנען פון איהם ווי צו בעהאנדלען
די אידען פון זייערע לענדער, און זיי זאלען מעהר נישט אונ־
טערדריקען זייערע געטרייע אידישע אונטערטאנען דערפאר
וואס זיי דינען צום גאט פון זייערע עלטערן.

— ביזט אפשר גערעכט — האט יוסוף געזאגט פער־
טראכט — אבער מען קען נישט צוריקנעמען דאס וואס איז
שוין געווארען געטאן. הער וואס ווייטער איז געשעהן: יעדען
טאג האב איך געהערט די שרעקליכע ידיעות פון ביצאנץ, ווי
די קריסטען שלאגען זיי און פייניגען זיי און די קעניגען
טראכטען אויס אלע טאג נייע גזרות ווי צו מאטערן די אידען.

דאָס בלוט האָט געקאָכט אין מיר און מיך נישט געלאָזט דור־הען. עס האָט געשריגען און געפאָדערט נקמה פאר די ליידען פון מיינע ברידער, און עס האָט געטראָפען ווען קריסטליכע סוחרים פון ביצאַנץ און אבעסיניען זענען דורכגעפאָהרען מיין לאַנד אויפ'ן וועג נאָך אינדיע, האָב איך זיי געפאַנגען און געטויט. די קריסטליכע סוחרים האָבען זיך דערשראָקען און מעהר נישט געפאָהרען דורך תימן.

דאָס האָט פערדראָסען א סך פירשטען פון מיין קעניג־רייך. דער קעניג פון אבעסיניען איז אויך געוואָרען שטאַרק אין כעס, וואָס איך האָב געטויט קריסטען און וואָס איך שטער דעם האַנדעל פון זיין לאַנד. ער האָט אָבער מורא געהאַט פאר מיר און מיין שטאַרקע אַרמעע.

דערווייל האָט דאָס פאָלק פון נאַגראַן מיט דעב פירשט אָנגענומען דאָס קריסטליכע גלויבען. דאָס האָט מיך פער־דראָסען, אָבער איך האָב געשוויגען. זיי זענען נישט מיינע אונטערטאַנען. פּלוצלינג ווער איך געוואָהר, אז די נאַגראַנער האָבען דערמאָרדעט צוויי אידען. איך האָב שוין נישט גע־קענט רוהען און בין געגאַנגען מיט מיין אַרמעע זיך נוקם זיין פאר דאָס אומשולדיג פערגאָסענע אידיש בלוט.

איך האָב בעלאַגערט נאַגראַן א שטיק צייט. אז די שטאָדט האָט שטאַרק געליטען פון הונגער איז ארויסגעגאַנ־גען דער פירשט מיט דריי הונדערט און פערציג אַנגעזעהענע לייט און געבעטען גנאָד. איך האָב זיי אָבער נישט געוואָלט אויסהערען און מיינע סאָלדאַטען האָבען זיך געוואָרפען אויף זיי און אויסגעקוילעט ביז'ן לעצטען. דערנאָך בין איך אריין אין שטאָדט און געצוואונגען אַלעמען צו ווערען אידען.

ווען די קריסטליכע בישאָפען האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי אויפגעפאָדערט דעם ביצאַנצישען קייסער ער זאָל זיך נוקם זיין אָן מיר. ביצאַנץ האָט אָבער מורא געהאַט מלחמה האַלטען מיט מיר. מיין לאַנד איז זעהר ווייט פון זיי און דער זאַמד פון מדבר וואָלט זיי פריהער צוגעדעקט איידער זיי וואָלטען צוגעקומען צו מיין גרעניץ.

זיי האָבען אָבער געשלאָסען א בונד מיט דעם קעניג פון אבעסיניען און האָבען איהם געשיקט שיפען מיליטער, געלד און געוועהר ער זאָל זיך נוקם זיין אָן מיר. איצט האָבען מיר

געוואָהר געוואָרען, אז דער אבעסינישער קעניג געהט מיט א גרויסע ארמעע אויף מיר און ער איז שוין נישט ווייט פו'ן גרעניץ.

ער האָט אָבער א טעות אויב ער מיינט, אז ער בעפאַלט מיך פלוצלינג און איך זאָל בלייבען הילפלאָז. איך האָב צו־שיקט שטאפעטען איבער'ן גאַנצען לאַנד און צונױפגערופען מיינע העלדישע סאָלדאטען. מיט'ן טאָג צוגלייך געה איך ארויס בראש פון מיין ארמעע און איך וועל איהם בעגעגענען מיט דער שווערד לעבען גרעניץ.

אז יוסוף האָט געענדיגט, האָט פנינה געזיפצט שווער. זי האָט דערקענט פון זיינע רייד, אז ער האָט פאר זיך א שטאַרקע מלחמה מיט א מעכטיגען פיינד. און נישט אזוי גרינג וועט ער איהם בעזיעגען און פעריאָגען. פנינה האָט גע־וואוסט, אז יוסוף איז שולדיג אין דער צרה. ער האט שווער געזינדיגט לאָזענדיג פריי זיין צאָרן. נאָר איצט איז דאָך פערפאַלען. די קריעג איז דאָך איצט צו בעשיצען זיין לאַנד. און ער מוז דאָך איינשטעלען דאָס לעבען צו ראַטעווען דאָס לאַנד פון פיינד'ס הענד. האָט זי דערפאַר געשוויגען און גע־פרואווט איהם בערוהיגען און זי האָט געזאָגט צו איהם:

— יוסוף, טייערער, געה שלאָפען, רוה זיך אוים די עט־ליכע שעה.

ער האָט זי געפאָלגט און זיך געלייגט אין בעט. זיי האָבען אָבער ביידע נישט געקענט איינשלאָפען. ער האָט זיך גע־דרעהט אויף אָלע זייטען און זי האָט נאָס געמאַכט דאָס גע־לעגער מיט איהרע טרערען. געוויינט האָט זי שטיל, ער זאָל נישט הערען. נאָר די טרערען האָבען זיך געגאָסען שטילער־הייט.

פאר זונאויפגאַנג האָט זיך דערהערט דאָס קול פון א טרומפייט און א פויק. דע נואס איז אויפגעשפרונגען און זיך אָנגעטאָן. ער האָט זי אויפגעוועקט און מיט גרוים ליעבע גע־זאָגט:

— שטעה אויף, טייערע פנינה, לאָמיר זיך געזעגענען!

זי האָט דאָך נישט געשלאָפען. זי האָט אָבער געמאַכט זיך ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפט פון א שווערען שלאָף. זי האָט זיך אָנגעטאָן גיך און איהם דערלאַנגט א פרישען טרונק.

ער האָט זיך אָנגעטאָן זיין וואפען, זי ארומגענומען און הייס געקושט און מיט אן אויפגערעגטער שטימע געזאָגט:

— זיי געזונד, ליעבע פנינה! מיר וועלען זיך נאָך זעהן דאָ אָדער דאָרט אין... הימעל!

ער האָט זיך בעמיהט שמייכלען און זיין פרעהליך. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט בעהערשען און טייכען טרערען האָבען גערונען אויף זיינע באַקען און שעהנער באָרד.

— געה געזונדערהייט און קום געזונדערהייט — האָט פנינה איהם געוואונשען און ביטער געוויינט — איך וויל דיך אָבער עפּעס בעטען, טייערער יוסוף, איידער דו געהסט אוועק שווער מיר ביי גאָט, אז ווען דו וועסט זיך אומקערען געזונדערהייט, זאָלסטו שטענדיג לעבען אין פרידען. זאָלסט מעהר נישט צווינגען קיינעם זיך מגיר צו זיין. "אָס איז נישט דער אידישער וועג. עס איז נישט גאָט'ס ווילען. אידען רעדען אָב א גוי וואָס וויל זיך מגיר זיין, ער זאָל דאָס נישט טאָן, ביז ער שפּאָרט זיך איין און וויל דוקא. צווינגען א גוי זיך מגיר צו זיין איז אן עברה פאר גאָט. שווער מיר, אז דו וועסט דאָס מעהר נישט טאָן.

— ביזט גערעכט, מיין טייערע, געטרייע פנינה! איך האָב דיך דערפאר נאָכמעהר ליעב! — האָט יוסוף געזאָגט און זי געהאַלזט און געקושט — איך שווער דיר, איך וועל דיך פאָלגען!

פנינה האָט איהם ארומגענומען און מיט גרויס ליעבע צוגעדריקט צו איהר שטורמדיג, אויפגערעגט האַרץ, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט בערוהיגען אין איהר, ווי נביאות געזאָגט, אז זי וועט איהם מעהר נישט זעהן...

עס האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טיר. יוסוף האָט זיך ארויסגעריסען פון איהרע ארעמס, זי געקושט צום לעצטען מאָל, און אָבווישענדיג די טרערען איז ער גיך ארויס אין גאַס.

פנינה האָט לאַנג געוויינט. אז זי האָט זיך בערוהיגט, האָט זי זיך פערשטעלט קיינער זאָל זי נישט דערקענען און זי איז ארויס אויפ'ן מארק, וואו יוסוף האָט געדאַרפט פער־בייגעהן מיט דער ארמעע. זי האָט זיך געשטעלט אין א ווינ־קעל, ער זאָל זי נישט דערזעהן און זי איהם — יאָ.

אין א שעה ארום האָט די אַרמעע זיך געלאָזט אין וועג

אריין. יוסוף איז געגאנגען פאראוים. ער האט אויסגעזעהן וואונדערליך שעהן, זעלטען העלדיש און מוטיג. אזוי האט פנינה איהם דערזעהן דאס ערשטע מאל אין דעם בעדואיני־שען דארף.

איצט האט זי אבער געוואוסט זיין ביטער הארץ און זי האט שטיל געוויינט. זי האט איהם לאנג נאכגעקוקט ביז ער איז פערשוואונדען פון איהרע אויגען. זי האט איהם נאכגע־שיקט איהר ברכה און אומעטיג און טרויריג האט זי זיך אומ־געקערט אין פאלאץ וויינען אויף איהר ביטער מזל.

---

לעבען ים סוף האט יוסוף בעגעגענט דעם פיינד. די שלאכט האט זיך אנגעהויבען. יוסוף׳ס ארמעע האט געוויזען וואונדער. זי האט דערלאנגט שרעקליכע קלעפ דעם פיינד. זיי האבען אבער אויך געליטען שווערע פערלוסטען. און צום סוף האט יוסוף׳ס ארמעע פערלוירען. דעם פיינד׳ס ארמעע איז געווען פיעל גרעסער אין צאהל.

ווען יוסוף האט געזעהן אז זיין ארמעע טרעט אפ און ער האט פערלוירען, האט ער אויסגעקליבען צו שטארבען ווי א העלד איידער צו ליידען שאנד. ער איז ארויף מיט׳ן פערד אויף אפעלז און אריינגעשפרונגען אין ים אריין. דער ים איז געווארען זיין קבר.

די זיגערישע אבעסיניער האבען איינגענומען תימן און אויסגע׳הרג׳עט א סך אידען. זיי האבען אויך איינגענומען די הויפטשטאדט צאנא און אויסגערויבט דעם קעניגליכען פאלאץ.

באלד ווי יוסוף איז געשפרונגען אין ים אריין איז צא־ריידא׳ס מאן געקומען צולויפען צו פנינה׳ן און איהר דער־צעהלט די שרעקליכע בשורה און אין איילעניש האט ער זי מיטגענומען מיט זיך און זיינע לייט וואס זענען אוועק נאך באיבאר צו ראטעווען זיך פון בייזען פיינד וואס וויל פער־טיליגען אלע אידען.

אין גרוים איילעניש האט פנינה אלץ איבערגעלאזט. זי האט נאר מיטגענומען די מגלות מיט די לעבענס־בעשרייבונגען פון איהרע עלטער־זיידעס און איהר הארפע, וואס זי האט מיטגעבראכט פון איהר מוטער׳ס היים.

פיער מאָנאַטען נאָך יוסף׳ס טויט האָט פנינה געבוירען אַ יונגעל און איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך זיין פאָטער — יוסף.

---

די מגלה האָט אָנגעשריבען פנינה אין יאָהר פיער טויזענד הונדערט און פינף און זיבעציג לויט דעם אידישען רעכענונג. זי האָט איבערגעלאָזט די מגלה צוזאַמען מיט די פריהעריגע און איהר הארפע פאר איהר זוהן יוסף און האָט פאר איהם צוגעשריבען די דאָזיגע ווערטער :

— מיין טייערער זוהן יוסף !

עס איז זעהר ביטער פאר א קינד געבוירען צו ווערען א יתום, ער זאָל נישט וויסען פון פאטער־ליעבע. טרייסט זיך אבער דערמיט וואָס עס וואָלט נאָך געקענט זיין ערגער ווען דו וואָלסט געבוירען געוואָרען דעמאָלט, ווען דיין פאָטער איז געוועזן קעניג. עס וואָלט דיר געווען ביטערער איצט וואָס דו מוזט אַרבייטער שווער פאָר דיין ברויט.

איך בין איצט אין פעסטונג קאַמוס אין לאנד כאיבאר אינאיינעם מיט צאריידא׳ן און איהר מאַן. מיר אַרבייטען אלע אינאיינעם און פערדינען אונזער ברויט. צוזאַמען דערמאָנען מיר די גוטע צייטען וואָס זענען געוועזן אַזוי קורץ און אונזער ליעבע און פריינדשאַפט איז אונזער טרייסט אין די צרות.

איך לאָז דיר איבער, טייער קינד, די דאָזיגע מגלה מיט די הייליגע זכרונות פון מיינע עלטער עלטערן און אויך די הארפע — דאָס איינציגע פערמעגען וואָס איך האָב געראַטעוועט. האַלט דאָס פאר אַן אנדענקען פון דיין געטרייע איבערגעגעבענע און ליעבענדע מאַמע.

פנינה בת הונא.
די אלמנה פון תימן׳ס קעניג
אן אור־אייניקעל פון **דוד בן ישי מלך ישראל.**

# מחמד.

די אידען וואָס זענען אנטלאָפען פון תימן און האָבען זיך בעזעצט אין כאיבאר, האָבען זיך אויסגעקליבען א בער־גיגע געגענד און זי בעארבייט.

אויף די שפּיץ בערג האָבען זיי אויסגעבויט פעסטונגען צו בעשיצען זיך פון פיינד, און הונדערטער יאָהרען האָבען זיי געלעבט רוהיג און זיכער.

הארון (אהרן) בן חאַסאַן, פנינה די תימנ׳ישע קעניגין׳ס אַן אור־אייניקעל, איז געווען דער פירשט פון פעסטונג קאַ־מוס. די פעסטונג איז געשטאַנען אויף אַ הויכען פעלז און נאָר איין וועג איז געווען אריין און ארויסצוגעהן פון פעס־טונג.

גאָט האָט געבענטשט הארונ׳ען. ער האָט געהאַט אַ סך פעלדער און וועלדער, אַ סך סטאַדעס שאָף און רינדער און גאָלד מיט זילבער זעהר פיעל.

ער איז אויך געבענטשט געווען מיט א סך טייערע מעלות. ער איז געווען זעהר עהרליך, פרום און גוטהערציג. ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט אורחים און זיין רוהם איז געווען בע־קאַנט אין די ווייטע לענדער.

ער האָט געהאַט צוויי קינדער. אַן איינציגען זוהן, מאַר־האוו און א בת יחידה — צאינא. מאַרהאַוו איז געווען א זעלטענער העלד און בעריהמט פאר זיין גרויסען מוטה.

הארון האָט זיינע קינדער ליעבער געהאַט פון זיין לעבען און זיי זענען גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאר איהם.

מאַרהאַוו האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון נאַציררישען פירשט און צאינא האָט חתונה געהאַט מיט שלום בן אבן משכם, דער פירשט פון קאינאקאַ.ביידע זענען געווען עהרליכע אידען און זייערע אונטערטאַנען זענען געווען אידען. דעמאָלט האָבען אין כאיבאר געלעבט א סך אידישע

שבטים וואָס זענען געווען געטריי דעם גאָט פון זייערע עלטערן.

עס איז געקומען שבועות, האָט צאינא געוואָלט אָנטאָן נחת איהר פאָטער, האָט זי גענומען איהר עזרא, א יונג־קינד און געקומען צום פאָטער צו גאַסט אויף יום־טוב.

איהר מאַן שלום איז געבליבען אין קאינאקא, ווייל ער האָט געמוזט בעפעסטיגען זיין פעסטונג צו קענען ביישטעהן קעגען מחמד'ען, וואָס האָט די אידען געוואָלט צווינגען אָנ־צונעמען זיין נייעם גלויבען וואָס ער האָט געגרינדעט.

דעם ערשטען טאָג שבועות האָבען די אידען פון קאמוס זיך פארזאמעלט אין שוהל. די שוהל איז געווען נישט גרויס, אָבער זעלטען שעהן. דער דיעל פון טייערע פלאַסטע־שטיי־נער, דער באלקען און די ווענד מיט פסוקים פון דער תורה אויסגעמאָלט מיט גאָלדענע אותיות.

אונטען איז געווען פאר מענער און א גאַלעריע פון דריי זייטען פאר די פרויען. צו מזרח איז געווען די בימה און דאָס ארון קודש. איבער די ספרי תורה אין דער הויך איז געווען א זילבערן צודעק בעהאנגען מיט א טייער זיידען פרכת, אויסגעשטיקט מיט גאָלד און בעזעצט מיט פערל.

די שוהל איז לכבוד שבועות געווען בעהאנגען מיט גרינע צווייגען און בלומען קרענץ און אין מזרח־ווינקעל א קופה בלומען מיט א זילבערנע פייערפאַן מיט טייערע געווירצען, וואָס האָבען געגעבען א טייערן ריח.

---

נאָך שחרית איז הארון ארויף אויף דער בימה, געעפענט דאָס ארון קודש, ער האָט ארויסגענומען א ספר תורה, דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך געשטעלט אויף די פיס און הארון האָט גערעדט:

— ברידער, אידען! — האָט ער געזאָגט — באַלד נייג־צעהן הונדערט יאָהר זענען אריבער זייט דעם טאָג ווען אונ־זערע עלטערן זענען געשטאַנען ביים באַרג סיני און מיט זייערע אויגען געזעהן גאָט'ס וואונדער. דער באַרג סיני האָט געראויכערט און געציטערט און דאָס גאַנצע פאָלק האָט גע־ציטערט, און אלע האָבען מיט איין קול געענטפערט אויף גאָט'ס רייד:

נעשה ונשמע!

ליעבע ברידער! היינט שטעהען מיר פאר א שווערען וואָלקען וואָס לאָזט זיך אראָפּ איבער אונזערע קעפּ. דער פאַלשער נביא פון מעקא קריגט גרויס מאַכט. ער האָט שוין געשיקט אָנזאָגען אונזערע ברידער אין נאַציר, קאינאקא, קור־ראיצא און וואראדאל, זיי זאָלען אָננעמען זיין גלויבען, אויב נישט, וועט ער זיי דערקלערען קריעג.

דער פאַלשער נביא ווייזט נישט קיין נסים. ער ווייזט אָבער וואונדער מיט זיין מאַכט. זיין נייע תורה קריצט ער אויס אויף די הערצער פון זיינע פיינד מיט דער שארפער שווערד.

גאָט ווייסט צי אונזערע ברידער וועלען איהם קענען ביישטעהן? און דעמאָלט ווער ווייס אויב ער וועט אונז לאָזען צורוה? דאריבער, ברידער, לאָמיר זיך אָנגורטען מיט מוטה, צו שטעלען זיך קעגען פיינד פאר דעם גלויבען פון אונזער פאָלק און דער תורה פון אונזער גאָט!

זאָלען אלע וויסען אז מיר זענען קינדער פון דעם פאָלק וואָס האָט ארויסגעגעבען די העלדישע חשמונאים!

ווער עס איז שוואכמוטיג קען אונז פערלאָזען און אריבערגעהן צו מחמד דעם זיעגער. דער וואָס איז אָבער צו־געבינדען צו אונזער פאָלק און גאָט, זאָל צוזאמען מיט מיר פאר'ן אָפענעם ארון קודש אויפהויבען זיין קול ווי אמאָל אונזערע עלטערן ביים בארג סיני, און שווערען:

— נעשה ונשמע! אלץ וואָס גאָט האָט געבאָטען וועלען מיר היטען!

דער גרייז גרויער הארון, מיט זיין שטורמדיג קול און זיינע פייערדיגע אויגען, האָט אריינגעגאָסען פייער אין די הערצער פון פאָלק און אלע אינאיינעם האָבען אויסגעשריגען:

— נעשה ונשמע! אלץ וואָס גאָט האָט געבאָטען וועלען מיר היטען!

נאכדעם האָט מען געלייענט אין ספר תורה און אָבגע־

דאווענט און אלע זענען אוועק צו הארון׳ס טיש צו דער יום טוב סעודה.

---

— עסט און טרינקט און לאָזט אייך וואוילגעהן — האָט הארון געזאָגט צו די געסט — ווער ווייס? אפשר איז דאָס די לעצטע מאָלצייט וואָס מיר עסען אינאיינעם... אפשר וועט מחמד אונז בעזיעגען און פערטרייבען פון דער רוהיגער היים.

— ווער איז דער מחמד, וואָס א וועלט ציטערט פאר איהם? — האָט צאינא און נאָך איהר אנדערע געבעטען דעם אלטען צו דערקלערען.

— מחמד איז געבוירען געוואָרען אין מעקא — האָט הארון דערצעהלט — ער שטאַמט פון דער אנגעזעהענסטער אראַבישער פאַמיליע. זיין פאַמיליע האלט די שליסלען פון קאבא, דער אראַבישער טעמפּעל.

עבדאלה, מחמד׳ס פאָטער, איז געווען א גרויסער אָרימאַן. זיין זוהן מחמד, האָט געהאַט א פערשידענאַרטיגען כאראַקטער. ער איז גוט און שלעכט, איידעל און גראָב, בעשיידען און פול גאוה, אָרנטליך און פערדאָרבען, עהרליך און פאַלש, אנשטענדיג און אויסגעלאַסען, העלדיש און שרעק־קעדיג, א שאַרפער מוח און אומוויסענד — אלץ איז ארויסגע־מישט אין זיין הארצען.

און ער האָט געוואָלט זיין אנדערש פון אלעמען און אי־בערשטייגען זיין גאַנצע פאַמיליע. די פּריסטער פון דעם טעמפּעל זענען געווען זיינע קרובים, האָט ער זיי געוואָלט איבערשטייגען און זיין גרעסער פון זיי. ער האָט דערפאר נעגרינדעט א ניי גלויבען מיט א נייע "תורה".

אָט איז ער א גרויסער נאר און אָט — א פּראָפעט. א משוגענער און א גייסטרייכער מאַן.

ווען זיין מוטער האָט געטראָגען מיט איהם, איז זיין פאָטער געשטאָרבען. און ער איז נישט אלט געוואָרען זעקס יאָהר איז אויך זיין מוטער געשטאָרבען. האָט איהם זיין פעטער אבו טאליב אריינגענומען צו זיך אין הויז. ער האָט געפּאַשעט די סטאַדעס פון שטאָדט ביז ער איז אלט געוואָרען פינף און צוואַנציג יאָהר.

דערנאָך האָט אן אלמנה, כאדיאגא, איהם אריינגענומען

פאר א "מענש" אין איהר געשעפט. זי איז געווען עלטער פון איהם. זי איז שוין אלט געווען פערציג יאָהר. ער איז אָבער געווען א שעהנער יונג און גערעדט שעהן און די רייכע אלמנה האָט מיט איהם חתונה געהאט.

ער איז געפאָהרען צוליעב געשעפט אין פערשידענע לענדער און זיך געטראָפען מיט אידישע, קריסטליכע און פערסישע געלערנטע און האָט זיך גוט צוגעהערט צו זייערע שמועסען פון זייערע גלויבענס און לעהרעס. ער האָט אויך פיעל גערעדט מיט זיין ווייב'ס קרוב מארקא, א געבילדעטער מאַן, וואָס האָט זיך מגיר געווען און געוואָרען א איד.

איז מחמד'ען איינגעפאלען צו מאכען פון דער אידישער אמונה מיט די געצענדינערישע און קריסטליכע גלויבענס איין רעליגיע און א נייע "תורה" צוגעפאסט פאר די אראבער.

איבער דעם איז ער אוועק אין א הייל לעבען מעקא און דאָרט געזעסען זעקס יאָהר און זיך אָבגעגעבען מיט חלומות און פאנטאזיעס און ער האָט אָנגעהויבען גלויבען, אז דער מלאך גבריאל קומט צו איהם און ער איז א נביא.

אלץ וואָס דער מלאך גבריאל זאָגט איהם דערצעהלט ער צו זיינע צוהערער און זיי פערשרייבען דאָס און זיי האָבען דאָס צוזאמענגעשטעלט דעם "קאָראַן", זיין נייע "תורה", וואָס איז פול אומוויסענהייט.

ביי איהם קומט אויס, אז יעקב איז געווען אברהם'ס זוהן און המן איז געווען א מיניסטער ביי פרעה'ן אין מצרים. און נאָך אזעלכע אומוויסענדע זאכען.

אלע וואָס האָבען דאָס געהערט האָבען זיך שטארק צו־לאכט און צאינא האָט זיך אָנגערופען:

— און דער אומוויסענדער מאַן האָט די חוצפה צו געבען א נייע רעליגיע? און ער וואָגט דאָס פאָדערן פון אונז מיר זאָלען גלויבען אין איהם און אָננעמען זיין "תורה"?

— ער קען אפילו נישט שרייבען אָדער לייענען — האָט הארון געזאָגט — ער רעדט און אבדאלא איבן סאלאם פערשרייבט זיינע ווערטער. מיר טאָרען אָבער נישט לאכען פון איהם, נאָר טרויערן. זיין פאלשער כח באהערשט אלעמען. קליין און נידריג איז ער געווען אין אָנפאנג. נאָר זיין ווייב, זיין קרוב עלי און זיין קנעכט סאאיד האָבען געגלויבט אין

איהם. זיין גאנצע פאמיליע האָט געלאכט פון איהם. און אז זיי האָבען געזעהן, אז ער קריגט אַ סך אנהענגער האבען זיי איהם געוואָלט דער׳הרג׳ענען. ער האָט אָבער דאָס געוואָהר געוואָרען און מיט זיינע אנהענגער אנטלאָפען נאָך מעדינא. דאָרט האָט ער צוגעקראָגען אַ סך נייע אנהענגער און ער איז בעפאָלען זיינע פיינד און האָט זיי בעזיעגט אין דריי שלאכ־טען.

דערנאָך האָט ער בעלאגערט זיין געבורטס־שטאָדט מעקא און זי האָט זיך געמוזט אונטערגעבען און איהם אויפנעמען. דאָס איז אָבער ווייניג פאר איהם. ער צווינגט די פעלקער אָנצונעמען זיין גלויבען. ער האָט צושיקט שלוחים צו אלע אראבישע פירשטען צו די קעניגען פון פערסיען און אבע־סיניע און אפילו צום ביצאנצישען קייסער, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען און אננעמען זיין גלויבען. ער האָט אויך גע־שיקט די זעלבע פאָדערונג צו אלע אידען אין אראביען, נאָר אונז האָט ער ביז איצט געלאָזט צורוה. הלואי זאָל ער פער־געסען אין אונז און נישט שטערן אונזער פרידען!

— לאָמיר אויפהערען רעדען פון דעם פאלשען נביא אין היילינען שבועות — האָט געזאָגט דער אלטער מוסה, דער קאָמענדאנט פון פעסטונג.

— אבו מוסה איז גערעכט! — האָבען אלע זיך אָנגערו־פען.

דער עולם האָט געענדיגט די סעודה און פערביסען מיט פרוכטען און עפיל וויין. זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און געזעגענט מיט הארון און געוואָלט געהן אהיים. איז די דינסט אריינגעקומען און געמאָלדען, אז צוויי מענער פון מעקא ווילען זעהן הארון׳ען.

אלע זענען געבליבען פערוואונדערט.

— שיק זיי אריין — האָט הארון געזאָגט.

עלי, מחמד׳ס שוועסטערקינד, און אמאר, מחמד׳ס פעלדמארשאל, זענען אריינגעקומען. איינער האָט געהאלטען אַ פערזיגעלטען בריעף און דער צווייטער האָט געטראָגען אַ קאָסטען אויף די פלייצעס. עלי איז צוגעגאנגען צו הארון׳ען און געפרעגט:

— ביזטו הארון דער פירשט פון כאיבאר ?

— יא. וואָס פערלאַנגסטו ?

— מחמד דער שליח פון גאָט... — האָט עלי אָנגעהויבען רעדען, נאָר דער עולם האָט איהם איבערגעריסען און אויס־געשריגען בייז :

— דער שליח פון טייוועל !

— רעדט בעסער נישט אזוי וועגען אַלאַ'ס נביא — האָט עלי זיי גערדראָהט — איהר זאָלט נישט האָבען דעם זעלבען סוף וואָס אייערע ברידער פון קאינאַקא און נאַציר.

— וואָס איז רען מיט זיי געשעהן ? — האָבען אַלע געפרעגט דערשראָקען.

— דאָס וועט איהר זיך דערוויסען פון דעם בריעף — האָט עלי געזאָגט — און איהר וועט נישט וואַגען רעדען שלעכטס אויף מחמד'ען.

ער האָט זיך אויסגעדרעהט צו הארון און געזאָגט :

— מחמד, אַלאַ'ס שליח, שיקט דיר, הארון, דעם בריעף. ער קומט צו דיר מיט פרידען. ער פערלאַנגט נאָר פון דיר דו און דיינע אונטערטאַנען זאָלט אָננעמען זיין גלויבען.

הארון האט גענומען דעם בריעף און געלייענט :

"אין נאָמען פון אַלאַ, דעם בארמהארציגען, רעדט מחמד, אַלאַ'ס נביא, צו הארון, פירשט פון כאיבאר :

"אַלאַ, דער בארמהארציגער, האָט מיר בעפוילען דורך זיין הייליגען מלאך גבריאל איך זאָל פערשפרייטען אויף דער וועלט די לעהרע פון איסלאַם, די ריכטיגע אמונה. דאָס גלויבען וואָס אַלע נביאים פון אַלע צייטען האָבען אָנגענו־מען. איבראהים, איסמאיל און מוסה (אברהם, ישמעאל און משה). און איך זאָל מלחמה האַלטען מיט די וואָס וועלען ווידערשפעניגען אין איסלאַם ביז איך וועל זיי מאַכען אונ־טערטעניג.

"איך וואָרן חיינט דיך און דיין פאָלק אָנצונעמען מיין אמונה און צוזושטעהן צו מיר און מיר העלפען אין מיין ארבייט. אַלס צייכען אַז אייער סוף וועט זיין בימער ווען אידר וועט מיך נישט פאָלגען, שיק איך אייך אין דעם קאָס־טען זעקס קעפ פון די העלדען פון קאיאַנקאַ און נאַציר, וואָס

האָבען געזינדיגט קעגען מיר און מיך נישט געוואָלט אנער־קענען פאר א ריכטיגען נביא.

"איהר האָט פאר אייך צוויי וועגען: דעם וועג פון לייבע און האס; לעבען אָדער טויט. קלייבט אויס וואס אייך געפעלט".

"מחמד אבן עבדאלא".

אז הארון האָט געלייענט דעם בריעף האָבען די פער־זאמעלטע זיך קוים איינגעהאלטען אויסצוברעכען אין גרויס צאָרן. ווען ער האָט געענדיגט זענען אלע אויפגע־שפרונגען און געוואָלט דער'הרג'ענען מחמד'ס לייט. הארון האָט זיי אָבגעהאלטען און געזאָגט:

— טוט דאָס נישט. דאָס לעבען פון א שליח איז אונ־בעריהרליך. זיי מוז מען לאָזען לעבען. ברידער! נאכ־דעם ווי איהר האָט געהערט דעם בריעף, זאָג איך אייך נאכ־אמאָל: יעדער שוואכהארציגער, וואס זיין לעבען איז איהם טייערער פון זיין גלויבען, קען געהן צו מחמד'ען. איך שווער ביי מיין לעבען, אז איך וועל איהם נישט בעשטראָפען!

— מיר וועלען בעסער שטארבען איידער פערלאָזען די אמונה פון אונזער גאָט! — האָבען אלע אויסגעשריגען.

הארון האָט געזאָגט צו די שלוחים:

— איצט זעהט איהר דאָך וואס מיר האָבען אויסגע־קליבען. געהט צו מחמד'ען און זאָגט איהם, אז איך וויים נישט וואס ער איז. איז ער א ווילדער מערדער אָדער א משוגע'נער? זאָגט איהם, אז די אידען ווילען נישט הערען פון זיין גאָט און זיין גלויבען.

עלי און אמאר זענען אוועק און האָבען איבערגעלאָזט דעם קאסטען.

— ברידער! דער יום־טוב האָט זיך געענדיגט! — האָט הארון געזאָגט — געהט אהיים און ברענגט אייערע פערמעגענס צו בעהאלטען און מיר וועלען תיכף בעפעסטיגען די מויער. מחמד וועט באלד אָנקומען. שטארקט זיך פאר אונזער גאָט און אמונה. לאָמיר אָבגעבען אונזער לעבען פאר אונזערע פרויען און קינדער און דאָס לאנד וואס מיר האָבען מיט אונזער שוויים געמאכט פון א מדבר א גן־עדן!

צאינא איז צוגעגאנגען צום קאסטען און געוואָלט עפע־נען.

— עפען נישט, טאָכטער, איך וויל נישט זעהן דאָס אומגליק פון אונזערע ברידער ! — האָט הארון געזאָגט.

— לאָז מיך, טאַטע, — האָט צאינא געבעטען מיט שרעק — דאָס הארץ זאָגט מיר נישט קיין גוטס. וויל איך בעסער וויסען איידער אויסגעהן פאר שרעק.

זי האָט געעפענט דעם קאסטען און דער ערשטער קאָפּ איז געווען שלום׳ס, איהר מאַן׳ס.

זי האָט געגעבען א שרעקליך געשריי און געפאלען חלשות אויפ׳ן קאסטען.

---

אין דער פעסטונג קאמוס האָט יעדער געארבייט. מע־נער, פרויען און קינדער האָבען בעפעסטיגט די מויער. יע־דער וואָס האָט געקענט האלטען געוועהר איז געקומען אין פעסטונג, גרייט אויף מלחמה.

הארון האָט געשיקט צו די בעדואינער פון גאטאפאן, מחמד׳ס געגנער, זיי זאָלען איהם העלפען. הארון איז אוועק מיט זיין ארמעע ביז דער גרעניץ צוריקצושלאָגען מחמד׳ס ארמעע. נאָר פרויען און קינדער זענען געבליבען אין קאמוס.

פינף טעג איז געשטאנען הארון׳ס אויסקוקער אויפ׳ן טורעם ביי דער גרעניץ און נישט געזעהן דעם פיינד. אויפ׳ן זעקסטען טאָג האָט ער דערזעהן א גרויסע ארמעע מיט א ווייסען פאָהן און ער האָט געשריגען :

— מיר זענען געהאָלפען ! די גאטאפאנער קומען !

הארון׳ס ארמעע איז ארויף אויפ׳ן בארג און אויך ארויסגעשטעלט א ווייסען פאָהן. זייער פרייד איז אָבער באלד פערשטערט געוואָרען. איידער די גאטאפאנער זענען צוגעקומען צו זיי איז מחמד פלוצלינג ארויס פון בעהעלטע־ניש מיט זיין ארמעע און פערשטעלט די גאטאפאנער דעם וועג. און די שלאכט האָט זיך אָנגעהויבען.

הארון׳ס ארמעע האָט דאָס דערזעהן זענען זיי אראָפּ פון בארג און זיך געוואָרפען אין שלאכט. הארונ׳ס זוהן מאר־האוו איז געגאנגען פאָראויס. ער איז געווען בעוואפענט פון קאָפּ ביז די פיס מיט קופּער און אייזען. אויף זיינע

לענדען האָט געהאַנגען אַ לאַנגע שאַרפע שווערד און אין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ גרויסע שפּיז מיט דריי ציינער. זיי זענען אַרויף אויפ'ן שלאַכט־פעלד מיט אַ גרויס געשריי:

— אַ קאַמף פאַר גאָט און זיין פאָלק!

מיט שטורם און ביטערן האַס האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף מחמד'ס סאָלדאַטען. די גאַטאַפּאַנער האָבען דאָס דערזעהן האָבען זיי זיך אויך אָנגענומען מיט מוטה און פון דער אַנדערער זייט זיך געוואָרפען אויפ'ן שונא און געוואָלט זיך דורכרייסען צו פעראייניגען זיך מיט הארון'ס אַרמעע.

מחמד'ס אַרמעע איז אָבער געווען גרעסער און שטאַרקער פון די צוויי אַרמעען. מחמד האָט צוטיילט זיין אַרמעע אויף צוויי. איינע געפיהרט פון עלי און אמאר, איז אַרויסגעטרעטען קעגען די אידען און מחמד האָט געפיהרט די שלאַכט קעגען די גאַטאַפּאַנער.

מאַרהאַוו האָט דערזעהן עלי'ן און ער האָט איהם אַרויסגערופען אויף אַ דועל.ביידע זאָלען זיך שלאָגען, ווער עס וועט געווינען, וועט זיין דער זיעגער און די מחנות וועלען פערשפּאָרען זיך שלאָגען.

— ווער ביזטו וואָס דו וואַגסט צו וועלען זיך שלאָגען מיט מיר? — האָט עלי געזאָגט שטאָלץ.

— אַראַביען וויים מיין מאכט — האָט מאַרהאַוו איהם געענטפערט — איך בין מאַרהאַוו, דער בעריהמטער העלד! איך האָב אַ שווערד און אַ שפּיז. מיט ביידע בעוויז איך וואונדער אין געשלעג מיט'ן פיינד.

— און איך בין דער העלד וואָס מען רופט מיך דער לייב! — האָט עלי זיך בעריהמט — קום אהער וועל איך אַריינזעצען מיין שווערד אין דיין הארצען!

— און איך וועל מיט דיין בלוט אַנטרינקען אונזער ערד!

— האָט מאַרהאַוו איהם געענטפערט.

דער קאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען. ביידע העלדען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען. די שווערדען האָבען זיך אָנגעקלאַפּט. לאַנג האָבען זיי געקעמפט און איינער דעם אַנדערן נישט געקענט בּ(?)זיעגען.

דערווייל האָט מוחמד צושלאָגען די גאַטאַפּאַנער און זיי פעריאָגט. ער האָט זיך דערנאָך געוואָרפען אויף די אידען

און זיי דערלאַנגט שטאַרקע קלעפּ. מאַרהאַוו האָט דערזעהן אַז זיין צ‍ערמעע פערלירט האָט ער זיך פערקוקט אויף זיי און עלי האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און האָט איהם דערלאַנגט מיט ד'ער שווערד איבער'ן האַלז אַזאַ שטאַרקען קלאַפּ, אַז מאַרהאַוו'ס קאָפּ איז ווייט אַוועקגעפלויגען.

דער אַלטער הארון האָט פון אלטקייט זיך נישט געקענט מעהר בעטייליגען אין מלחמה און איז געשטאַנען אויף'ן טורעם מיט די הענד צום הימעל און געבעטען גאָט'ס הילף. ווי ער האָט דערזעהן די מפּלה פון זיין אַרמעע און דעם שרעקליכען סוף פון זיין איינציגען זוהן, האָט ער זיך אַראָפּ־געוואָרפען פון טורעם און צושמעטערט געוואָרען אויף שטי־קער.

די אידען זענען אַנטלאָפען אין פעסטונג קאַמוס. דער אַלטער מוסה האָט פערשלאָסען דאָס טויער און געזאָגט צו די אַנטרונענע:

— ברידער! אויב איהר ווילט נאָך אַלץ קעמפען קעגען מחמד'ען וועט איהר נאָר פערגיסען אומזיסט בלוט. די פעסטונג מוז פאַלען. מיין עצה איז, אַז איך און אַ צוואַנציג מאַן זאָלען דאָ פערבלייבען קעמפען קעגען מחמד'ען און איהם נישט צולאָזען צו דער פעסטונג. דערווייל וועט איהר אַלע אַנטלויפען דורך דער אונטערערדישער הייל ביז דער פעסטונג נאַבאַט און דאָרט זיך בעפעסטיגען. ווער וויל שטאַרבען דאָ מיט מיר צו ראַטעווען די איבריגע?

פּופציג מאַן האָבען זיך פאָרגעשלאָגען אָבצוגעבען זייער לעבען. מוסה האָט אויסגעקליבען צוואַנציג און די איבריגע האָט ער געשיקט מיט זיין זוהן אברהם נאָך נאַבאַט.

נאַבאַט איז שוין נישט אַרוים אין קאַמף אויפ'ן אָפענעם שלאַכטפעלד קעגען מחמד'ען, ווייל זיי האָבען געוואוסט אַז ער איז זעהר מעכטיג. זיי האָבען נאָר בעפעסטיגט די מויער און יעדער האָט געטראָגען געוועהר צו שיצען זיך קעגען מחמד'ס אָנפאַל.

אינגיכען האָט מחמד איינגענומען אויך נאַבאַט. עס איז איהם נישט אָנגעקומען גרינג. נאַבאַט איז געשטאַנען אויף אַ שאַרפען שפּיציגען פעלז אַרומגערינגעלט מיט טיעפע

גריבער און קאנאלען. איבער די קאנאלען איז געלעגען א בריק וואס האט געפיהרט אין פעסטונג אריין.

מחמד'ס ארמעע האט שווער געארבייט צו פערשיטען די גריבער און קאנאלען. די אידען האבען זיי נישט געשוויגען. פון דער פעסטונג האבען זיי געשליידערט אויף מחמד'ס סאלדאטען שווערע שטיינער און געגאסען אויף זיי קאכעדיגען אויל.

מחמד דאט פערלוירען מאסען סאלדאטען. אויפ'ן ארט פון די אומגעקומענע זענען אבער געקומען נייע. זיי האבען אויסגעהאקט דעם טייטעל־וואלד און פערשאטען די גריבער אזוי הויך ביז דער מויער און זענען געגאנגען אויף דער פעסטונג.

אינמיטען גאנג האט דאס געהילץ אין די גריבער זיך אנגעצונדען. די בעלאגערטע האבען אראבגעווארפען פלאקערן און עס איז אויסגעבראכען א שרעקליך פייער.

מחמד האט געזעהן, אז מיט מאכט וועט ער נישט נעמען די פעסטונג, האט ער זיך צוריקגעצויגען און בעשלאסען אזוי לאנג בעלאגערן די פעסטונג ביז אלע אינוויינינגסטע וועלען אויסגעהן פאר הונגער.

אין פעסטונג איז געווען גענוג שפייז. די אונטערערדישע הייהל האט אויך געהאלפען צו ברענגען דורך איהר שפייז פון דרויסען.

פינף טעג האט מחמד בעלאגערט די פעסטונג און דאס פאלק האט נישט געקענט זיצען רוהיג. זיי האבען גערופען א פערזאמלונג וואס צו טאן. איינער האט געזאגט מען זאל זיצען רוהיג אזוי לאנג ביז מחמד'ען וועט מיאוס ווערען און ער וועט אוועקגעהן. אן אנדערער האט געזאגט מען זאל ארוים אין אפענעם קאמף. עס איז געווען איינער וואס האט געראטען צו פרובירען רעדען מיט מחמד'ען וועגען פרידען. איהם האבען אלע פערשריגען און פאר כעס האבען זיי איהם שיער דער'הרג'עט. איז ארוים מאהאל, דער קאמענדאנט פון פעסטונג און געזאגט:

— ברידער! אונזער ברודער מוסה פון קאמוס האט איינגעשטעלט זיין לעבען און געשטארבען ווי א העלד. איך שעם זיך פאר איהם וואס איך זיץ רוהיג. איך וויל בעוויי־

זען דעם פאַלשען נביא אז ער שטרייט מיט די אייניקלעך פון דעם פאָלק וואָס האָט זיך געשטעלט קעגען די מעכטיגע רוימער. איך און עטליכע העלדען וועלען ביינאכט שטילער־הייט ארויס פון פעסטונג און אונטערצינדען דעם פיינד'ס לאַגער. וועט דאַך ווערען א גרויסער טומעל וועלען מיר שניידען אויף רעכטס און לינקס. מיר וועלען נישט ארויס לעבעדיגע. דער טויט וועט אונז אָבער זיין ליעב. מיר וועלען זיך נוקם זיין פאר אונזערע אומגעקומענע ברידער, פאר אונזערע בערויבטע פעלדער און די אויסגעהאַקטע וועלדער. ווער האָט דעם מוטה צו געהן מיט אונז היינט ביינאכט?

פופציג מאַן האָבען זיך אָנגעשלאָגען. מען האָט דערלאַנגט וויין. זיי האָבען געטרונקען און זיך געזעגענט מיט אַלעמען.

---

א גאנצען טאָג האָבען זיי געגראָבען אונטער דער ערד א וועג צום קאַנאַל. ביינאכט זענען זיי שטילערהייט ארויס צום קאַנאַל. קריכענדיג אויף אַלע פיער זענען זיי צוגעקומען צו מחמד'ס ערשטע וואך פון צעהן סאָלדאטען וואָס זענען געשטאַנען בעוואָפענט מיט די אויגען צום פעסטונג. די אידען האָבען זיך צוטיילט אויף פינף אין א גרופּע. יעדע גרופּע האָט געכאַפּט א וואך סאָלדאט און פערשטאָפּט זיין מויל, איהם געבונדען און אראָפּגעשליידערט אין קאנאל. דערנאָך האָבען זיי אָנגעצונדען טרוקענע צווייגען און געוואָרפען אויף מחמד'ס געצעלטען. דער גאנצער לאַגער איז אין א רגע געשטאַנען אין פייער. די אידישע העלדען האָבען געצויגען די שווערדען און געשריגען:

— מיט דער שווערד פאר גאָט!

מחמד'ס ארמעע איז געלעגען אין די געצעלטען און געשלאָפען. זיי האָבען זיך אין גרויס שרעק אויפגעכאַפּט און נאַקעטע ארויס אין דרויסען. יעדער וואָס איז אונטערגעקומען אונטער די הענד פון די אידישע העלדען איז גלייך געפאַלען טויט.

אזוי זענען די אידישע העלדען געגאַנגען איבער'ן לאַגער און געשניטען אויף רעכטס און לינקס. מחמד האָט זיך געכאַפּט און צוזאַמענגעקליבען זיינע העלדישסטע סאָלדאַ־

טען, זענען די אידישע העלדען זיך אריין אין קאנאל און אין דער אונטערערדישער הייל און געזונטערהייט צוריקגעקומען אין פעסטונג.

די פרייד אין פעסטונג איז געווען זעהר גרויס. עס האט קיינער נישט געפעהלט פון די מוטיגע אידישע העלדען.

אין דער פריה האט מחמד ארויסגעשטעלט א ווייסען פאהן. ער וויל רעדען מיט די אידען וועגען פרידען. אין פעסטונג איז געווען א פערזאמלונג וואס צו טאן. ענדליך האט מאהאל געזאגט אז מען זאל אויסהערען מחמד'ען. ער איז ארויף אויפ'ן טורעם און אויך ארויסגעשטעלט א ווייסען פאהן.

עלי איז צוגעקומען צו דער פעסטונג און געזאגט:

— הערט, איהר לייט פון כאיבאר! אונזער נביא בע־וואונדערט אייער מוטה. ער וויל שליסען פרידען מיט אייך. ער וועט אייך לאזען רוהיג לעבען לויט אייער אמונה אויב איהר וועט איהם צאהלען א קליינעם יעהרליכען צינז.

מאהאל האט ארויסגעשטעלט א גרינעם פאהן אלס צייכען אז ער וויל זיך בעראטען וועגען דעם מיט'ן פאלק. אויף דער בעראטונג האבען אלע איינשטימיג געפאדערט צוריק־צואווייזען מחמד'ס פערלאנג.

— הערט, ברידער! — האט מאהאל געזאגט — אמת, מיר דארפען זיך האלטען שטאלץ פאר'ן פיינד, ער זאל נישט פאדערען פון אונז צופיעל. לאמיר אבער אויך נישט אוועק־קוקען פון אמת. דער פיינד איז זעהר שטארק, ער ווערט מעכטיגער און מעכטיגער. ער וועט אונז ענדליך בעזיעגען. צו וואס זאלען מיר אומזיסט פערגיסען בלוט אז מיר קענען דערמיט נישט העלפען? לאמיר ענטפערן מיט פרידען דעם שטארקערן. מיט אונזער זיעג קענען מיר גרינג קויפען דעם פריעדען, אהן שאנד. גערענקט אבער אז אזא זיעג קענען מיר נישט האבען אלע טאג.

— מיט וואס זענען מיר זיכער אז מחמד וועט נישט ברע־כען זיין ווארט שפעטער? — האבען אלע געפרעגט.

— איך בין זיכער אין דעם — האט מאהאל דערקלערט — איך קען מחמד'ען. ער איז א משוגענ'נער אבער נישט קיין פערדעטער. איהם וועט זיין גענוג אז ער וועט דער־

קלערט ווערען הערשער איבער אונז. ער וועט אונז אָבער לאָזען היטען אונזער אמונה.

דאָס האָט געהאָלפען. די פערזאמלונג האָט איינגע־שטימט. און מאהאל האָט ווידער ארויסגעשטעלט דעם וויי־סען פאָהן, א צייכען אז זיי זענען מסכים אויף דער פאָדע־רונג.

— דער נביא וויל זעהן די העלדען פון דעם "עם הספר" — האָט עלי געזאָגט.

— זאָל ער קומען צו אונז — האָט מאהאל געענטפערט.

מאהאל האָט געגעבען א צייכען מיט א טרומפעט רוף. די אידען האָבען אויסגעלייגט די בריק און מחמד מיט עלי אמאר און אבו באכאר זענען ארויף אויף דער בריק. דאָס אידישע מיליטער איז געשטאנען אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען און זיי מיליטעריש בעגריסט. מאהאל איז ארויס אנטקעגען און זיי האָבען זיך איינס דאָס אנדערע ארומגע־נומען. ער האָט זיי אוועקגעפיהרט אין גרויסען זאַל פון פעסטונג און אָנגעגרייט פאר זיי אַ גרויסע סעודה.

מאהאל האָט תיכף געשיקט אָנזאָגען אין קאמוס די פרוי־ען אז די מלחמה האָט זיך געענדיגט. אלע האָבען זיך דערי־פרעהט און געטאנצט אז קיין בלוט וועט מעהר נישט ווערען פערגאָסען.

נאָר צאינא איז געבליבען טרויריג. זי האָט געקלאָגט אויפ'ן טויט פון איהר מאן וועמעס קאָפּ מחמד האָט צוגע־שיקט אין פעסטונג. זי האָט נאָך נישט געוואוסט אז אויך איהר פאָטער הארון און איהר ברודער מארהאוו זענען שוין אויך טויט.

דאָס שרעקליכע בילד וואָס זי האָט פלוצלונג דערזעהן ווען זי האָט געעפענט דעם קאסטען — איהר מאן'ס קאָפּ — האָט זי אזוי צובראָכען אז זי איז געפאלען אין אזא שווערען חלשות, אז מען האָט זי קוים געקענט דערמינטערן.

מען האָט זי געלייגט אין בעט און א גאנצען טאָג איז זי געלעגען אין גרויס פיבער. אז זי איז געקומען צו זיך האָט א פייער פון צאָרן געברענט אין איהר און דאָס ערשטע וואָס זי האָט געזאָגט אז זי האָט געעפענט די אויגען איז געווען איין וואָרט:

— נקמה !

זי איז אראפגעשפרונגען פון בעט און ווי משוגע געלאָפען איבער'ן צימער און געקריצט מיט די ציינער, שרייענדיג :

— נקמה !

אזוי איז זי געלאָפען אהין און צוריק און א פייער האָט געברענט איהר געהירען ביז זי איז אַ מיעדע אומגעפאלען. לאַנג איז זי געלעגען און געטראַכט ווי צו נעמען נקמה. און זי האָט בעשלאָסען מיט איהרע אייגענע הענד אומצוברענגען מחמד'ען, איהר מאַן'ס מערדער. און נישט מיט קיין גיכען טויט. נאָר אַ טויט פון לאַנגע שווערע פיין, זי זאָל זעהן זיינע יסורים און שטילען איהר וועהטאָג. זי וועט איהם געבען צו טרינקען גיפט וואָס וועט ברענען זיין הארץ איינציגווייז ביז עס ויעט ווערען פערברענט. זי האָט זיך בערוהיגט פאַרשטעלענדיג זיך דאָס בילד ווי מחמד וועט זיך צאַפלען אין טויטליכע יסורים פאר איהרע אויגען.

אַז מען איז אָנגעקומען פון נאבאט אָנזאָגען, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיגט, איז איהר ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. זי איז נעהנטער צו איהר ציעל.

זי האָט זיך ארומגעוואשען און אויסגעשמירט מיט טייערען אויל, זיך אָנגעטאָן די שענסטע קליידער און איהר טייער צירונג. אַ קליין פלעשעל מיט געפעהרליכען גיפט האָט זי פערשטעקט אין איהרע קליידער און זי איז אוועק נאָך נאבאט.

אַז זי איז אריינגעקומען אין גרויסען זאל פון נאבאט האָט זי נאָך געטראָפען די אידען מיט מחמד'ען און זיינע לייט עסען און טרינקען און פערברענגען ווי גוטע פריינד.

— צאינא ! וואָס טוסטו דאָ ? — האָט מאהאל זי געפרעגט דערשראָקען.

— איך בין געקומען געוואָהר ווערען וואָס עס הערט זיך מיט מיין טאטע און ברודער און איך האָב געוואָלט זעהן דעם גרויסען נביא, גאָט'ס שליח, ווי ער קומט צו אונז אין זיין גאנצער פראכט...

די אידען האָבען אראָפגעלאָזט זייערע אויגען. פאר חרפה האָבען זיי ניט געקוקט אויף איהר. דערנאָך האָט מאהאל מיט אַ טרויריג קול זיך אָנגערופען :

— דיין טאטע און ברודער לעבען נישט מעהר...

פאר שרעק איז זי שיער אומגעפאלען. זי האָט אָבער איצט נאָכמעהר געוואָלט אויספיהרען איהר פּלאַן. נוקם זיין זיך נישט נאָר פאר איהר מאן, נאָר אויך פאר'ן פאָטער און ברודער. האָט זי זיך בעהערשט און געמאַכט ווי עס ארט זי נישט, און זעהענדיג דעם שטאָלצען מאן אויבענאָן האָט זי פערשטאַנען, אז דאָס איז מחמד, איז זי צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט מיט דרך־ארץ:

— ביזטו אַלאַ'ס נביא, וואָס אַלאַ האָט דיך אויסגעקלי־בען צו בעלייכטען די וועלט?

— יא, מיין שעהנע — האָט מחמד געזאָגט ליעבליך — וואָס ווילסטו, שעהנע פרוי, וועסט עס קריגען.

— איין פערלאַנג האָב איך, אַלאַ'ס נביא, איך זאָל קריי־גען דעם כבוד צו קענען זיין א דינסט און וואשען דיינע פיס, מיין הערר, הייליגער פון גאָט...

זי האָט זיך געוואָרפען צו זיינע פיס און די אידען האָ־בען געקוקט דערשראָקען און פערוואונדערט.

— הארון'ס טאָכטער ?! — האָט מאהאַל געקריצט מיט די צייהן פאר כעס.

— א שוועסטער פון יהודית! — האָט זי איהם פעסט געענטפערט.

די אידען האָבען געהערט און געשאָקעלט מיט די קעפּ צופרידען, נאָר מאהאַל איז געבליבען אומצופרידען.

מחמד האָט בעטראַכט צאינא'ן, די וואונדערליכע שעהנ־הייט, און ער האָט זיך אָנגעצונדען מיט א שטארק פייער פון גלוסטונג. א צייט האָט ער געשוויגען. ער האָט געקעמפט מיט זיך. זאָל ער זי נעמען אָדער נישט? ענדליך האָט ער מיט א הייזעריגע שטימע געזאָגט:

— וועסט נישט זיין קיין דינסט, נאָר א הערשענדע ווירד־טין ביי מיר.

אבו באַכאר'ן, זיין שווער, האָט דאָס פערדראָסען און ער האָט געזאָגט:

— געדענק, מחמד, חוץ מיין טאָכטער אישא האָסטו דיר שוין גענומען אכט ווייבער. לויט דיין לעהרע טאָר מען דאָך נישט האָבען מעהר ווי פיער ווייבער.

— לאז מיך צורוה! — האט מחמד אויסגעשריגען אויפגערעגט.

ער האט זיך אויפגעהויבען, אויסגעטאן זיין מאנטעל און ארויפגעווארפען אויף צאינא'ן אלס צייכען, אז ער הייליגט זי פאר זיין ווייב און פייערליך געזאגט:

— איך מו דיין פערלאנג. איך שפרייט אויס אויף דיר מיינע פליגעל.

---

צאינא האט אוועקגעגעבען איהר יונגעלע עזרא צו איהר'ס א געטרייע חב'טע צו ערציהען און צוזאמגענומען איז זי אוועק מיט מחמד'ען נאך מעקא. ווען זיי זענען פערבייגעפאהרען פאר דער פע־טונג און דערזעהן די געפאלענע, האט מחמד בעפוילען צו בעגראבען זיינע טויטע סאלדאטען בעזונדער און די אידען בעזונדער. און ער האט גערעדט צו זיין ארמעע וועגען זיינע טויטע, אז זיי וועלען אלע לעבען אייביג אין גאט'ס שוץ. אויף די קברים פון די פיינדליכע טויטע האט ער אויסגעשפיגען און געזאגט:

— זייט פערפלוכט!

דריי טעג זענען זיי געפאהרען אין דער מדבר ביז זיי זענען צוגעקומען צו אן אאזיס. די איינוואוינער האבען זיי אקעגען געטראגען טייטלען און פריש וואסער. דערנאך זע־נען זיי געקומען נאך מעקא.

מעקא איז געבויט פיערעקיכיג. דאס לאנד איז פעלזיג. עס פעהלט אבער דארט גארנישט.

באלד ווי זיי זענען אריין אין שטאדט זענען זיי אוועק א ן בריאם, דער טעמפעל שטעהט אינמיטען שטאדט און איז פיער הונדערט איילען לאנג, פיער הונדערט איילען ברייט און צוואנציג איילען הויך.

דער גרויסער דאך ליגט אויף פיער הונדערט איין און נײנציג ווייסע מארמערנע זיילען. אין מיטען טעמפעל גע־פינט זיך דער זאל וואס הייסט "איבראהים'ס הויז". דער זאל האלט הונדערט צוויי און זעכציג איילען לאנג און פיער און אכציג איילען ברייט. די טירען און די ריגלען זענען פון ריינסטען זילבער. דער דיעל—א זעלטענער מאזאאיק, ווײ־סער, גרינער און רויטליכער מארמאר. און דער דאך פון בעס־

טען קופער. איבער די ווייס־מארמארנע װענד הענגען טייערע שווארצזיידענע טעפּיכען אויסגענייהט מיט ווערטער פון קאָראן.

דאָרט איז אויך דאָ א ברונען ארומגעצוימט מיט מאַר־מאָר מיט א זילבערנעם דאַך. יעדער איינער וואשט זיך אין דעם וואסער און טרינקט דערפון. איבער די קברים פון ישמעאל און הגר אין דעם טעמפּעל ליעגען פּיערעקיכיגע טייערע מארמאר שטיינער און יעדער איינער שטעלט זיך קעגען זיי און ריכט אָב א געבעט.

מחמד מיט צאינא'ן זענען אריין אין טעמפעל. און מחמד האָט זיך אװעקגעשטעלט אויף "איבראהים'ס אָרט" און געזאָגט א לאנג געבעט. נאָכ'ן געבעט האָט ער געהייסען א קנעכט זאָל צאינא'ן פיהרען הינטער איהם. און אזוי זע־נען זיי אװעק צו זיין הויז.

מחמד'ס ניין ווייבער זענען געשטאַנען לעבען די פענס־טער און ארויסגעקוקט. אז זיי האָבען דערזעהן צאינא'ן האָ־בען זיי פערשטאַנען, אז מחמד ברענגט זיך א ניי ווייב, האָבען זיי געמאַכט ווילדע גרימאסען און ארויסגעשטעקט די צונגען. אישא איז ארויס אקעגען און געזאָגט בייז:

— איהר זעהט דעם ווילדען! ער האָט שוין א ניי ווייב! ניין ווייבער איז דיר ווייניג?

מחמד איז געוואָרען אויפגערעגט. ער האָט אָבער גאָר נישט געענטפערט.

דער קנעכט האָט אריינגעפיהרט צאינא'ן אין א זעהר שעהן צימער, און דערנאָך איז זי גערופען געוואָרען צו מחמד'ען.

אז זי איז אריין איז ער געלעגען אויפ'ן דיוואן ארומגע־רינגעלט פון זיינע ווייבער. ער האָט זיך אויפגעהויבען און מיט א בעפעהלערישען טאָן זי פאָרגעשטעלט פאר זיי:

— אלא'ס גייסט רוהט אויף דער פרוי און עס ציהט זי צו זיין נביא, זי זאָל זיין מיט איהם און דערפרעהען זיין הארץ. איך בעפעהל אייך איהר זאָלט זי האלטען בכבוד און שעצען ווי זי פערדינט.

— מיר דארפסטו נישט דערצעהלען װעגען די פריידען פון דיין הארץ! — האָט אישא געזאָגט שפּאָטיש.

— שווייג, שלאנג ! — האָט מחמד געגעבען א געשריי און א טופּע מיט די פּיס.

— ערלויב מיר, הערר, איין פראגע צו פרעגען, ווען איך שווייגען — האָט אישא געזאָגט.

— פרעג.

— מיט דיין אייגען מויל לערנסטו אלעמען נישט צו נעמען מעהר ווי פיער ווייבער, פארוואָס נעמסטו דיר א צעהנטע ?

מחמד איז געוואָרען צוטומעלט. ער האָט נישט גע־וואוסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך אָבער גענומען דעם מלאך גבריאל צו הילף. ער איז אומגעפאלען, בעקומען די פאליגע קרענק, געצאפּעלט זיך און געוואָרפען, אז א שוים האָט געזעצט פון זיין מויל, און דערנאָך האָט מען דער־הערט א מורא'דיגע שטימע, דאָס קול, וואָס מחמד פלעגט זאָגען, איז געווען פון מלאך גבריאל, און עס האָט אזוי גע־זאָגט :

— נביא ! פארוואָס זאָלסטו צוליעב דיינע ווייבער דיר נישט ערלויבען דאָס וואָס גאָט האָט דיר ערלויבט ? נביא ! גאָט'ס מלאך הייסט דיך נעמען אזויפיעל ווייבער וויפיעל דו ווילסט. יעדע פרוי וואָס וויל דיך פאר א מאַן און דו ווילסט זי פאר א ווייב — נעם זי ! דאָס רעכט האָסטו מעהר פון אלע דיינע גלויביגע.

נאָכדעם האָט מחמד זיך אויפגעהויבען און אישא האָט שפּאָטיש זיך אָנגערופען :

— א גוטער מלאך ! ער קומט דיר תמיד צו הילף, דער מלאך גבריאל !

מחמד האָט זיך אָנגעצונדען ווי א פייער און געזאָגט :

— אייך צו־להכעיס וועל איך ליעבען די אידישע מעהר ווי אייך אלעמען !

— א אידישע ? א אידישע וועט זיין אונזערע א קאָנקור־רענטקע ! — האָט א צווייטע געזאָגט מיט פעראכטונג.

— שעם זיך נישט — האָט מחמד געזאָגט צו צאינא'ן — אויב די דאָזיגע האלטען דיין אידישקייט פאר א שאַנד זאָל־סטו זיין שטאָלץ און זיי זאָגען אזוי : דער גרויסער געזעצ־געבער מוסה (משה) איז געווען מיין עלטער־זיידע ; דער

כהן גדול הארון (אהרון) — מיין עלטערפעטער און דער גרויסער נביא מחמד איז מיין מאַן.

— גרויסער נביא! — האָט צאינא געבעטען — אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגען, טו מיר גענאָד...

— וואָס ווילסטו, זאָג, מיין ליעבע, וואָס דו וועסט וועלען וועט ווערען געטאָן!

— אויב דיין הארץ איז גוט צו מיר, דיין דינסט; טו מיר די עהרע און עס היינט ביי מיר, די שפּייז וואָס איך וועל גרייטען פאַר דיר. אויב דאָס עסען וועט דיר שמעקען וועל איך זיין די גליקליכסטע פון אלע פרויען.

— גוט. איך ערפיל דיין פערלאַנג — האָט מחמד געזאָגט און געקוקט אויף איהר מיט גרוים ליעבע — ווי קען איך דיר, שעהנהייט מיינע, עפּעס אָבזאָגען?

---

מחמד איז געווען פון מיטעלען וואוקס און געבויט ווי פון שטאָל. אַ ברייטער קאָפּ, אַ געדיכטע באָרד מיט שווארצע אויגען, אַ פּנים וואָס האָט אויסגעדריקט מאַכט, שטאָלץ און ליעבליכקייט אין איינעם. זיינע לאַנגע לאָקען האָבען בעדעקט זיינע ברייטע פּלייצעס און איהם צוגעגעבען הערשערישקייט און שעהנקייט.

ער איז געגאַנגען איינפאַך געקליידט און אליין געטאָן אַ סך הויזאַרבייט. ער איז אויך געווען גוטהארציג און איבערגעגעבען צו אלע זיינע גלויביגע. נאָר זיין אומענדליכער פאַנאַטיזם און זיין גרויס גלוסטונג צו פרויען האָבען איהם פערדאָרבען. און ער האָט געטאָן פיעל שלעכטס.

---

צאינא איז אוועק אין קיך און צוגעגרייט אַ געשמאַקען עסען פון געפּרעגעלטע טייגעלעך. זי האָט זיי אריינגעטראָגען אין זיין צימער און מיט אַ לייכטענדיג געזיכט געזאָגט:

— עס, מיין טייערער, הייליגער, פון דאָס עסען וואָס איך האָב געגרייט פאַר דיר און עס וועט זיין אַ דערקוויקונג פאַר דיין הארץ.

— אָ, איך זעה! ביי דיר איז געזאָגט און געטאָן! דיר קומט רוהם און לויב, ביזט אַ געשיקטע פרוי! — האָט מחמד געזאָגט דערפרעהט.

ווי ער האָט זיך געזעצט צום טיש איז א יונגערמאַן אַריינגעקומען.

— געבענשט זאָל זיין דיין קומען, טייערער באשיר, מיין קריגס חבר! — האָט מחמד אויסגערופען — זעץ זיך און עס מיט פון דעם שפייז וואָס מיין נייע פרוי האָט אָנגעגרייט.

צאינא האָט דאָס דערהערט און אָנגעהויבען ציטערען פאר שרעק. עס איז איהר א שאָד געווען, דער יונגער־מאַן זאָל אומשולדיג געהן פון דער וועלט. מחמד וואָלט פון איהר שרעק זיך געקענט מערקען, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלייך. נאָר די אָווענד־שאָטענס האָבען פארבאָרגען איהר שרעק און ער האָט גאָרנישט דערקענט.

דער יונגערמאַן האָט זיך דערפרעהט מיט דער גרוי־סער עהרע וואָס דער נביא גיט איהם און ער האָט זיך גע־זעצט עסען מיט גרויס אַפּעטיט. ער האָט געגעסען א סך טייגעלעך. מחמד איז אָבער נאָך געוועז זאַט פון רייכע־כען מאָלצייט פון פריהער. ער האָט נאָר פערזוכט איהר צו־ליעב צו טאָן.

אין עטליכע מינוט ארום איז דער יונגערמאַן אויפגע־שפּרונגען און געגעבען א ווילד־געשריי:

— אוי, איך שטאַרב!

ער איז אומגעפאַלען און געצאַפּעלט זיך אויף דער ערד, זיין פּנים איז געוואָרען גרין, א שוים האָט אַרויסגעזעצט פון זיין מויל און ער איז געוואָרען שטיל. טויט.

— אוי, הימלען! וואָס איז דאָס? — האָט מחמד געשריגען דערשראָקען — איך פיהל אויך שלעכט. עס ברענט מיך! אומווירדיגע פרוי, וואָס האָסטו אונז גע־טאָן?

ער איז צוגעשפּרונגען צו איהר און זיך געוואָלט וואר־פען אויף איהר. צאינא האָט זיך אָנגענומען מיט שטאָלץ, געזעטיגט פון נקמה און שארף געענטפערט:

— יא, דו פאַלשער, אומווירדיגער נביא! איך האָב אַריינגעטאָן גיפט אין דיין עסען, דו האָסט מיין לעבען צוטראָטען. דו האָסט דערמאָרדעט מיין טאַטען, מיין ברודער און מיין מאַן! איצט בין איך אין דיין האנד,

ציה דיין שווערד און טויט מיך ! די וועלט איז פאר מיר פינסטער. דאָס לעבען איז מיר נמאס !

מחמד האָט געצויגען זיין שווערד און אויפגעהויבען אי־בער איהר קאָפּ. באַלד האָט ער חרטה געהאט און געשרי־גען בייז :

— ניין ! אזא טויט איז ווייניג פאר דיר ! דו וועסט שטאַרבען, אָבער נאָך נאָך שווערע יסורים און מורא׳־דיגע ליידען !

ער האָט געגעבען א צייכען און עטליכע קנעכט זענען אריינגעקומען.

— נעמט די פערפלוכטע — האָט ער בעפוילען — בינדט זי און פיהרט זי אוועק אינאיינעם מיט דעם טויטען באשיר צו זיין פאָטער אבו סאפיאן און זאָגט איהם, אז דורך איהר איז זיין זוהן טויט.

די קנעכט האָבען זי געבונדען און צוזאַמען מיט דעם טויטען אוועקגעפיהרט צו דעם אומגליקליכען אבו סאַפיאַן. אבו־סאַפיאַן איז געווען אַן אַלטער מאַן פון די אנגעזעהענסטע אין פאָלק. ער איז געזעסען אין דרויסען פאר זיין הויז און געפיהרט אַ שטילען פרידליכען שמועס מיט זיין שכן.

אז ער האָט דערזעהן א גרויסע מחנה מענשען דער־נעהנטערט זיך צו זיין הויז, איז ער אויפגעשפרונגען דער־שראָקען און געפרעגט :

— וואָס איז געשעהן ?

— מען ברענגט דיר דיין איינציגען זוהן ! — האָט די מחנה געשריגען.

מיט גרויס מיה האָבען מחמד׳ס קנעכט זיך דורכגעריסען דורך דער מחנה און אוועקגעלייגט פאר דעם גרייז־גרויען מאַן זיין טויטען זוהן און געזאָגט שטיל :

— דער נביא שיקט דיר דיין זוהן. די פרוי האָט איהם דערמאָרדעט.

דער אַלטער איז געוואָרען בלאַס און אָנגעהויבען ציטערן און איז געפאַלען אויף׳ן טויטען קערפער פון זיין איינציגען זוהן.

די מחנה האָט אָנגעהויבען שרייען ווילד. פויסטען האָ־

בען זיך געהויבען און געוואָלט צורייסען צאינאַ'ן. אבו־סאפיאן האָט זיך געשטארקט און זיך געשטעלט צווישען צאינאַ'ן און דער אויפגערעגטער מאַסע. ער האָט מיט אַ ציטערדיגע שטימע זיך געבעטען:

— לאָזט זי אָב! איך בעט אייך! זי האָט דאָך אומגע־בראַכט מיין זוהן! וועל איך זי משפּט'ען, נישט קיין אַנ־דערער!

די מאַסע האָט זיך בערוהיגט און אבו־סאפיאן האָט מיט אַ ביטער האַרץ געפרעגט צאינאַ'ן:

— ביזטו די מערדערין? איך וואָלט דאָס נישט גע־גלויבט אויף דיר. איך קוק אויף דיר, קען איך גיכער גלויבען אַז דו ביזט אַ מלאך פון גאָט איידער אַ שרעקליכער טייוועל, וואָס האָט אומגעבראַכט מיין איינציגען זוהן! פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן? וואָס האָט דיר געטאָן מיין אומשול־דיגער, עהרליכער, געטרייער, גוטער באַשיר, וואָס דו האָסט פערקירצט זיין לעבען?

זיינע רייד האָבען צאינאַ'ן מעהר וועה געטאָן ווי ער וואָלט זי צושטאָכען מיט אַ שווערד. זי האָט זיך געוואָרפען צו זיינע פיס, ארומגענומען זיינע ציטערדיגע קניה און אויסגעבראָכען אין אַ שרעקליך געוויין.

— יאַ, אומגליקליכער פאָטער! איך האָב געבראַכט דעם טויט אויף דיין זוהן. איך האָב געטאָן אַ גרויס פערברעכען. איך האָב דאָס אָבער נישט געוואָלט. איך וויים, דו וועסט מיר נישט פערגעבען, איך וועל שטאַרבען. נאָר איידער דו וועסט זיך נוקם זיין אין מיר, הער מיך אויס, טו מיר די גענאָד און הער ווי איך וועל אַראָפּרעדען מיין פערביטערט האַרץ פאַר דיר.

— רעד. איך הער! — האָט אבו־סאפיאן געזאָגט.

זי האָט דערצעהלט וואָס מחמד האָט געטאָן מיט איהר פאַמיליע און ווי זי האָט געשוואוירען צו נעמען נקמה פאַר זייער פערגאָסען בלוט און אַז אין טויט פון דעם אַלטען'ס זוהן איז זי נישט שולדיג.

אַלע וואָס זענען ארומגעשטאַנען און געהערט איהר טרויריגע געשיכטע, האָבען געהאַט מיט איהר מיטלייד און

מיטגעווײנט אויף איהר אומגליק. אבו־סאפיא׳ן האָט זי אנגענומען מיט זיינע ציטערדיגע הענד און געזאָגט:

— הער, פרוי! דו האָסט צוגענומען מיין איינציגע טרייסט אין לעבען. מיין איינציגען זוהן. איך בין אַמאָל געווען אַ גליקליכער טאַטע. האָב געהאַט זעקס זיהן, טייערע, גוטע, העלדישע קינדער. פון מיינע זעקס זיהן איז קיין איי־נער נישט געבליבען צו פערמאַכען מיינע אויגען. איך בין איצט עלענט ווי אַ שטיין.

זאָלסט וויסען, פרוי, אַז אין אָנפאַנג בין איך אויך גע־ווען מחמד׳ס פיינד. אין עטליכע מלחמות בין איך געווען דער אנפיהרער פון זיינע פיינד. אין דער לעצטער שלאַכט זענען מיינע פינף זיהן געפאַלען טויט. און איך בין גענומען גע־וואָרען געפאַנגען.

איינער פון מחמד׳ס סאָלדאַטען האָט שוין געהאַלטען זיין שווערד איבער מיין קאָפּ און ער האָט מיר געגעבען אויסצוקלייבען צו שטאַרבען אָדער אנצונעמען מחמד׳ס גלויבען און לעבען.

איך האָב אויסגעקליבען צו לעבען. אָבער נישט פאַר מיר, נאָר פאַר מיין איינציגען, לעצטען, יונגסטען זוהן. ער זאָל נישט בלייבען קליינערהייט אַ פערלאָזענער יתום. און איך האָב אָנגענומען מחמד׳ס גלויבען.

און, ווי מאָדנע עס איז! די האַנד וואָס האָט גענומען נקמה אָן מחמד׳ען אויף פאַר׳ן טויט פון מיינע פינף זיהן, האָט געטויט מיין איינציגען זוהן! מסתמא איז אַזוי דער ווילען פון אַלאַ, וואָס קען אַ מענש דאָ פערשטעהן גאָט׳ס וועגען?

איך וועל דיר ארויסגעבען מיין משפּט. די האָסט מיר געבראַכט דעם גרעסטען פערלוסט. קער מיר איהם אום. דו האָסט צוגערויבט מיין איינציגען זוהן. זיי דו מיר אַ טאָכטער! זיי דו ביי מיר אויפ׳ן אָרט פון מיין זוהן. וועסט מיך טרייסטען אויף מיינע לעצטע יאָהרען. און איך, אבו־סאַפיאַן, וועל נישט געהן טרויריג אין גרוב.

די גאַנצע מחנה האָט דאָס דערהערט און זיך שטאַרק צוואוויינט. איבערראַשט האָט צאינא זיך געוואָרפען אויף

דעם גומען, אומגליקליכען זקן און האט איהם ארומגענומען און צוגעדריקט צום הארצען ווי אן אייגענעם פאטער.

מחמד איז נישט באלד געשטארבען. ער האט נישט גע־געסען גענוג גיפטיגע טייגעלעך, זיי זאלען איהם גלייך טוי־טען. דאס ביסעל גיפט איז אבער גענוג געווען צו ברענגען זיין לייב. ער האט אנגעהויבען קרענקען מיט שווערע אומ־היילבארע קראנקהייטען. קיין שום רפואה האט נישט גע־האלפען, די דאקטוירים האבען זיך שוין אבגעזאגט צו קענען איהם אויסהיילען.

ער האט געליטען שרעקליכע ווהטאגען א לאנגע צייט ביז ער האט געזעהן, אז ער געהט אוים, האט ער געהייסען עלי'ן איהם טראגען אין טעמפעל אבריכטען א געבעט פאר'ן טויט.

נאך'ן געבעט האט ער זיך געזעגענט מיט אלעמען און געזאגט אזוי:

"אין נאמען פון דערבארמדיגען גאט!

"מוסולמאנער! איך געה שטארבען. באלד געה איך אוועק פון דער וועלט. וויל איך איצט זיך בערעכענען מיט אייך: האב איך עמיצען אין מיין כעס געשלאגען, בין איך גרייט ער זאל מיך יעצט שלאגען און פערגעבען מיין זינד.

"האב איך עמיצען אין מיין שטאלץ בעליידיגט, בין איך ווי שטויב פאר איהם, זאל ער מיך בעליידיגען און מיר מוחל זיין. האב איך עמיצען בערויבט, איז מיין פערמעגען אפען פאר איהם, זאל ער זיך אבנעמען דאס רויב און מיר פער־צייהען. איך בין אויף קיינעם נישט בייז. און אומזיסט האב איך קיינמאל קיינעם נישט פיינט געהאט".

דריי מאל האט ער איבערגעזאגט די ווערטער און אלע האבען געשוויגען. ווען מען האט איהם אראפגעטראגען פון בימה איז א מאן צוגעגאנגען צו איהם און געזאגט:

— איהר זענט מיר שולדיג דריי דורהאמס (א גילדען און א האלב).

מחמד האט איהם גלייך בעצאהלט דעם חוב און גע־זאגט:

— איך וויל בעסער פערשעמט ווערען אויף דער וועלט איידער אויף יענער וועלט.

דערנאָך האָט ער געבעטען פאַר די נשמות פון די גלויביגע וואָס זענען געפאַלען אין זיינע מלחמות און מען האָט איהם געטראָגען אהיים.

ער האָט בעקומען א שטאַרקען פיבער און אריינגעלייגט די הענד אין קאַלט וואַסער. די נאַסע הענד האָט ער געלייגט צו זיין ברענענדיגען שטערן און געמורמעלט:

— אַלאַ, שטאַרק מיך איבערצוטראָגען די יסורים פון טויט מיט א קלאָרען געדאַנק!

דריי טעג האָט ער זיך געוואָרפען אין טויטליכע יסורים. דעם פירטען טאָג ווען אַלע האָבען שוין געוואוסט, אַז ער וועט שוין נישט אויסלעבען דאָס מעת־לעת, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט מען זאָל איהם ווידער טראָגען אין טעמפּעל. א גרויסע מאַסע איז מיטגעגאַנגען זיך געזעגענען מיט זייער נביא. ער האָט אויסגעזעהן שרעקליך און דער טויט איז שוין געלעגען אויף איהם.

ער האָט שוואַך גערעדט וועגען דעם לוין און שטראָף וואָס אַלאַ האָט אָנגעגרייט. די רשעים, די אומגלויביגע געהן אין גיהנם און די גלויביגע אין אַלאַ געהן אין גן־עדן.

אין גיהנום איז א מדבר־שטורם וואָס טויט יעדען איינעם. די רשעים קריגען צו עסען שוועבעל וואָס ברענט זייערע לייבער און זיי פערטרינקען מיט קאָכעדיגע וואַסער ביז זיי פּלאַצען. אזוי וועלען געשטראָפט ווערען אַלע אומגלויביגע.

אָבער די גלויבינע וועלען האָבען אין גן־עדן אַלע פערגעניגענס. זיי וועלען געהן אָנגעטאָן אין זיידענס און טייערע ליינענע קליידער; וועלען זיצען אונטער טייערע שמעקעדיגע בוימער. צווישען די בוימער לויפען פרישע קוואַלען. זיי וועלען שלאָפען אויף העלפאַנט ביינענע בעטען מיט זיידענע טעפּיכען געשטיקט אין גאָלד און בעזעצט מיט פּערל. געבראָטענע פויגעל וועלען זיי פליהען גלייך אין מויל אריין. שעהנע יונגעלייט וועלען זיי בעדינען און זיי דערלאַנגען בעכערס טייער'ן ווייַן.

וואונדערבארע שעהנע מיידלעך וועלען זיי קריגען א געשאַנק אין זייערע טייערע געצעלטען. אייביגע מיידלעך

וועלען זיי זיין, בעשאפען נאָר פאר די גלויביגע וואָס נישט קיין מענש און נישט קיין טייוועל האָט זיי בעריהרט.

די מיידלעך לייכטען ווי דער מאָרגענשטערן. זיי זענען שענער פון פערל, לויטער ווי דער הימעל, זייערע אויגען גרויס ווי טויבען־אויגען, שווארצע, ברענענדיגע ווי ברי־ליאנטען.״

די שעהנע אייביגע מיידלעך וועלען זיין א דערפרעהונג פאר דער נשמה פון יעדען גלויביגען אויף אייביג.

מחמד איז געוואָרען שטיל. די צוהערער זענען געבליבען שטעהן מיט אָפענע מיילער, זיי זענען געוואָרען מיטגערי־סען פון דעם בילד וואָס ער האָט געמאָלען פאר זיי. זיי האָבען געוואָלט הערען נאָך. נייגעריגע האָבען זיי אויסגע־שטעלט די אויגען.

מחמד האָט שוין אָבער נישט געקענט רעדען. מען האָט איהם גיך געטראָגען אהיים. און ער איז אויסגעגאנגען אויף זיין ווייב אישא׳ס הענד.

די לייט פון דער שטאָדט מעדינא, וואָס האָבען איהם צוערשט אנערקענט האָבען געפאָדערט מחמד זאָל ליגען בע־גראָבען ביי זיי. מעקא האָט דאָס אין אָנהויב נישט געוואָלט נאָכגעבען. ענדליך האָט מעקא מסכים געווען און מחמד איז געוואָרען בעגראָבען אין מעדינא.

אויף זיין טויט האָבען זיי געטרויערט יאָהרען לאנג.

צאינא איז געבליבען ביי אבו־סאפיא׳ן. זי איז איהם געווען א געטרייע טאָכטער און האָט פערזיסט זיינע לעצטע יאָהרען וויפיעל זי האָט נאָר געקענט. ער האָט געזעהן איהר טריישאפט און פאר׳ן טויט האָט ער איהר איבערגעלאָזט זיין גאנץ פערמעגען.

נאָך אבו־סאפיאנ׳ס טויט האָט צאינא מיטגענומען די ירושה און האָט זיך אומגעקערט נאָך כאיבאר און אויסגע־לעבט איהרע יאָהרען אויף דער נחלה וואָס זי האָט גע־ירש׳נט פון איהר פאָטער.

---

צאינא האט אנגעשריבען די דאזיגע מגילה אין יאהר פיער טויזענד פיער הונדערט און האט זי איבערגעלאָזט צו־זאמען מיט דעם פלעשעל פון גיפט, וואס זי האט פער׳סם׳ט

מחמד'ען, א ירושה פאר איהר זוהן עזרא און צוגעשריבען פאָלגענדע ווערטער:

מיין טייערער זוהן עזרא!

אין דער מגילה וואָס איך, דיין מאַמע צאינא, די טאָכטער פון הארון, האב געשריבען, ביז איך זיך מודה אויף מיין טאַט. האב איך גוט געטאָן וואס איך האב פערגיפטעט מחמד'ען זאל מען האלטען מיין נאָמען פאר א ברכה און לויב, ווי דער נאָמען פון יעל וואָס האָט אומגעבראכט סיסרא'ן און ווי יהודית וואָס האָט אומגעבראכט האליפארנאס'ען.

אויב איך האָב נישט גוט געטאָן זאָל מען מיר מוחל זיין. דאס בלוט פון מיין פאמיליע און מיין פאָלק האט גע־שריגען צו מיר, איך זאָל נעמען נקמה. איך האָב מורא אז איך וועל נישט ארוים געדעכט אין אורטייל, איך האָף אבער אז מיין זינד וועט נישט געהאלטען ווערען צו שווער.

עזרא, מיין זוהן, צוזאמען מיט די פריהעריגע מגילות פון אונזערע עלטער זיידעס און עלטער באָבע פנינה, די אידישע קעניגין פון תימן, לאָז איך דיר איבער מיין מגילה און דאס פלעשעל וואס האט גענומען נקמה פון מחמד'ען דעם מערדער פון מיין פאמיליע. זאל דאס אלץ זיין אן אנדענקען פאר דיינע קינדער און קינדס-קינדער אויף אייביג.

**פון דיין געטרייע ליעבענדע מאַמע,**

**צאינא, די טאָכטער פון הארון, פנינה'ס**

**אן אור־אייניקעל, פון מלכות בית דוד.**

# די אידישע מאַנאַשקע

די נייע "תורה" וואָס איז אַרויס פון דער מדבר האָט זיך שטאַרק פערשפּרייט. אין אַ פּאָר יאָהר צייט האַט דער מאַכּמעדאַניזם פערנומען גאַנץ אַראַביען.

די מוסלמאַנער, די קינדער פון דער מדבר, האבען גע־שטורמט די פערסישע און ביצאַנטישע קעניגרייכען. די צוויי מלוכות זענען איבער זייערע אינערליכע רייסערייען געוואָ־רען אָבגעשוואַכט. האָבען די אַראַבער געוואָרפען זיך אויף זיי מיט דעם געשריי: "לא אלא איל אלא, מחמד רסול אלא!"

די מאַכמעדאַנער האַבען אויך נישט געהאַט קיין גרויס שלום צווישען זיך. זייערע ערשטע הערשער האַבען נישט אויסגעלעבט די יאָהרען. איינער האָט דער'הרג'עט דעם צווייטען.

זיי זענען אָבער געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאַנד צו לאַנד און מיט דער שווערד געצוואונגען די פעלקער צו טאָן איינס פון די ביידע: אָנצונעמען מאַכמע־דאַניזם אַדער צאָהלען שווערע צינזען.

די פעלקער האַבען בעסער אנגענומען מאַכמעדאַניזם צו זיין פריי און נישט צאָהלען צינזען. די אידען האַבען בעסער געצאָהלט שווערע צינזען איידער אַבצוטרעטען פון זייער אמונה.

די אידען זענען צופרידען געווען מיט די מאַכמעדאַנישע הערשער וואָס האַבען זיי אַ סך בעסער בעהאַנדעלט ווי די פערסישע און ביצאַנטישע הערשער און האַבען זיי געהאַלטען פאַר שלוחים פון הימעל, וואָס זענען געקומען זיי אויסלייזען פון זייערע פיינדער.

דאָס ביצאַנטישע קעניגרייך, די מזרח־רוימישע מלוכה האַט שרעקליך געפּייניגט די אידען. די אידען האַבען נישט

געטאָרט פערנעמען קיין אַמט אין לאַנד. האָבען נישט גע־טאָרט זיין קיין עדות קעגען א גוי און נאָך ערגער: זיי האָבען נישט געטאָרט בויען קיין שוהלען און לערנען די תורה לויט דעם מדרש. אויב פסח איז אויסגעפאלען פריהער ווי קריסט־ליכע פאסכא האָבען אידען נישט געטאָרט האַלטען יום־טוב.

ירושלים איז געוואָרען א קריסטליכע בישאָף שטאָדט. קיין איד האט נישט געטאָרט קומען נאָך ירושלים. טבריה וואָס איז געווען אַ גרויסער מקום תורה מיט איהר ישיבה איז אויך געוואָרען א בישאָף שטאָדט און די אידען זענען ארויס־געטריבען געוואָרען.

אין אנטאָכיען איז אידען שטענדיג געווען שלעכט. אלע מאל זענען די קריסטען בעפאלען די דארטיגע אידען און זיי גע׳הרג׳עט און געשלאָגען.

איינמאל האבען די גוים זיך צוקריגט צווישען זיך ביי אן עפענטליך שפיעל. און זיי זענען פלוצלונג בעפאלען די אי־דען און געטויט זעהר פיעל. די טויטע האבען זיי אריינגע־וואָרפען אין שוהל און אונטערגעצונדען.

דער קייסער צענא האט דאס דערהערט און געזאגט:

— די אנטאָכיער זענען פערברעכער! פארוואָס האבען זיי פערברענט די טויטע אידען און נישט די לעבעדיגע!

דאָס פעבעל האָט געוואָהר געוואָרען וואָס דער גרויזאמער קייסער האט געזאגט, האבען זיי דערזעהן אז אלץ איז זיי ערלויבט צו טאָן מיט אידען. די ווילדע מאסע איז אין פער־שידענע שטעדט בעפאלען די אידען און זיי אויסגעקוילעט און פארברענט די שוהלען.

אזוי האבען די אידען געליטען יאהרענלאנג ביז זייער געדולד האט געפלאצט און זיי האבען געמאכט אן אויפ־שטאנד, בעפאלען זייערע פיינד אין אנטאָכיען און גענומען נקמה פאר׳ זייערע ליידען. דער אויפשטאַנד איז אָבער שפע־טער אונטערדריקט געוואָרען.

אין ביצאנץ האבען די קריסטליכע גלחים געפייניגט די אידען און אין פערסישען קעניגרייך האבען דאסזעלבע גע־טאָן די פערסישע פריסטער. א פאנאַטישער פערסער מאזדאק האט אנגערעדט דעם קעניג אבצושאפען פריוואט אייגענטום.

אלץ איז הפקר, פריי פאר יעדען. נישט נאָר אין געלד זאכען נאָך אויך די פרויען זאָלען זיין פריי פאר איטליכען.

די אידען וואס זענען גרייט אבצוגעבען זייער לעבען פאר פאמיליען ריינקייט און צניעות, האבען נישט געוואָלט פאָלגען די גזרה. האט דער קעניג ארעסטירט דעם ראש ישיבה מר יצחק און איהם געהייסען טויטען.

דער ריש גלותא, מר זוטרא דער צווייטער, האָט צוזאַמענגעשטעלט אן ארמעע און דערקלערט קריעג דעם קעניג. ער האָט צוקלאַפּט די קעניגליכע ארמעע און פערטריבען מאזדאקען מיט זיינע אנהענגער פון בבל.

מר זוטרא איז געוואָרען אן אונאבהענגיגער הערשער. ער האט געוואוינט אין מחוזא. ער איז דעמאָלט אלט געווען זיבעצעהן יאָהר.

זיבען יאהר האט מר זוטרא געהערשט. דערנאָך האט איהם דער פערסישער קעניג בעזיעגט. מר זוטרא און זיין אלטער פאָטער מר חנינא זענען ארייננעפאלען אין קעניג'ס הענד. ער האט זיי געטויט און אויפגעהאנגען אויף דער בריק פון מחוזא אלס שרעק און ווארנונג פאר'ן פאָלק.

אלע אידען זענען אוועקגעפיהרט געוואָרען געפאנגענע נאָך מחוזא און אלע ישיבות זענען געוואָרען פערמאכט.

יאָהרען שפּעטער איז אידען געוואָרען א ביסעל גרינגער. עס איז געוועזן אן אויפשטאנד. דער פעלדמארשאל האט געטויטעט דעם שלעכטען קעניג און ער האָט זיך געוואָלט קרוינען. אידען האבען איהם געהאָלפען אין אויפשטאנד. דער ביצאנטישער קייסער האט אבער געשיקט אן ארמעע צו העלפען דעם קרוין פרינץ און דער פעלדמארשאל האט געמוזט אנטלויפען.

ווען דער קרוינפרינץ איז ארויף אויפ'ן טראהן האט ער אויסגעלאָזט זיין גאנצען כעס צו אידען. עס איז דעמאָלט געווען א שרעקליכע צייט פאר אלע אידען. בעזונדער האָט ער זיך נוקם געווען אָן אלעמען וואָס האָבען געשטאמט פון מלכות בית דוד.

די ריש־גלותא'ס האבען עטליכע מאָל זיך קעגענגעשטעלט קעגען די גרויזאמע פערסישע קעניגען האט דער נייער קעניג זיך אבגערעכענט מיט זייערע פאמיליעס.

ער האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אויסצוראטען יעדעס נפש וואס שטאמט פון דוד המלך. מענער, פרויען און קינדער האט דער בייזער קעניג אויסגעקוילעט און פערטיליגט. דעם ערשטען האט ער דער'הרג'עט דעם ריש גלותא מר חנינא.

דערווייל איז עפעס געשעהען אין קעניגליכען פאלאץ וואס איז געווארען א גרויסע ישועה פאר אידען און פאר דעם אי־בערבלייבונג פון מלכות בית דוד.

---

דע' בייזער קעניג פיירוז האט גע'חלום'ט אזא חלום:

ער שטעהט אין א גארטען, א טייערער גארטען מיט די זעלטענסטע בוימער. דער גארטען געהער נישט צו איהם. פערדריסט איהם וואס אן אנדערער האט אזא טייערן גאר־טען. נעמט ער א האק און האקט אוים אלע בוימער, ער לאזט נישט איבער קיין גאנצע צווייג.

ווען ער האט שוין אויסגעהאקט אלע בוימער דערזעהט ער א קליינעם ווארצעל ארויסשטעקען פון אן אונטערגעהאק־טען בוים. ער הויבט אויף די האק און וויל אויך אבהאקען דעם ווארצעל.

איז פלוצלונג אויסגעוואקסען אן אלטער וואונדערליכער מאן. דער אלטער האט ארויסגעכאפט די האק פון זיין האנד און איהם דערלאנגט איבער'ן שטערן. ער האט בעקומען א שרעקליכע וואונד און בעגאסען געווארען מיט בלוט.

דער קעניג האט מורא געהאט דער אלטער זאל איהם נישט דער'הרג'ענען, איז ער געפאלען צו זיינע פיס און איהם געבעטען מיט טרערען, ער זאל האבען רחמנות אויף זיין יונ' לעבען.

— און פארוואס האסטו נישט געהאט רחמנות אויף מיין גארטען וואס איך האב געפלאנצט—האט דער אלטער גע־שריגען—האסט אויסגעהאקט אלע בוימער און ווילסט אב־האקען אויך דעם לעצטען ווארצעל?

דער אלטער האט געהאלטען די האק איבער זיין קאפ ביז דער קעניג האט איהם צוגעשוואוירען אבצוהיטען דעם ווארצעל און איהם פלעגען ביז ער וועט אויסוואקסען אין א שעהנעם פר־בטבארען בוים.

דעמאלט האט דער אלטער איהם אבגעלאזען און דער

קעניג האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט געהאַט אַ טיעפע יואונד אויפ׳ן שטערן און דאס בעט איז געווען פארגאָסען מיט בלוט.

אַ דערשראָקענער האט ער צוזאמענגערופען אלע ראַט־געבער זיי זאלען בעשיידען דעם חלום, זיי האבען אבער נישט געפונען קיין רעכטע בעשיידונג. איז געבליבען אויפצוזוכען אַ אידישען חכם און הערען וואס ער האט צו זאגען.

אין תפיסה איז דעמאלט געזעסען מר חנן, דער ראש ישיבה פון פומבדיתא, מיט זיין טאָכטער דעם ריש גלותא׳ס אלמנה. ווען דער קעניג האט דערמאָרדעט דעם ריש גלותא איז זי געבליבען מעוברת. האָט דער קעניג זי אריינגעזעצט אין געפענגנים ביז זי וועט האבען א קינד, וועט ער דאס קינד אומברענגען און עס וועט נישט בלייבען מעהר קיין איבערבלייבונג פון מלכות בית דוד.

דער קעניג האט געהייסען ברענגען מר חנן און האט איהם דערצעהלט דעם חלום און מר חנן האָט איהם אזוי בעשיידט :

דער אלטער איז דוד המלך. דו האסט אומגעבראכט זיינע קינדער. איז נאָך געבליבען איי וואָרצעל, מיין טאָכטער וואָס טראָגט אַ קינד פון ריש גלותא, האָסטו זי פערשפּאַרט אין תפיסה אומצוברענגען דערנאָך איהר קינד, עס זאל נישט בלייבען קיין שריד ופליט פון מלכות בית דוד, איז געקומען דוד המלך, דער פאָטער פון דער משפחה, און דיך געווארנט דו זאָלסט דאס נישט טאָן.

דער קעניג האָט געזעהן אז דאָס איז אַ רעכטע בעשיידונג און ער האט תיכף בעפרייט די אלמנה און מר חנן. ער האט זיי אריינגענומען אין פאלאץ און אבגעהיט ווי די אויגען אין קאָפּ.

די אלמנה האט געבוירען אַ אינגעל און איהם אַ נאָמען געגעבען בוסתנאי, איבער דעם גארטען וואס האט געראַטע־וועט זיין לעבען (אַ גאָרטען איז אויף פערסיש : באסטאן).

און פון דעמאָלט אָן איז דער קעניג געווען גוט צו אידען.

בוסתנאי איז געוואקסען זעהר שעהן און קלוג און געוואָ־רען בעריהמט אין דער תורה. די אויגען פון אלע אידען זע־

נען געווען געווענדט צו איהם און געלייגט אויף איהם גרויס האָפנונג.

די האָפנונג איז נישט געווען אומזיסט. נאָך אַלס יונגעל האָט דער קעניג איהם געגעבען דאָס רעכט צו ווערען ריש־גלותא.

איינמאָל האָט דער קעניג געזאָגט, אַז ער וויל איהם זעהן. בוסתנאי איז אַלט געווען פופצעהן יאָהר. מיטאָג־צייט האָט מען איהם געבראַכט פאַר'ן קעניג און ביז אבענד איז ער געשטאַנען און נישט געטאָן אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און נישט אַ ריהר מיט'ן פוס.

דערווייל האָט אַ פליעג געשטעלט זיך אויף זיין שטערן און איהם געביסען ביז בלוט. בוסתנאי האָט נישט אויפגעהויבען די האַנד אוועקצוטרייבען די פליעג. דאָס איז דעם קעניג שטאַרק געפעלען און ער האָט איהם גלייך ערלויבט ווערען ריש־גלותא און האָט איהם געגעבען גרויסע מתנות.

בוסתנאי האָט געקראָגען דאָס רעכט אָנצושטעלען דיינים, ראשי ישיבות צו לערנען און משפט'ען דאָס פאָלק ווי אַמאָל. צום אנדענקען פון דער פליג האָט דער קעניג געהייסען אויסמאָלען אַ פליג אויף זיין הערב. דער הערב איז געבליבען פאַר בוסתנאי'ס קינדער און קינדסקינדער.

אַז די אידען פון סיריען און ארץ ישראל האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך שטאַרק געפרעהט און געהאָפט, אַז גאָט וועט זיך נאָך מרחם זיין אויף זיי און זיי אויסלייזען פון גרויזאַמען ביצאַנץ. און יעדער איד האָט געבענטשט דעם נאָמען פון פערסישען קעניג.

לאַנג האָט נישט געדויערט און דער פערסישער קעניג איז געגאַנגען מיט אַ גרויסע ארמעע אויף סיריען און ארץ־ישראל. די אידען האָבען זיך שטאַרק דערפרעהט. זיי האָבען געהאָפט, אַז דער פערסישער זיעג וועט זיי ברענגען די ערלייזונג און מאַסענוויים זענען זיי צוגעשטאַנען צו די פערסער.

אַז דער פערסישער קעניג האָט געזיעגט, האָבען די אידען זיך שטאַרק נוקם געווען אין זייערע קריסטליכע פיינד. זייער גאַנצען צאָרן האָבען זיי אויסגעגאָסען אויף די קריסטען פון ירושלים. די פערביטערטע אידישע הערצער פון די

הונדערטער יאָהרען יסורים און ליידען פון די קריסטען האָ־
בען דאָ גענומען נקמה גאָר נישט אויפ׳ן אידישען שטייגער.

פערצעהן יאָהר האָבען די אידען געדיענט געטריי דעם פערסישען קעניג. עס איז זיי געווען גוט. זייער האָפנונג צוריקצוקריגען דאָס הייליגע לאַנד איז אָבער געוועזן אומזיסט. זיי האָבען אויך געמוזט צאָהלען שווערע צינזען. דערפון זיינען אידען געווען אונצופריעדען און אָנגעהויבען זיך בע־
קלאָגען.

דער פערסישער שטאַאטהאַלטער האָט דערפאַר ארעסטירט פיעל אידען און געשמידט אין קייטען זיי פערשיקט נאָך פערסיען. פון דעם איז די אידענ׳ס אונצופריעדענהייט שטאַרק געוואַקסען.

הערואַקלוס, דער ביצאַנצישער קייסער, האָט דאָס עדר־הערט, האָט ער שטילערהייד געשלאָסען אַ בונד מיט די אי־דען און זיי צוגעזאָגט בערג גליקען, זיי זאָלען נישט שטיצען פערסיען. ער האָט אויך איבערגערעדט דעם פערסישען קע־ניג׳ס זוהן, וואָס האָט געטויט זיין פאָטער און איבערגענומען די קרוין, די פערסישע ארמעע זאָל פערלאָזען ארץ ישראל.

ביצאַנץ האָט צוריק פערנומען ארץ ישראל און די אנדערע לענדער. הערואַקלוס האָט גלייך געבראָכען זיין צוזאָג וואָס ער האָט געגעבען די אידען. ער האָט מורא געהאַט צו ברע־כען זיין וואָרט, ווייל עס איז דאָך אַ זינד, די גלחים האָבען איהם אָבער פערזיכערט אז דאָס וועט ניט זיין קיין זינד און זיי וועלען בעשטימען אַ פאַסט טאָג פאר זיין נשמה, צו פער־געבען זיינע אַלע זינד.

ער האָט דעמאָלט איבערגעגעבען אַלע אידען אין די הענד פון זייערע קריסטליכע שונאים און זיי האָבען פערטיליגט אַלע אידען. געבליבען זענען נאָר די וואָס האָבען זיך בעהאַל־טען אין די היילען אָדער אנטלאָפען נאָך עגיפּטען.

די שטערנזעהער האָבען פאָראויסגעזאָגט הערואַקליוס׳ען אז ביצאַנץ וועט אריינפאַלען אין די הענד פון אַ גע׳מל׳ט פאָלק. הערואַקליוס האָט געמיינט, אז דאָס וועלען זיין אידען, האָט ער געקראָגען צו זיי אַזאַ שנאה ערגער ווי אַלע פריהערי־גע אידענפיינד. ער האָט זיך אונטערגענומען צו פערטיליגען אַלע אידען און נישט איבערלאָזען קיין שריד ופליט פון זיי.

ביצאַנץ איז אָבער נישט געפאַלען דורך אידישע הענד נאָר דורך די אַראַבער. נאָך אין הערַאקליוס'עס צייטען האָבען די אַראַבער פערנומען סיריען און ארץ ישראל און ירושלים. די אידען האָבען צוגעהאָלפען די אַראַבער כדי צו בעפרייען זיך פון דעם שרעקליכען גרויזאַמען הערַאקליוס. די אַראַבער האָבען גרינג איינגענומען קסריה מיט דער הילף פון אַ אידען, וואָס האָט זיי אַריינגעפיהרט אין שטאָדט דורך אַ געהיימען אַריינגאַנג. קסריה האָט געהאַט זיבען הונדערט טויזענט איינוואוינער און זי איז גלייך געפאַלען.

אינגיכען האָבען די מאַכמאַדאַנער אויך בעזיעגט פערסיען און איינגענומען איהרע לענדער.

---

אַז מחמד איז געשטאָרבען און נישט איבערגעלאָזט קיין זוהן, איז זיין שווער אבו באַכאַר געוואָרען דער פיהרער. ער האָט זיך אַ נאָמען געגעבען כאַליף (שטעלפערטרעטער). אין צוויי יאָהר אַרום איז ער געשטאָרבען אין מעדינא און אָמאַר, אויך מחמד'ס אַ שווער, איז געוואָרען כאַליף.

ער האָט געהערשט צעהן יאָהר און פערנומען דעם גאַנצען אָריענט, אויך עגיפּטען. ער איז געווען אַ גרויסער פאַנאַטיקער און בעפוילען צו פערברענען די גרויסע ביבליאָטעק אין אַלעקסאַנדריא. ער האָט געזאָגט אַזוי:

— ווער דאַרף די אַלע ספרים און ביכער? אויב זיי שרייבען דאָסזעלבע וואָס דער קאָראַן, זענען זיי איבריג. אויב זיי שרייבען פערקערט, דאַרף מען זיי פערברענען.

ער האָט געהייסען אַרויסנעמען די זיבען הונדערט טויזענט טייערע זעלטענע ביכער און הייצען מיט זיי די פיער טויזענט באָד־הייזער אין אַלעקסאַנדריא.

דער פאַנאַטישער אָמאַר האָט געהאַסט אידען און קריסטען. ער האָט אַרויסגעטריבען די אידען פון כאַיבאַר און די קריסטען פון תימן. אַראַביען איז אַ הייליג לאַנד, האָט ער געזאָגט, דאָרט איז געבוירען געוואָרען אַלאַ'ס נביא און דער איסלאַם, און עס טאָרען זיך אויף דער ערד נישט געפינען טמא מענשען וואָס גלויבען נישט אין מחמד און זיין גלויבען.

ער האָט בעפוילען זיינע קריעגס־פיהרער, וואָס האָבען בעזיעגט גאַנצע לענדער ארויסצוגעבען די דאָזיגע געזעצען קעגען אידען און קריסטען:

עס זאָל זיין פערבאָטען צו בויען נייע שוהלען אָדער קריסטליכע געבעט־הייזער, זיי טאָרען נישט פעררינכטען די אַלטע און ביים דאַווענען טאָר מען נישט תפלה טאָן הויך. זיי טאָרען נישט האַלטען קיין אמט, נישט רייטען אויף א פערד, טאָרען נישט קליידען זיך ווי מאַכמאַדאַנער, נאָר א בעזונ־דערע קליידונג, מען זאָל זיי דערקענען אַלס אומגלויבינע. און זיי מוזען צאָהלען קאָפּ־שטייער און אייגענטום־צינזען.

אמאר האָט איינגענומען ירושלים און אליין געלייגט דעם ווינקעל־שטיין אויפ'ן הר־הבית, דאָס אָרט פון בית־המקדש, פאר דעם מאַכמעדאַנישען טעמפעל.

ווען ירושלים האָט זיך אונטערגעגעבען אמאר'ן, איז איהם אַרויס אַנטקעגען דער בישאָף סאָפראָניוס און איבער־געגעבען די שליסלען פון שטאָדט. דעריבער האָט אמאר בע־שטעטיגט דאָס געזעץ פון די קריסטליכע קייסאָרים, אז אי־דען טאָרען נישט וואוינען אין ירושלים.

נאָך אמאר'ס טויט האָבען די מאַכמעדאַנער אָבגעשאַפט אַלע גזרות אויף אידען. די אידען האָבען בעקומען שטעלעס אין לאַנד־פיהרערשאַפט. איבער דעם האָבען אומעטום אידען זיך געפרעהט מיט זיי. אין בבל זענען די מאַכמעדאַנער בע־זונדער גוט געווען צו אידען. די אידען זענען געווען די מעהר־הייט פון בבל און עס איז די מאַכמעדאַנער אָנגעקומען זעהר גרינג איינצונעמען בבל.

צו די אידען פון בבל איז אפילו דער פאַנאַטישער אמאר געווען גוט. ער האָט אנערקענט דעם ריש־גלותא בוסתנאי און איהם געשאָנקען זיין רינג אַלס צייכען פון הערשאַפט. אמאר האָט זיך דערוואוסט, אז בוסתנאי איז נאָך אומפער־הייראַט, ער איז שוין אַלט געווען פינף און דרייסיג יאָהר, האָט ער איהם געגעבען דעם פערסישען קעניג'ס טאָכטער דאַרא פאר א ווייב.

אמאר האָט אויסגעשפּרייט זיין הערשאַפט פון אינדיע ביז עק אפריקא. מעדינא האָט איצט פערנומען דאָס אָרט פון רוים. פּלוצלינג איז אמאר געפונען געוואָרען ערמאָרדעט

און אטאמאן, מחמד'ס איידים, איז געוואָרען כאליף. זיין שוואָגער עלי האָט ווידער איהם ערמאָרדעט און איבערגע־נומען די רעגירונג. ער האָט אָבער אויך נישט לאַנג געקי־ניגט. ער איז געטויט געוואָרען און מאאביא דער גרעסטער יחסן פון מעקא איז געוואָרען הערשער.

ער האָט ליעב געהאַט וויסענשאַפט און אויך פערגעניגענס און ער האָט זיך דערפאַר בעזעצט אין דמשק, די גרויסע פרעהליכע שטאָדט, און זי געמאַכט פאַר די הויפּט־שטאָדט פון די כאַליפען.

אונטער די כאַליפען איז געווען גוט די אידען. די אַלע קריסטליכע לענדער וואָס האָבען פריהער געפּייניגט אידען זענען איצט איינגענומען געוואָרען פון די מאכמאדאנער און די אידען האָבען געהאַט א רוהיג לעבען.

אידען האָבען אויך געהאַט נקמה אין די קריסטען. די מאכמאדאַנער האָבען געזידעלט די קריסטען און זיי גערופען נאצארון גיאאור (קריסטליכער הונט). די קריסטען האָבען איבערגעלעבט אויף זייער הויט די זעלבע שאַנד וואָס זיי האָבען אָנגעטאָן צו אידען, נאכשרייענדיג איטליכען אידען "העפּ !" (ירושלים איז פערלוירען). די קריסטען האָבען איצט געפיהלט די צרות וואָס זיי האָבען אָנגעטאָן צו אידען און פערשטאַנען ווי אידען האָבען אונטער זיי געפיהלט.

די כאליפען האָבען גוט בעהאַנדעלט די אידען. האָבען מקרב געווען די אידישע חכמים און זיי געמאַכט פאר ראַט־געבער און עלטסטע פון די קעניגליכע שאצקאַמערן. די ישיבות פון סורא און פומבדיתא זענען געוואָרען גרויס און בעריהמט. די ראשי ישיבה זענען געווען די גאונים. דאָס גאַנצע אידישע פאָלק אין זיין פערשפּרייטקייט אויף גאָר דער וועלט האָט זיך געוואוּרימט אן זייער ליכט.

איבער זיי האָט געשיינט דער ריש־גלותא, וואָס האָט געהאַט גרויס כבוד און געווען פערערבענט פאר א געטליכען פירשט. די אידען האָבען זיך געריהמט און געבענטשט מיט זיין נאָמען.

גאַנץ אַזיע און אפריקא און א שטיק אייראָפּא האָבען די מאכמאַדאנער בעהערשט. אין די צייטען פון מאאביא'ס

אייניקעל זענען די מאכמאדאנער שוין געשטאנען לעבען דער גרעניץ פון שפאניע.

---

ווען אמאר האט בעפוילען די אידען צו פערלאזען כאי־באר, האבען זיי זיך צושפרייט אויף דער וועלט. א טייל איז אוועק נאך בבל, אנדערע נאך סיריען. צווישען די ארויסגע־טריבענע איז אויך געווען עזרא, צאינא'ס זוהן, פון מלכות בית דוד. ער איז אוועק נאך דמשק און זיך דארט בעזעצט.

מאאביא'ס אייניקעל עבדאל־מלך דער כאליף האט שפע־טער דערהויבען עזרא'ס זוהן הונא און איהם בעשטימט פאר פינאנץ־מיניסטער. ער האט רייך געמאכט דעם כאליף'ס אוצרות און געווארען בעליעבט און בעריהמט.

נאך עבדאל־מלך איז זיין זוהן אל־וואליד געווארען כא־ליף און ער האט אויך שטארק ליעב געהאט הונא'ן. הונא'ס זוהן אברהם איז אלט געווארען צוואנציג יאהר האט איהם הונא געשיקט אויפ'ן כאליף'ס בעפעהל נאך טאניא (טאנ־זשער) ער זאל בעזארגען די דארטיגע ארמעע מיט אלעם נויטיגען.

אין טאניא האט אברהם בן הונא זיך בעגעגענט מיט שפאנישע אידען וואס זענען אנטלאפען נאך מאראקא, ווייל זיי האבען מעהר נישט געקענט ליידען די צרות וואס די שפאנישע הערשער האבען זיי אנגעטאן.

יאהרען פריהער האבען אידען זיך בעזעצט אין שפאניען, אויפגעבויט פיעל שטעדט און זיי גערופען מיט די נעמען פון זייערע געבורטס־שטעדט אין ארץ ישראל.

אזוי לאנג ווי שפאניען איז געשטאנען אונטער רוים איז געווען גוט די אידען. אפילו שפעטער ווען די וועסטגאטהען האבען פערנומען שפאניען האבען די אידען רוהיג געלעבט ביז די קאטאלישע רעליגיאן האט זיך פערשפרייט אין לאנד.

די קאטאלישע גלחים אין שפאניען האבען געהאסט די אידען אזוי ווי די קאטאלישע גלחים אין ביצאנץ. זיי האבען געצוואונגען די שפאנישע הערשער צו פייניגען די אידען מיט די גרעסטע פיין.

דעם זעלבען יאהר וואס די אידען האבען זיך בעפרייט פון זייער בייזען קעניג אין פערסיען, האט זיך אנגעהויבען

א ביטערע צייט פאר אידען אין שפאניען. און אזוי איז דאָס געווען גאַנצע הונדערט און צוויי און צוואַנציג יאָהר. זיבע־צעהן קעניגען זענען געווען אין שפאניען פאר דער צייט און זיי זענען געווען אונטערטעניגע קנעכט צו די קאטאָלישע גלחים. דאָס שלעכטס וואָס זיי האָבען געטאָן צו אידען האָט נישט געהאט קיין גרעניץ.

א טייל קעניגען האָבען צוגערויבט אידישע קינדער פון זייערע עלטערן און זיי איבערגעגעבען צו די מאָנאַכען צו שמד. אנדערע האָבען געצוואונגען אויך די אידישע טאַטעס און מאַמעס זיי זאָלען זיך שמד'ען.

די וואָס האָבען זיך גע'שמד'ט געצוואונגענערהייט האָ־בען אָבער ווייטער אָבגעהיט אידישקייט. א טייל האָט זיך אומגעקערט צו אידישקייט עפענטליך און די גרעסטע טייל זענען אין געהיים פערבליבען געטריי זייער אמונה.

די קעניגען מיט די גלחים האָבען זעהר שווער בע־שטראַפט די דאָזיגע מאראנען. פערברענט לעבעדיגערהייט, אויסגעקוילעט א סך און די איבריגע געמאַכט פאר אייביגע שקלאַפען.

געראַטעוועט האָבען זיך נאָר די אידען וואָס עס איז זיי געלונגען אנטלויפען נאָך מאראָקא, וואו די מאכמעדאנער האָבען געהערשט. דאָרט האָבען זיי זיך אָבגערוהט פון די פיין, האָבען אָנגעהויבען האַנדלען און א טייל איז אויך גע־וואָרען רייך.

איינגאַנצען צופריעדען זענען זיי אָבער נישט געווען. זייער האַרץ האָט געוועהטאָגט אויף די צרות פון זייערע ברידער וואָס זענען פערבליבען אין שפאניען און ווערען גע־פייניגט פון די גרויזאמע קאטאָלישע גלחים מיט זייערע הערשער.

אברהם בן הונא איז געווען שטארק בעליעבט ביים כאַ־ליף'ס שטאַטהאַלטער אין טאניא, מוסא, א בעריהמטער העלד, און זיי האָבען אָפט פערבראַכט צוזאַמען.

---

איינמאָל איז אברהם בן הונא געזעסען אין פאַלאַץ און פערבראַכט מיט מוסא'ן. איז אריינגעקומען איינער פון די

קנעכט און געזאָגט, אַז אַ גרופּע געסט זענען געקומען פון שפּאַניען און זיי ווילען איהם זעהן.

מוסא מיט אברהם בן הונא זענען ארוים צו די שפּאַניער. צוויי גרופּעס זענען געשטאַנען בעזונדער. די ערשטע גרופּע איז צוגעגאַנגען צום שטאַטהאַלטער און איהם געזאָגט אַזוי:

— אין שפּאַניען איז געווען אַן אויפשטאַנד, דער קעניג איז געוואָרען אַראָפּגעזעצט. דער מורד האָט פערנומען דעם טראָהן. מיר זענען די זיהן פון אראָבגעזעצטען קעניג און זיי־נע מיניסטאָרען. אונז איז מיאוס געוואָרען דאָס לעבען אונ־טער דעם נייעם קעניג. זענען מיר געקומען דיך בעטען, גרוי־סער, בעריהמטער העלד, דו זאָלסט געהן אויף שפּאַניען און זי איינגעמען. עס איז אונז ליעבער צו זיין קנעכט ביים כא־ליף איידער מיניסטאָרען אין איצטיגען שפּאַנישען קעניג־רייך.

אַז די גרופּע האָט געענדיגט רעדען איז צוגעקומען די צווייטע גרופּע, אנגעזעהענע לייט און זיך פערנייגט. אברהם בן הונא האָט זיי דערזעהן און גלייך דערקענט אַז זיי זענען נישט קיין גאַטהען. זיי זעהען אוים ווי אידען. נאָר זייערע פּנים׳ער דריקען אוים אַ סך ליידען און זייערע בליקען זענען פינסטער פון צרות.

זיין הארץ האָט אָנגעהויבען שטארק צו קלאַפּען. און ס׳איז ארויסגעטראָטען אַן עהרווירדיגער זקן מיט אויגען וואָס לייכ־טען ווי שטערן און לאַנגע לאָקען און באָרד — ווי ווייסע וואָל, און ער האָט געזאָגט אַזוי:

— הערר שטאַטהאַלטער! הער זיך צו צום געשריי פון אַן אונטערדריקט און געפּייניגט פאָלק, וואָס רופט צו דיר נאָך הילף און בעט דו זאָלסט איהם בעשיצען. מיין נישט, אַז דאָס בעטען מיר דיך, ווייל מיר זענען פעררעטער, וואָס זו־כען בייז אויף זייער לאַנד. זאָל גאָט אָבהיטען! מיר זענען דאָך די קינדער פון אייער פאָטער אברהם. מיר וואוינען אין שפּאַניען הונדערטער יאָהרען און דינען אונטערטעניג די קעניגען.

מיר קענען אָבער שוין מעהר נישט אויסהאַלטען די צרות פון דעם איצטיגען קעניג. אפילו די דאָזיגע מיניסטאָרען און

גרויסע לייט, וואָס זענען פון איין פאָלק און פון איין גלויבען מיט דעם קעניג זענען שוין אויך מיעד געוואָרען צו ליידען פון איהם.

היינט נאָך מיר אידען, וואָס מיר זענען ווי שאָף צו דער שחיטה און ווי ליים צום טרעטען, וואָס ליידען מיר פון איהם!

מיר האָבען געהערט אַז אונזערע ברידער וואָס לעבען אונטער'ן שוץ פון גרויסען כאַליף, לעבען אין פרידען. מיר ווייסען אויך אַז אונזערע ברידער וואָס זענען אַנטלאָפען פון שפּאַניען האָבען געפונען שוץ ביי דיר און עס איז זיי גוט.

בעטען מיר דיר, גרויסער הערר, אַז דו זאָלסט דערפילען דעם פערלאַנג פון די דאָזיגע הערען און אויסשפּרייטען דיין הערשאַפט אויף שפּאַניען. נעם עס צו צו דער קעניגרייך פון כאַליף און מיר און אַלע איינוואוינער וועלען דיר און דיין קעניג זיין געטרייע דינער אויף אייביג.

עס איז זעהר גרינג פאר דיר דאָס צו גרייכען. א שמאָלער פאַס ים, פון צוועלף מייל, טיילט אָב מאַראָקאָ פון שפּאַניען. אונזער לאַנד איז גוט און טייער. די שפּאַנישע הימלען זענען אַזוי לויטער ווי דער הימעל פון ארץ ישראל. אונזערע אוילען, בלומען און געווירצען זענען אַזוי גוט ווי אין אינדיע. שפּאַניען'ס פרוכטען און תבואה איז גלייך צו תימנ'ער. שפּאַניען קען זיך פערגלייכען מיט איהרע רייכע מינעס צו עגיפּטען און מיט איהרע פערגעניגענס — צו גריכענלאַנד.

אויב דאָס אַלץ איז דיר וויניג, טו עס צוליעב אונז צו ראַטעווען אונזער לעבען פון אונטערגאַנג. דערבאַרם זיך אויף אונז. דו ביזט דאָך פון אברהם אבינו'ס קינדער. פון אונזער פאָטער אברהם האָבען זיינע קינדער איבערגענומען די מדה פון רחמנות, האָב רחמנות אויף אונז און ראַטעווע אונזער לעבען!

אברהם בן הונא איז געשטאַנען דערביי און שטיל האָבען זיך געגאָסען די טרערען פון זיינע אויגען. מוסא האָט אויפגעשיינט. ער איז געוועזן זעהר צופריעדען. ער האָט אָבער געזאָגט, אַז ער מוז זיך פריהער בעטראַכטען צו קענען זיי געבען אַן ענטפער. און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען.

אברהם בן הונא איז גלייך צוגעשטאנען צו איהם און צו־געזעדט ער זאָל דערפילען זייער פערלאנג. זיין נאָמען וועט ווערען נאָכמעהר בעריהמט ביים כאליף ווען ער וועט פער־נעמען שפאניען. פון דאָרט וועט ער קענען געהן און פערנע־מען גאנץ אייראָפּא.

מוסא האָט צוזאמענגערופען אלע טאניא'ר איינוואוי־נער, וואָס האנדלען מיט שפאניען און אויך די עלטסטע פון די אידען און זיך געהאלטען אן עצה מיט זיי. אלע האָבען איינשטימיג געענטפערט, אז דאָס לאנד איז גוט און רייך, נאָר די הערשער זענען שלעכט און די איינוואוינער אנטלוי־פען איבער זיי.

מוסא האָט בעשלאָסען צו פערנעמען שפאניען. ער האָט געשיקט זיין גענעראל טאריק מיט פינף הונדערט פלינקע רייטער צו געהן אויף שפאניען. טאריק איז אנגעקומען צום פעלז סאבאטא אויפ'ן ברעג פון אנדאלוזיען און אויפגעצוי־גען זיין פאָהן. פון דעמאלט אָן הייסט דאָס אָרט אויף זיין נאָמען "גאבאל־אל־טאריק", (גיבראלטאר).

די העלדישע רייטער זענען אריין אומגעשטערט אין לאנד, ביים ברעג געפאנגען א סך מענשען און פיה און אומ־בעריהרט זיך אומגעקערט אהיים. אלע האָבען זיך דערפרעהט מיט זייי הערענדיג וואָס פאר א געבענטשט לאנד געהט פער־נומען ווערען פון כאליף'ס דינער.

מוסא האָט ארויסגעלאָזט אן אויפרוף צום פאָלק אריינ־צוטרעטען אין דער ארמעע וואָס וועט איינגעמען שפאניען. דאָס גאנצע פאָלק, יונג און אלט איז אריינגעטראָטען מיט'ן גוטען ווילען אין דער ארמעע. טאריק האָט אויסגעקליבען צוועלף טויזענד העלדישע, געאיבטע מלחמה־לייט, ער האָט אויך געהאט א גרויסע אבטיילונג שפאנישע קריסטען און דעם אראָבגעזעצטען קעניג'ס קינדער מיט די מיניסטאָרען. און אין פריהלינג האָט טאריק זיי געבראכט נאָך אנדאלו־זיען און בעפעסטיגט דעם גיבראלטאר.

דער שפאנישער קעניג האָט דערהערט אז טאריק איז ווי־דער געקומען, האָט ער ארויסגעשיקט קעגען איהם א גענעראל מיט זיבעצעהן הונדערט סאָלדאטען. זיי זענען אָבער באלד צושלאָגען געוואָרען און אנטלאָפען אויף אלע זייטען. טאריק

איז אריין טיעף אין לאנד און פערנומען איין שטאָדט נאָך דער צווייטער. פיעל אידען און אויך קריסטען וואָס האָבען געהאַסט דעם קעניג האָבען געהאָלפען טאריק'ען.

צו געבען קוראזש זיין ארמעע, צו ווייזען זיי ווי זיכער ער איז אין זיעג האט טאריק פערברענט די שיפען וואָס האָבען געפיהרט די ארמעע פון מאַראָקאָ אהער. עס איז זיי געבליבען איין וועג — איינצונעמען שפאניען.

נאָך דער מפלה וואָס דער שפאנישער גענעראל האט גע־האט האט ער צוגעשיקט צו זיין קעניג דעם דאָזיגען בריעף:

— הערר קעניג! דאָס פאָלק פון אפריקא וואָס איז אונז בעפאַלען איז פערביטערט אין קאמף, שטארק ווי א פעלז און שנעל ווי א שטורם־ווינד. מיט אַלע קרעפטען האָב איך זיך בעמיהט אָבצושטעלען זיין גאַנג. עס איז אָבער געווען אומזיסט. די פרעמדע ארמעע איז גרעסער און שטארקער פון אונז.

זיי בעפעסטיגען זיך איצט אויפ'ן לאנד און אויב מיר וועלען זיי נישט מיט גרויס מאכט ארויסשטויסען, ווער ווייס, צי מיר וועלען זיך שפעטער קענען בעפרייען פון זיי? זאָל דער קעניג גלייך שיקען א גרויסע ארמעע, דער קעניג מוז אויך זיין אויפ'ן פראָנט צוצוגעבען מוטה אונזערע סאָל־דאטען צו קענעןביישטעהן דעם פיינד.

דער קעניג איז געוואָרען אָנגעצונדען פאר כעס. ביז ער האט צוזאמענגעשטעלט א גרויסע ארמעע האט ער דערווייל ארויסגעשיקט זיינע בעסטע רייטער צו הילף דעם גענעראל. די שלאכט האט זיך בענייט. די שפאניער זענען מיט שטורם און העלדישקייט בעפאַלען די מאראָקאנער. זיי זענען אָבער צוריקגעקלאפט געוואָרען נאָך גרויסע פערלוסטען. און די מאראקאנער האָבען פערנומען נייע שטעדט און דערפער.

ענדליך איז דער שפאנישער קעניג געקומען מיט אַן אר־מעע פון נייינציג טויזענט סאָלדאטען. זיי האָבען זיך גע־טראָגען ווי א שטורמדיגער ים. טאריק האט זיך אָבער נישט געשראָקען פאר זיי. ער האט צוזאמענגעשטעלט זיין ארמעע וואָס איז געווען אכט מאָל קלענער פון דער שפאנישער און גלייך מיט זונאויפגאַנג האט זיך אָנגעהויבען די שלאַכט.

פון ביידע זייטען איז די קריעג געפיהרט געוואָרען מיט

גרויס העלדישקייט. א גאנצען טאָג האָט זיך די שלאַכט גע־צויגען, טייכען בלוט זענען פערגאָסען געוואָרען אוןביידע אַרמעען האָבען זיך נישט געריהרט פון אָרט.

ערשט ווען עס איז געוואָרען שטאָק־פינסטער האָבען זיי זיך אויפגעהערט שלאָגען און מיט אומגעדולד געוואַרט אויפ'ן מאָרגענדיגען טאָג צו בענייען די שלאַכט. און אויך דעם צווייטען טאָג האָבען די שפּאַניער מיט די מאַראָקאַנער זיך געהאַלטען פעסט אויף זייערע פּאָזיציעס.

אויפ'ן דריטען טאָג האָבען די מאַראָקאַנער אָנגעהויבען פערלירען דעם מוטה, ווייל די שפּאַניער זענען דאָך געווען אין אַזאַ גרויסע צאָהל. טאַריק האָט דערזעהן, אַז עס האַלט שלעכט, האָט ער זיך געשטעלט אויף זיין פערד און געדו־נערט מיט זיין שטימע:

— היי, מוסלמענער! העלדען פון אַלאַ'ס אַרמעע! וואָס ווילט איהר טאָן? וואו דענקט איהר, וועט איהר געהן? וואָס וועט אייך העלפען, אַז איהר וועט אַנטלויפען פון שלאַכט־פעלד? עס דערוואַרט אייך אַ שרעקליכער סוף.

פאַר אייך שטעהט דער פיינד, הינטער אייך איז דער גרויסער ים. דער ים וועט זיך נישט שפּאַלטען פאַר אייך, און דער פיינד וועט אייך טרייבען אין ים אריין!

דערוועקט אייער מוטה, האָפט אויף אַלאַ, לויפט נישט! זייט העלדען! פערקוקט זיך אויף מיר און איהר וועט זעהן אַלאַ'ס הילף!

ער האָט אַ טרייב געטאָן זיין שטאַרק פערד און ווי אַ שטורם־ווינד ארויף אויפ'ן שפּאַנישען פראָנט און געשניטען מיט דעם שווערד אויף רעכטס און לינקס. די שפּאַניער האָ־בען פאַר שרעק זיך נישט געוועהרט און אַזוי איז ער גע־לאָפען צום שפּאַנישען קעניג און אַ שליידער געטאָן אויף איהם זיין שפּיז. אין אַ רגע האָט דער קעניג זיך געקייקעלט אויף דער ערד אין אַ טייך בלוט.

די מוסלמענער האָבען דאָס דערזעהן און מיט גרויס קו־ראַזש זיך געוואָרפען אויף די שפּאַניער. די שפּאַניער האָ־בען אָנגעהויבען לויפען, די מאַראָקאַנער נאָך זיי און זיי צו־טריבען ווי פּלעוועס אויפ'ן ווינד.

טאַריק האָט אָבגעשניטען דעם קעניג'ס קאָפּ און אוועק־

געשיקט צו מוסא'ן אַלס צייכען פון זיין גרויסען זיעג. גאַנץ שפּאַניען איז פערנומען געוואָרען פון די מאַכמאַדאַנער. טאַ־ריק האָט אין יעדער פערנומענער שטאָדט איבערגעלאָזט אַ וואַך פון די אידי'שע פרייוויליגע. די קריסטליכע קריעגער וואָס האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען האָט טאַריק פערטריבען ביז אַסטאַריא און דאָרט האָבען זיי זיך בעפעס־טיגט אין די בערג.

די מאַכמאַדאַנער האָבען נישט אַרויפגעצוואונגען זייער גלויבען אויף שפּאַניען, האָבען אויך נישט געהערשט מיט שטרענגקייט. זיי האָבען נאָר גענומען אַ יעהרליכען צינז און געלאָזט דאָס לאַנד צורות.

דער פרייהייטס־גייסט פון אַראַביען האָט זיך פער־שפּרייט אין שפּאַניען. עס איז געוואָרען אַ לאַנד פון וויסען און לערנען און די אידען האָבען אויפגעלעבט מיט אַזאַ לעבען וואָס זיי האָבען זיך פריהער נישט געריכט דאַרויף.

---

אין זעקס יאָהר אַרום האָט דאָס לאַנד אינגאַנצען זיך בערוהיגט. אַנדאַלוזיען איז געוואָרען אַן אַראַביש קעניגרייך מיט קאַרדאַווא אַלס הויפּט־שטאָדט. אין קאַרדאַווא איז גע־ווען אַ מאַכמאַדאַנישער הערשער וואָס האָט רעגיערט עהר־ליך און מיט יושר.

קאַרדאַווא האָט דעמאָלט שוין געהאַט נייניציג טויזענד איינוואוינער און אַ גרויסע טייל פון זיי — אידען, גרויסע קינסטלער און בעריהמטע סוחרים, וואָס האָבען געפיהרט האַנדעל מיט די וויטסטע לענדער.

דאָס אוניווערזיטעט אין קאַרדאַווא איז געווען דאָס גרעסטע אין אייראָפּאַ. די גרעסטע געלעהרטע פון אָריענט זענען געשטאַנען בראש און קאַרדאַווא איז געוואָרען די גרעסטע און שענסטע הויפּט־שטאָדט פון אַלע הויפּט־שטעדט אין אייראָפּאַ.

ווען אברהם בן הונאַ איז אַלט געוואָרען זעקס און צוואַנ־ציג יאָהר האָט איהם דער פאָטער געשיקט נאָך קאַרדאַווא צום הערשער אין הויף. ער האָט זיך דאָרט בעפריינדעט מיט די יונגע מיליטער־פיהרער און די הויפליים.

איינמאָל פאַרנאַכט איז אברהם בן הונא מיט עטליכע מי־

ליטער־לייט געגאנגען אויף א שפאציער אין די טייטעל־אַלעען ביים שייך גאדאלקעבער. דער טאָג איז געוועזן א הייסער האָבען זיי זיך געקוויקט מיט דעם פרישען ווינט וואָס האָט זיך געטראָגען פון טייך.

זיי זענען ארויף אויף א קליין בערגעל און געגאנגען מיט א שמאָלען וועג וואָס האָט זיך געצויגען קרום צווישען א רויזען־פעלד ביז זיי זענען געקומען אין א וואונדערליכען טאָל פול מיט די טייערסטע בוימער.

דאָרט האָבען זיי דערזעהן די גרויסע מויער ארום דעם מאָנאסטיר פין די קאטאָלישע מאָנאשקעס. די מאָנאשקעס האָבען איצט שפּאצירט אין גאָרטען פון מאָנאסטיר.

אין דער וואנד זענען געווען קליינע פענסטערלעך, דאָס זענען געווען די צימערלעך, וואו יעדע מאָנאשקע האָט געוואוינט בעזונדער. לעבען וואנד זענען געלעגען קלעצער האָלץ אין גרויסע הויפענס. זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אויף די קלעצער און געשמועסט.

דאָס אָרט איז זיי אזוי געפעלען, אז זיי האָבען בעשלאָסען אַלע פאר־נאכט דאָ אהער קומען פערברענגען עטליכע שעה.

דאָס איז געווען דעם פיערטען אָוענד, וואָס זיי זענען דאָרט געזעסען אברהם האָט אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהן א ווייס שנירעל לאָזט זיך אראָפּ פון א פענסטעריל. צום שנירעל איז געווען צוגעבונדען א קליינע קאָנווערט אויפגעשריבען מיט העברעאישע אותיות: "שדי"! אלע האָבען דאָס דערזעהן און זיך געוואונדערט. א מיליטער־מאן האָט אויסגעשטרעקט די האנד און געוואָלט נעמען דעם קאָנווערט, האָט זיך דאָס שנירעל אויפגעהויבען גיך. אזוי איז דאָס געווען מיט א צווייטען און א דריטען.

נאָר אז אברהם בן הונא האָט אויסגעשרעקט די האנד האָט ער אָנגעכאפּט די קאָנווערט און אָבגעבונדען פון שנירעל. אין א רגע איז דאָס שנירעל פערשוואונדען געוואָרען אין פענסטער.

אברהם האָט גיך אריינגעשטעקט די קאָנווערט אין קעשענע און זיינע חברים האָבען דוקא געוואָלט וויסען וואָס דאָרט איז. ער האָט דאָס אָבער אוועקגעמאכט מיט

דער האנד, ווי עס וואָלט זיך נישט געלוינט צו רעדען דערפון.

איהם איז געלונגען זיי איינצורעדען, אז דאָס איז א קליייניגקייט. אין זיין הארץ האָט אָבער געברענט א פייער פון נייגעריגקייט. ער האָט זיך גיך געזעגענט מיט זיי און אוועק צו זיך אין וואָינונג.

ער האָט די טהיר פערשלאָסען, אויפגעריסען די קאָנ־ווערט און געפונען דאָרט א שטיקעל פאפיער געשריעבען מיט א בלייפעדער פאָלגענדע ווערטער:

"טייערער הערר!

"זייט איך האָב אייך דערזעהן דאָס ערשטע מאָל קור־מען אהער האָב איך תיכף דערקענט, אז איהר זענט א איד. מיין הארץ זאָגט מיר, אז איך קען זיך פערטרויען אין אייך, אז איהר זענט א גוט־הערציגער און דער־בארימדיגער מענש. עס איז אויסגעוואַקסען אין מיר די האָפנונג, אז איהר זענט א מלאך פון גאָט געשיקט אוים־צולייזען מיך פון אונטערגאנג.

"איך בין א אידיש־קינד. א טאָכטער פון עהרליכע, אידישע עלטערן אין קארדאווא. אז מיין מאמע איז גע־גאנגען צו־קינד מיט מיר איז די אידישע הייבאם געווען קראנק און מען האָט געמוזט רופען א גוי'אישע הייבאַם.

"די גוי'ע האָט מיך שטילערהייד גע'שמד'ט און מיינע עלטערן האָבען נישט געוואוסט דערפון. א פאָר וואָכען שפעטער איז די גוי'ע געקומען צו מיינע עלטערן און זיי דערצעהלט וואָס זי האָט געטאָן מיט מיר. זי האָט גע־פאָדערט מיינע עלטערן זאָלען מיך איבערגעבען צו איהר, זי זאָל מיך ערציהען קאטאָליש.

"מיין פאָטער האָט אויפגעציטערט, אז ער האָט דאָס דערהערט. עס איז איהם געלונגען פאר א גרויסע סומע געלד צו פערמאכען איהר מויל. אָבער נאָר אויף א שטי־קעל צייט. פון צייט צו צייט איז זי געקומען און געזויגען דאָס בלוט פון מיינע עלטערן. זי האָט צוגענומען זייער גאנץ פערמעגען, געפרעסען דעם מארך פון זייערע ביי־נער. און עס איז אזוי אָנגעגאנגען ניין יאָהר צייט ביז די גוי'ע האָט געהאלטען ביים שטארבען.

פאר'ן טויט האָט זי אויסגעזאָגט דעם סוד איהר גלח און די זעלבע נאכט, עס איז געװעזן ערב יום־כפור, איז אריינגעקומען צו אונז א גלח מיט עטליכע סאָלדאטען און מיך אװעקגענומען מיט געװאַלט און געבראַכט אהער, אין דעם מאָנאַסטיר.

"דאָ, בין איך שוין אכט יאָהר, א געפאנגענע און א געפייניגטע ביי די מאָנאַשקעס. זיי צװינגען מיך צו היטען זייער גלויבען און זיי נעמען נישט אראָפּ די אויגען פון מיר אויף א רגע, איך זאָל נישט אנטלויפען און זיך אומקערען צום אידענטום.

"איך װייס נישט װאָס עס איז געװאָרען מיט מיינע עלטערען. די גאַנצע אכט יאָהר האָב איך נישט געזעהן א איד פאר די אויגען.

"איצט האָב איך אייך אַלץ דערצעהלט און אין אייערע הענד איז מיין לעבען. אויב איהר זענט א איד און גע־טריי אייער פאָלק, װי איך האָף, אז איהר זענט, װעט איהר זיך דערבארמען אויף מיר און אומקערען דאָס אװעקגערויבטע שעפעלע צוריק אין זיין היים.

"אויב איהר קענט מיך נישט ארויסנעמען פון דאַנען, בעט איך אייך מיר צו טאָן די גענאַד און אויסגעפינען, װאָס עס איז געװאָרען מיט מיינע עלטערען און מיר דאָס לאָזען װיסען.

"מיין פאָטער איז אן אנגעזעהענער איד אין קאראדאװא. זיין נאָמען איז שמעון הלוי.

"אין דריי טעג אַרום נאָך זונ־אונטערגאַנג װעל איך װארטען ביים פענסטער און אראָפּלאָזען דאָס שנירעל. אויב איהר װעט מיר עפּעס װעלען אָנזאָגען, זאָלט איהר עס האָבען אויפגעשריבען אויף פאפיר און אָנבינדען אויפ'ן שנירעל.

"איך בעט אייך שטאַרק צו פערנעמען מיין געבעט, מיין גאַנצע האָפנונג איז אויף אייך.

"דאָס איז די בקשה פון א טאָכטער פון אייער פאָלק, װאָס האָפט אויף אייער הילף.

רחל הלוי".

אברהם האָט נאָך׳ן איבערלייענען דאָס בריוועל א גאַנ־צע נאַכט נישט געקענט שלאָפ׳ן. דער מוח האָט געארבייט ביי איהם אויף פּלענער ווי אזוי צו ראַטעווען דאָס אומגליק־ליכע מיידעל.

מיט׳ן טאָג צוגלייך איז ער ארויס אין גאַס אויפזוכען רחל׳ס עלטערן. נאָך גרויס מיה האָט ער אויסגעפונען, אז רחל׳ס פאָטער איז גלייך נאכדעם ווי דער גלח האָט רחל׳ען אוועקגענומען קראַנק געוואָרען פאר צרות און געשטאָרבען. אינגיכען איז איהר מוטער אויך געשטאָרבען.

אברהם איז געבליבען פערצווייפעלט. וואָס טוט מען איצט? זאָל ער איהר דערצעהלען פון אומגליק, וועט זי שטאַרבען פאר צרות.

אברהם איז אוועק צום הערשער און האָט איהם דער־צעהלט די געשיכטע. ער האָט איהם געבעטען העלפען ארויס־ראַטעווען רחל׳ען.

— אז דער הערשער וועט בעפעהלען וועלען די גלחים פאָלגען — האָט אברהם געזאָגט.

— איך קען דאָס נישט טאָן — האָט דער הערשער איהם אָבגעזאָגט — איך האָב צוגעזאָגט די קריסטען נישט צו מי־שען זיך אין זייער רעליגיע. איך קען נישט ברעכען מיין וואָרט.

איז געבליבען איין וועג פאר אברהם׳ען. ער אליין זאָל זי ארויס׳גנב׳ענען.

אויפ׳ן דריטען טאָג איז ער אוועק צום מאָנאַסטיר און ארויפגעלאנגט רחל׳ען די עטליכע ווערטער:

„מיין אומגליקליכע שוועסטער! איהר האָט מיך בע־עהרט דערמיט וואָס איהר האָט מיר געשאָנקען צוטרויען. און איך זוך א וועג ווי אייך צו ראַטעווען. האָפט אויף גאָט. אויב גאָט וועט מיר ביישטעהן, וועל איך אייך ארויסנעמען פון געפענגניס. אייער געטרייער ברודער,

אברהם בן הונא, פון דמשק״.

באַלד צו־מאָרגענס האָט דער הערשער איהם בעפוילען פאָהרען נאָך דמשק איבערצוגעבען א וויכטיגע שליחות זיין פאָטער. אברהם האָט נישט געוואָלט פאָהרען, ער האָט אָבער

געמוזט. אין פיער חדשים ארום איז ער צוריק געקומען נאָך קארדאווא און איז איינגעשטאַנען ביי זיין פאָטער'ס א יו־גענד־פריינד, שמואל, א בעריהמטער דאָקטאָר.

דער אידישער דאָקטאָר איז געווען שטארק אנגעזעהן ביי די גרויסע לייט פון שטאָדט, ביי די קריסטען און מאכמאדא־נער. זיי האָבען שטארק געגלויבט אין איהם.

אז אברהם איז אָנגעקומען צום דאָקטאָר איז געווען א גרויסע שמחה. שמואל האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס ליעבע. דאָס איז געווען שפעט אין אווענד. שמואל איז גע־ווען מיער פון גאַנצען טאָג ארומגעהן היילען קראנקע.

— היינט האָב איך געהאט א שווערען טאָג — האָט שמואל איהם דערצעהלט — ערשט בין איך אהיים גע־קומען, מיעד און מאַט און איך קען זיך נישט לייגען שלאָ־פען. איך מוז נאָך געהן היינט ביינאַכט אין מאָנאַסטיר פון די מאָנאַשקעס. א מאָנאַשקע איז געפעהרליך קראַנק. איך בין שוין היינט געווען איינמאָל און צוועלף ביינאַכט מוז איך ווידער געהן. אום צוועלף וועט זיין דער קריזיס פון איהר קראנקהייט און איך וועל וויסען צי זי וועט ווערען גע־זונד אָדער נישט.

— ווער איז די מאָנאַשקע? אויף וואָס איז זי קראנק?

— האָט אברהם געפרעגט און זיין הארץ האָט פלוצלינג אָנ־געהויבען שטארק קלאַפּען.

— זי איז גייסטיג קראנק. עס איז איהר אודאי געקומען פון א בעהאַלטענעם טרויער וואָס זי טראָגט אין הארצען. די מאָנאַשקעס זענען דאָך איינגעשלאָסען אין מאָנאַסטיר ווי אין א קבר. ווער וויים זייער פערגאנגענהייט, איך האָב גאָר געהערט, אז זי שטאַמט פון אידען.

אברהם האָט פערשטאַנען אז דאָס איז רחל, און ער האָט איהם געפרעגט:

— איהר געהט איינער אליין אָדער מיט נאָך עמיצען?

איך געה נישט — האָט איהם דער דאָקטאָר דערקלערט — איך האָב א טראָג־שטול און צוויי אידען דינג איך וואָס זיי טראָגען מיך אומעטום.

— שמואל טייערער! — האָט אברהם איהם פלוצלינג א זאָג געטאָן — איהר זענט דאָך א וואונדערליכער דאָקטאָר.

און איך ווייס גאָרנישט פון מעדיצין, איך ווייס אָבער אַז פאַר דער דאָזיגער מאַנאַשקע האָב איך אַ בעסערע רפואה ווי אַלע אייערע מעדיצינען.

— וואָס פאַר אַ מעדיצין ?

— אויב איהר ווילט זי ראַטעווען, לאָזט מיך געהן אַנ־שטאַט אייך.

שמואל האָט זיך געוואונדערט און מיט שרעק געקוקט אויף אברהם'ן, ווי ער וואָלט פלוצלינג אַראָפּ פון זינען.

— לייענט דאָס איבער ! — האָט אברהם איהם דער־לאַנגט רחל'ס בריוועל.

שמואל האָט דאָס איבערגעלייענט און ערשטוינט גע־פרעגט :

— ווי אַזוי קומט צו דיר דער בריעף ?

אברהם האָט איהם דערצעהלט און שמואל איז אײַפגע־רעגט געגאַנגען אויף און אָב און געטראַכט, פלוצלינג האָט ער זיך אָבגעשטעלט, איהם געקוקט גלייך אין די אויגען און געפרעגט :

— וואָס דענקסטו דען צו טאָן ?

— מיין פליכט אַלס איד ! — האָט אברהם אויסגעשרי־גען מיט פייער — שמואל ! דו קענסט היינט אויסלייזען אַ אידישע טאָכטער פון טויט. קענסט אויסלייזען איהר גוף און נשמה !

— וואָס זאָל איך דען טאָן ?

— לאָזט מיך געהן אנשטאַט אייך.

— איך טאָר דאָך דאָס נישט טאָן !

— עס איז די גרעסטע מצוה.

— אָבער, וואָס ווילסטו דען טאָן ?

— דאָס קען איך איצט נישט זאָגען.

— און וואָס דאַרף איך טאָן ? — האָט שמואל געוואָלט וויסען.

— איהר לייגט זיך שלאָפען. נאָר גיט מיר פריהער אייער מאַנטעל און הוט.

שמואל האָט איהם דערלאַנגט דעם מאַנטעל און הוט און איז אַוועק אין שלאָפצימער. מיט אַ קלאַפּעדיגן האַרץ איז

אברהם געשטאַנען ביים פענסטער און אבגעוואַרט די צוויי אידען מיט'ן טראַג־שטול.

ארום צוועלף אזייגער זענען זיי אנגעקומען. שמואל האט אַנגעטאָן דעם דאָקטאָר'ס הוט און מאַנטעל, האָט מיטגענומען א ביסעל גאָלד שטיקער, שטריק און א שאַרף מעסער. ער האט פערדעקט דאס פּנים די טרעגער זאָלען איהם נישט דערקענען. מיט'ן ערשטען בליק האבען זיי איהם גלייך געזאָגט:

— איהר זענט נישט דער הערר שמואל!

ער האט זיי דערלאַנגט עטליכע גאָלדשטיק און געזאגט:

— בין איך יעצט שמואל?

זיי האבען זיך דערפרייעהט מיט'ן געלד און געזאגט:

— אונז איז אלץ איינס. הלואי וואלטען מיר יעדע נאכט געהאט צו טראָגען אזא גוטען מענשען ווי איהר, וואָלטען מיר איהם אויך גערופען: שמואל.

— טאָ הערט! — האט ער געזאגט שטיל — איך געה טאָן א זאך וואס איך וועל דארפען דערצו אייער הילף. אויב איך וועל מיין פּלאַן אויספיהרען וועט איהר פון מיר קריגען א סך גאָלד שטיקער.

— מיר וועלען אייך פאָלגען — האָבען זיי אונטערטעניג געזאגט.

— מוזט איהר קענען האלטען א סוד. שווערט אז איהר וועט גארנישט דערצעהלען. איהר זענט דאָך אידען!

— מיר שווערען צו האלטען דעם סוד. אודאי, מיר זענען אידען.

— איך געה איצט טאָן עפּעס פאר אונזער הייליגע אמונה און צו ראטעווען א אידיש נפש — האט אברהם זיי אנגעזאגט — אז מיר וועלען זיך אומקערען בשלום, וועל איך אייך אלץ דערצעהלען און איהר וועט זיך פרעהען וואס גאָט האט אייך בעשערט צו טאָן אזא גרויסע מצוה, און גאָט וועט אייך דער־פאר בעצאָהלען. טראגט מיך אין מאָנאַשקען־מאָנאַסטיר. איהר טאָרט מיך אבער א רגע נישט לאָזען אליין.

— דאס איז אונמעגליך — האבען זיי איהם דערקלערט — מיר מוזען בלייבען אין דרויסען, אונז לאָזט מען נישט אריין.

— איך האב אן עצה. איהר וועט זאָגען דעם וועכטער,

אז איך האָב מיר אויסגעלינקט א פוס און קען ניט געהן. איהר מוזט מיך אריינטראָגען אין צימער פון דער קראנקער מאָ־נאַשקע. אָהן אייך וועל איך גאָרנישט קענען טאָן. איהר זאָלט מיר נאכפאָלגען און טאָן אלץ וואָס איך וועל אייך הייסען.

אברהם האָט זיך ארויפגעזעצט אויפ׳ן טראג־שטול און זיי האבען איהם געטראָגען צום מאָנאַסטיר. זיי האבען אנגע־קלונגען אין טויער און דער וועכטער איז ארוים מיט א פאַק שליסלען אין האנד.

— ווער איז דאס ? — האָט געפרעגט דער וועכטער.

— דער דאקטאר פאר דער קראנקער מאָנאַשקע—האט א טרעגער געענטפערט.

דער טרעגער האָט געעפענט ברייט די טיר און זיי האָ־בען אויפגעהויבען די שטול און געוואלט אריינגעהן.

— איהר מוזט בלייבען אין דרויסען—האט דער וועכטער זיי בעפוילען.

— דער דאקטאר קאן נישט געהן. ער איז געפאלען און אויסגעלינקען א פוס. מיר מוזען איהם טראָגען — האָבען די טרעגער איהם דערקלערט.

אומצופרידען האָט דער וועכטער זיי דערלויבט איהם צו טראָגען. פלוצלונג האָט ער געזאָגט צו אברהם׳ן :

— איהר מוזט פריהער געהן צו דער הויפט־מאָנאַשקע. זי וויל מיט אייך רעדען און געהן מיט אייך צו דער קראנקער.

און ער האט זיי געפיהרט צו דער הויפט־מאָנאַשקע און צוריקגעגאנגען אויף זיין אָרט.

אברהם איז אראָפּ פון שטול און מיטגערופען די טרעגער :

— זייט גרייט !

אברהם האט אנגעקלאפט אין טיר און א פרויען שטימע האט געענטפערט:

— קומט אריין !

זיי זענען אריין אין א גרויס צימער מיט איינפאך מעבעל. די הויפט מאָנאַשקע איז געזעסען ביים שרייב־טיש און גע־שריבען. זי איז געווען א זעכציג יעהריגע, קליין, מאָגער און פערוועלקט. א גרויער קאָפּ האָר פערדעקט מיט א ווייסע הויב מיט א לאנגען שלייער איבער׳ן רוקען. איינגעהילט איז זי געווען אין א לאנגען שווארצען וואָלענעם מאנטעל און

אַרומגעגאַרטעלט מיט א ווייסען גאַרטעל. אויפ'ן גאַרטעל האבען געהאנגען פּאַטשערקעס און א גרויסער צלם.

— ווער זענט איהר ? — איז זי אויפגעשפּרונגען דער־שראָקען ווען זי האט זיי דערזעהן—ווי האט איהר געוואגט שפּעט ביי נאכט אריינצוקומען אין דעם הייליגען הויז?!

— איך בין דער אידישער דאקטאר—האט אברהם גע־זאגט—דער וועכטער האט מיר געזאגט אז איהר ווילט מיט מיר רעדען.

— איך האב מיט אייך גאָרנישט צו רעדען. איהר זענט נישט דער דאָקטאָר !

— איך האב אבער יא צו רעדען מיט אייך! — האט אברהם געזאגט שארף.

ער האָט פלינק זי א כאַפּ געטאָן און ארויפגעלייגט די האַנד אויף איהר מויל. די טרעגער זענען צוגעשפּרינגען. ער האָט זיי דערלאַנגט די שטריק און זיי האָבען געבינדען די אַלטיטשקע. מיט א טיכעל האָט ער פאַרשטאָפּט איהר מויל און איהר געזאָגט :

— איהר זאָלט ווּיסען אז איך בין דער קראַנקער מאָ־נאַשקעס ברודער. איהר האלט זי דאָ מיט געוואַלט אַכט יאָהר. די גאַנצע צייט האָב איך געזוכט א וועג זי צו ראַטעווען. האָב איך געוואָהר געוואָרען, אז איהר האָט גערופען דעם אידישען דאָקטאָר, ער זאָל איצט דאָ קומען צו איהר. האָב איך פאַר־כאַפּט דעם וועג און געזאָגט דעם וועכטער, אז איך בין דער דאָקטאָר. און ווי איהר זעהט בין איך דאָ. פיהרט מיך צו מיין שוועסטער, איך זאָל זי קענען ארויסנעמען פון דאַנען. אויב איהר וועט מיך נישט פאָלגען וועל איך אייך טויטען און זי סיי־ווי ראַטעווען !

זי האָט זיך נישט דערשראָקען. זי האָט געקוקט אויף איהם מיט פעראַכטונג און געלעגען שטיל.

אברהם האָט ארויסגענומען דאָס מעסער און צוגעלייגט צו איהר האַרץ און געזאָגט בייז :

— אויב דאָס לעבען איז אייך נישט ליעב, טאָ שטאַרבט !

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט גרויס געבעט און גע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אַלס צייכען, אז זי איז גרייט איהם צו פאָלגען.

אברהם האָט אויפגעבונדען איהרע פיס און צווישען זיי

דריי איז זי געגאַנגען און זיי געפיהרט דורך קאָרידאָרען און צימערן ביז זיי זענען צוגעקומען צו רחל'ס צימער.

זיי זענען אריין אין אַ קליין ענג צימעריל. אינוויינינג איז געשטאַנען אַ קליין טישעל, צוויי שטולען און אַ נידריג, שמאָל בעטיל. אויפ'ן בעטיל איז געלעגען רחל, אויסגע־דארט און פערפייניגט, די אויגען טיעף אין קאָפּ אריין און דאָס פּנים מורא'דיג בלאָס און איינגעפאלען.

רחל האָט דערהערט טריט האָט זי זיך געוואָלט אויפ־זעצען. ווי זי האָט דערזעהן די הויפּט־מאַנאַשקע האָט זי פאר שרעק זיך אויסגעדרעהט צום וואַנד און געשוויגען.

אברהם איז צוגעגאַנגען צו איהר און מיט אַ ציטערדיג קול געזאָגט:

— רחל!

זי האָט דערהערט איהר אידישען נאָמען, האָט זי זיך אויסגעדרעהט און פערוואונדערט געקוקט אויף איהם.

— איך, דיין ברודער אברהם, בין געקומען צו דיר אין נאָמען פון שדי דיר צו ווייזען אַז דו האָסט מיך נישט אומ־זיסט גערופען דיר צו העלפען.

אויף איהר בלאַס פּנים האָט אויפגעשיינט אַ רויטקייט.

— איז... דאָ... אַ האָפנונג?... — האָט זי געשטאַ־מעלט.

— נישט נאָר אַ האָפנונג, נאָר דיין אמת'ע ישועה! — האָט אברהם פעסט געזאָגט — נאָר זאָג מיר צי דו ווילסט מיט'ן גאַנצען הארצען ארויס פון דאַנען און זיך אומקערען צו דיין גאָט און פאָלק? געדענק, אַז אַזא הילף קומט נאָר איינמאָל. ווילסט געהן מיט אונז?

— אוי! ווי איך וויל! איך האָב אָבער נישט קיין כח! — האָט רחל טרויריג געזאָגט.

— זאָרג נישט! איך וועל דיר העלפען!

זיי האָבען ווידער געבינדען די הויפּט־מאַנאַשקע. ארויס־גענומען רחל'ען ביז צום טראָג־שטול. אברהם האָט זיך ארויפגעזעצט און זי גענומען אויפ'ן שויס און זי פערדעקט מיט'ן מאַנטעל און די טרעגער האָבען זיי גיך ארויסגעפיהרט פון מאָנאַסטיר.

— געהט גיך נאָך גאינא — האָט אברהם זיי געוואָרנט —

דאָס גרעסטע אומגליק דערוואַרט אונז אויב איהר וועט נישט ביז טאָג אונז אוועקפיהרען וייט פון דאַנען.

די טרעגער זענען געלאָפען מיט אלע כוחות און מיט'ן טאָג צוגלייך זענען זיי אָנגעקומען אויף אַ גוט וואָס האָט געהערט צו אברהם'ס אַ גוטען פריינד. רחל'ן האָבען זיי אריינגעטראָגען אין הויז. אברהם האָט די טרעגער גוט בע־פרידיגט, דערצעהלט זיי די גאַנצע געשיכטע און זיי נאָכ־אמאָל בעשוואוירען נישט אויסצורעדען זיך וועגען דעם פאר קיינעם נישט. זיי האָבען איהם צוגעשוואוירען און גע־דאַנקט פאר זיין ברייט האר'ץ און זיך אומגעקערט אין שטאָדט אריין.

ביז מיטאָג איז אברהם דאָרט פערבליבען, זיין פריינד האָט זיך אונטערגענומען אָבהיטען רחל'ן ווי די אויגען אין קאָפּ, איז אברהם אוועק אין שטאָדט.

דאָ האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער הערשער האָט ארעס־טירט שמואל'ן. ער האָט זיך דערשראָקען און תיכף אוועק אין הערשער'ס פּאַלאַץ.

דער הערשער האָט איהם דערזעהן און אויפגענומען פריינדליך מיט דער דאָזיגער פראגע :

— וואָס פערלאַנגסטו, פריינד ?

— גנעדיגער הערר ! — האָט אברהם געזאָגט און זיך געשטעלט אויף די קניה — איך בין געקומען בעטען פאר מיין פריינד, איך וויל איהם ראַטעווען פון אן אומגליק.

— ווער איז ער ?

— שמואל, דער אידישער דאָקטאָר.

— צום בעדויערן, מיין פריינד, קען איך דיר אין דעם נישט העלפען. ער האָט שווער געזינדיגט. ער האָט פער־שוועכט זיין פאַך. אַלס דאָקטאָר האָט ער געטאָן אן אומער־לויבטע זאך. נעכטען בייגאַכט האָט מען איהם גערופען אין מאָנאַסטיר צו אַ קראַנקע מאָנאַשקע, האָט ער געבונדען די הויפּט־מאָנאַשקע און זי שרעקליך בעליידיגט. דערנאָך האָט ער ארויסגע'גנב'עט אַ מאָנאַשקע און מיטגענומען מיט זיך. איך האָב דאָך צוגעזאָגט די קריסטען, אַז איך וועל בעשיצען זיי און זייער גלויבען. מוז איך איהם בעשטראָפען פאר זיינע זינד.

— זיי מיר מוחל, גענעדיגער הערר, דערקלער מיר ווער איז אַ גרעסערער פערברעכער? די וואָס האָבען אוועקגע־רויבט אַ קינד פון זיינע עלטערן און גע'שמד'ט, אָדער דער וואָס האָט עס געראַטעוועט פון זייערע הענד? אויב דאָס לעצטע איז אַ זינד, זאָלסטו וויסען, אַז נישט שמואל האָט דאָס געטאָן, נאָר איך. און איך בין גרייט צו טראָגען דיין שטראַף!

— אוי, דו לייכטזיניגער יונגעל! דאָס האָסטו געטאָן און נישט מורא געהאַט פאַר מיין שטראַף?

— איך האָב נישט געקענט צוקוקען רוהיג דאָס שרעק־ליכע פערברעכען — האָט אברהם געזאָגט אויפגערעגט — יעדער אומגליקליכער האָט דאָס רעכט צו בעטען הילף. ווי האָב איך געקענט אָבזאָגען דאָס געבעט פון אַן עלענטע יתומה, אַ שוואַכע, אַ קראַנקע און פערפייניגטע, אַ קינד פון מיין פאָלק און גלויבען?

אברהם האָט איהם דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט זיך דער־וואוסט די טרויריגע געשיכטע. ווי די מאַנאַשקעס האָבען געפייניגט רחל'ען און אַז איהרע עלטערן זענען דורכדעם געשטאָרבען יונגערהייט. און אַז רחל וואָלט אויך גיך גע־שטאָרבען.

דער הערשער האָט אויפגעציטערט ווען ער האָט דאָס דערהערט. אַ ווייל האָט ער געטראַכט און געזאָגט:

— איך קען אָבער נישט פערגעבען דעם דאָקטאָר, וואָס ער האָט פערשוועכט זיין אַמט און דיר געהאָלפען זי ארויס־גנב'ענען.

— איז דען דאָס אַ זינד ווען אַ מענש האַלט שטאַרקער פון רחמנות איידער פון פליכטען? — האָט אברהם גע־פרעגט.

— איך לייקען נישט — האָט דער הערשער געזאָגט — ער האָט געטאָן אַ גוטע זאַך. וואָס זאָל איך אָבער זאָגען די קריסטען, וואָס פאָדערן ביי מיר, איך זאָל בעשטראָפען דעם דאָקטאָר? איך קען דאָך נישט דערלאָזען זיי זאָלען ווערען בעליידיגט!

— אויב דיך וועט נישט פערדריסען, הערשער, וועל איך דיר עפּיס זאָגען: עפען די צינזען ביכער, וועסטו זעהן אַז

אידען צאָהלען מעהר צינזען פון די קריסטען. וואָס זענען די אידען ערגער פון די קריסטען ?

דעם הערשער'ס פּנים איז געוואָרען פערכמורעט און ער האָט אויף איהם אָנגעשריגען :

— שוויינ, פערשייטער יונגעל ! זאָלסט צו מיר אזוי נישט רעדען !

— זיי מיר מוחל ! פּאָר צרות האָב איך דאָס געזאָגט. איך פערלאָז זיך אויף דיין גערעכטיגקייט, אז דו וועסט עהרליך משפּט'ען. דער עהרליכער פּאָסטוך מאַכט נישט קיין אונטערשיד צווישען זיינע שאָף. אויב אין דעם איז געטאָן געוואָרען א זינד — בעשטראָף מיך ! איך האָב געזינדיגט. אָבער נישט מיין פריינד. בעפריי איהם. ער איז אומשולדיג !

— נו, שטעל זיך שוין אויף ! — האָט דער הערשער איהם געזאָגט און געלייגט די האַנד אויף זיין פּלייצע — איך וועל דערפילען דיין פערלאַנג. און ווייל דו געפעלסט מיר, וועל איך דיר אויך מוחל זיין. געדענק אָבער, זאָלסט זיך היטען ווייטער, עס קען דיר באַנג טאָן.

— ווען וועל איך זעהן מיין פריינד פריי ? — האָט אברהם געפרעגט.

— די מינוט — האָט דער הערשער געזאָגט מיט א שמייכעל.

אברהם האָט געקוקט פערוואונדערט. מיינט דאָס דער הערשער אויף אַן אמת אָדער ער שפּעט פון איהם ? דער הערשער האָט געעפענט א טיר און געטאָן א רוף :

— שמואל !

שמואל איז אריין. אברהם האָט איהם ארומגעכאַפּט און היים געקושט.

— יעצט, פריינד מיינע, וועל איך אייך אַלץ דערקלע־רען — האָט דער הערשער זיך אָנגערופען — איך האָב גע־הערט, אז די קריסטען גרייטען זיך מאַכען א טומעל. האָב איך זיי געוואָלט איינשטילען און איך האָב בעפוילען צו אַרעסטירען שמואל'ן. איך האָב איהם אָבער נישט איינגע־זעצט אין תפיסה, נאָר אריינגעפיהרט אין מיין ביבליאָטעק. איך ווייס, אז ער האָט ליעב צו לייענען. אין שטאָדט האָט

מען דערווייל גערעדט, אַז איך האָב איינגעזעצט שמואל'ן.

איצט וואַרט אויף שמואל'ן אַ פערמאַכטע קאַרעטע. ער וועט פערלאָזען די שטאָדט אויף אַ מאָנאַט. ער וועט זיך אויפ'ן דאָרף אָברוהען דערווייל פון זיין שווערער ארבייט. און די קריסטען וועל איך זאָגען, אַז איך האָב איהם איינגעזעצט אין תפיסה אויף דרייסיג טעג. זיי וועלען זיך בערוהיגען און עס וועט זיין בעסער אויך פאַר אַלע אידען.

שמואל און אברהם האָבען איהם האַרציג געדאַנקט, גע־זעגענט זיך מיט איהם און אריין אין דער פערמאַכטע קאַ־רעטע. זיי זענען געפאָהרען אויפ'ן גוט, וואו רחל איז געווען. שמואל האָט זי געהיילט און אברהם האָט זי געטרייסט און בערוהיגט.

פון טאָג צו טאָג איז זי געוואָרען געזונטער. אין אַ חודש ארום האָט שמואל געזאָגט, אַז רחל איז שוין אַזוי געזונד אַז זי קען מאַכען אַ לאַנגע רייזע אויפ'ן וואַסער. שמואל איז צוריקגעפאָהרען נאָך קאָרדאָווא און אברהם האָט גענומען רחל'ן און געפאָהרען מיט איהר נאָך דמשק צו זיינע עלטערן.

אברהם האָט אריינגעפיהרט רחל'ן צו זיינע עלטערן און זיי דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט זי געראַטעוועט. זיי האָבען זיך שטאַרק געפרעהט און דער פאָטער האָט ארומגעכאַפּט אברהם'ן און געזאָגט:

— זיי געבענטשט, טייער קינד, גאָט זאָל דיך בענטשען, האָסט געטאָן אַ גרויסע מצוה!

די מוטער האָט שטאַרק געוויינט פאַר פרייד און ווי אַ געטרייע מוטער געקושט רחל'ן און זי געדריקט צום האַרצען און געבענטשט איהר זוהן.

אברהם'ס עלטערן האָבען רחל'ן שטאַרק מקרב געווען. זיי האָבען זי געהאַלטען ווי אַן אייגען קינד. אברהם האָט געזעהן אַז רחל איז צו איהר שעהנקייט אויך גוט און פרום, האָט ער זי שטאַרק ליעב געהאַט. זי האָט געקוקט אויף איהם ווי אויף דעם מלאך וואָס האָט זי אויסגעלייזט פון אַלע ליידען.

זייער ליעבע איז געווען ריין, הייליג און עהרליך. און אַז אברהם האָט געזאָגט זיינע עלטערן אַז ער וויל חתונה האַ־

בען מיט רחל'ן, האָבען זיי מיט גרוים פרייד זיי געגעבען זייער הארציגע ברכה.

---

די מגלה האָט געשריבען אברהם בן הונא, אין יאָהר פיער טויזענד פינף הונדערט לויט דעם אידישען רעכנונג, צוזאַמען מיט די פריהעריגע מגלות און דאָס בריוועל וואָס רחל האָט איהם דערלאַנגט פון מאַנאַסטיר, האָט ער זי איי־בערגעלאָזט פאַר זיין זוהן יעקב. און ער האָט איהם צוגע־שריבען די דאָזיגע ווערטער:

מיין טייערער זוהן יעקב!

זאָלסט וויסען אז ווען איך האָב חתונה געהאַט מיט דיין ליעבע טייערע מאַמע רחל, האָט זי מיר נישט געבראַכט קיין געלד אין הויז אריין. זי איז געקומען צו מיר מיט ליידיגע הענד, איהר הארץ איז אָבער פול מיט אַלדאָסגוטס. איהר הארץ איז דאָס הארץ פון אן עהרליכע אידישע טאָכטער, מיט די שענסטע און בעסטע מדות, א ברכה פון גאָט, וואָס מען קען נישט קויפען פאַר די גרעסטע פערמעגענס. איך האָב מיט איהר חתונה געהאַט פון אייביגע, עהרליכע און געטרייע ליעבע. איך בין גליקליך מיט איהר.

די מגלה שרייב איך אין קארדאווא, וואו איך בין יעצט צוליעב מיינע געשעפטען. איך בענק נאָך דיר, מיין טייער קינד און נאָך דיין מאַמע, די ליעבע און געטרייע רחל. איך האָב זיך דאָ דערמאָנט די פריהעריגע צייטען און אַלס טרייסט בעשרייב איך די געשעהענישען אין דער מגלה. איך האָף איננגיכען זיך אומקערען נאָך דמשק און מיט אייך זיך פרעהען.

די מגלה בלייבט ביי מיר ביז מיין לעצטער שעה. דער־מאָלט וועסטו זי ירשנ'ען צוזאַמען מיט דעם קאָנווערט און דיין מאַמע'ס בריוועל, דאָס בריוועל וואָס האָט מיך צוגע־בינדען צו דיין מאַמע נאָך איידער איך האָב זי געזעהן.

זאָל דאָס אַלץ זיין אן אייביגער אנדענקען פאַר דיר, דיינע קינדער און קינדסקינדער פון דיין געטרייען פאָטער.

אברהם בן הונא,
צאינא'ס אוראייניקעל,
פון מלכות בית דוד.

# די כוזרים

רב סעדיה גאון איז אין בבל געווען דער לעצטער פון די ריש־גלותא׳ס און גאונים. מיט זיין טויט איז געפאלען דער שטאלץ פון די אידישע פירשטען און דאס תורה לערנען האט בעקומען א שרעקליכען קלאפ.

די ישיבות פון סורא און פומבדיתא זענען געווארען שטארק פערארימט און זיך געהאלטען נאר אויף נדבות פון איזען פון ווייטע לענדער.

די כאליפען האבען אויך פערלוירען די רעגירונגס־מאכט און דער כאליף פון באגדאד האט נישט מעהר געהאט ווי דעם רעליגיעזען טיטול, אלס הויפט־גייסטליכער. פערסישע פירשטען זענען געווארען הערשער און זיך גערופען עמיר אדער סולטאן.

ווען הארון אל ראשיד איז געווען כאליף אין באגדאד, איז יצחק בן עמרם, אברהם בן־הונא׳ס אן אייניקעל, אוועק מיט זיין הויזגעזינד פון דמשק און זיך בעזעצט אין באגדאד.

אין אנפאנג איז יצחק בן עמרם געווען אן איינגעהער אין כאליף׳ס הויף. שפעטער, אז די כאליפען האבען פערלוירען די מאכט, האט יצחק אויפגעהערט צו קומען אין כאליפישען פאלאץ. עס איז דעמאלט געווארען שלעכט פאר אידען. די פערסישע הערשער האבען פערפאלגט יעדען איינעם פון אן אנדער אמונה.

דעמאלט האט זיך פערשפרייט א קלאנג, אז ביים טייך אייטעל (וואלגא) איז דא א אידישע מלוכה, דאס קעניגרייך פון די כוזרים. נאך בבל זענען אנגעקומען שלוחים פון קעניג פון די כוזרים צו נעמען מיט זיך רבנים וואס זאלען לערנען דאס כוזרים פאלק די תורה.

יצחק בן עמרם האט געהאט איין איינציגען זוהן אליהו

מיט אן איינציגע טאָכטער. אליהו איז אַלט געווען צוויי־און־צוואַנציג יאָהר און זיין שוועסטער — זיבעצעהן.

אליהו בן יצחק האָט געהערט, אַז אַ גרופּע אידען פּאָה־רען צו די כוזרים, איז ער צוגעשטאַנען צו זיי. זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזט איבער פּערסיע צום ים "כוזעריא", דער קאספּישער ים, ביז זיי זענען אָנגעקומען אין דער הויפּט־שטאָדט פון די כוזרים.

די שטאָדט איז בעשטאַנען פון דריי טייל. איינע האָט געהייסען סאמאנדאר; די צווייטער — באלאנגאר (אסטרא־כאן) און די דריטע — אייטעל.

אין סאמאנדאר האָט געוואוינט די קעניגין מיט איהרע הויפדאמען און בעדינטע. אין באלאנגאר האָט געוואוינט דער קעניג מיט זיינע מיניסטאָרען און לייב־גווארדיע. אין אייטעל האָבען געוואוינט פערשידענע פעלקער: אידען, מאַכמאַדא־נער, קריסטען און געצענדינער.

אייטעל איז געווען אַ גרויסע האנדעלס־שטאָדט. פון אַלע לענדער האָט מען דאָ געבראכט סחורות צו פערקויפען. עס זענען געקומען רוסען, בולגארען, גרעקען, אַרמענער, גרוזינער און באראלאנער (אָדערבייזשאנער).

די אַלע פעלקער האָבען אין אייטעל געלעבט פרידליך צווישען זיך. דער פרעמדער האָט געהאַט גלייכע רעכט מיט דעם בירגער. זיי האָבען געהאַט אייגענע ריכטער צו משפּט'ען צווישען זיך. דער כאקאן איז געווען דער קעניג. ער איז געווען אַ געטרייער איד אזוי ווי זיינע זיידעס וואָס האָבען מיט צוויי הונדערט און פופציג יאָהר פריהער זיך מגיר געווען.

די כוזרים שטאַמען פון תוגרמה, דער זוהן פון גומר, דער זוהן פון יפת בן נח. זיי זענען געווען געצענדינער ווי זייערע שכנים. זיי האָבען געהאַט תמיד צוויי הערשער, דער כאקאן דער קעניג־כהן, וואָס שטאַמט פון דער קעניגליכער פאַמי־ליע. דאָס פאָלק האָט איהם געהאַלטען ווי אַ גאָט.

ער איז שטענדיג געזעסען פערבאָרגען אין פּאַלאַץ און זעלטען־ווען האָט ער זיך געוויזען פאַר'ן פאָלק. ער האָט אָבער נישט לענגער געקעניגט ווי פערציג יאָהר. די מינים־טאָרען האָבען מורא געהאַט, אַז אויף דער עלטער זאָל דער

כאקאן נישט פערלירען דעם שכל און ברענגען אן אומגליק אויפ'ן פאָלק.

נאָך פערציג יאָהר קעניגען האָבען זיי איהם געטויט און בעגראָבען אויף א געהיים אָרט און געקרווינט זיין זוהן. אזוי האָבען זיי געטאָן מיט יעדען כאקאן.

דער צווייטער הערשער איז געווען דער פ א ג, דער מיליטער־הויפט, געזעצגעבער און אויבערריכטער. ער האָט געפיהרט די רעגירונג.

די כוזרים זענען געווען א זעהר העלדיש פאָלק. געניטע רייטער מיט שטארקע וואפען און געאיבטע קריגער. זיי האָבען געהאט א געזעץ, אז יעדער איינער וואָס טרעט אָב פון שלאַכטפעלד, פון נידריגסטען סאָלדאט ביז'ן מיליטער־הויפט, ווערט בעשטראפט מיט'ן טויט.

די שכנ'ישע פעלקער האָבען געציטערט פאר זיי און זיי האָבען געהערשט איבער אלע לענדער פון קאספישען ים ביז דעם מאאטישען און שווארצען ים, און פון יאאיק (אוראל) טאנאאיס (דאָן) ביז דעם אוזו (דניעפער). די פעל־קער פון די לענדער, די בולגארען, פאליעסין, ראדאמיצער און בורטאסען האָבען זיי געצאָהלט צינזען.

אין יאָהר פיער טויזענט פינף הונדערט, איז געווען דער כאקאן בולאן. ער האָט פיינט געקראָגען דאָס געצענדיסט און פערבאָטען זיין פאָלק צו דינען אָבגעטער. ער האָט גע־זוכט דעם אמת'ען גאָט.

איינמאָל איז א מלאך איהם געקומען צו חלום און גע־בענטשט אין גאָט'ס נאָמען און איהם בעפוילען צו געהן אויף גאָט'ס וועג און צו היטען זיינע מצוות, וועט זיין גוט איהם און זיין פאָלק.

דער מלאך האָט זיך אויך בעוויזען צום פאג און אָנגע־זאָגט דאָס זעלבע. זייער גלויבען איז געוואָרען שטארקער ווען זיי האָבען בעזיעגט אדארבייזשאן, איינגענומען די הויפט־שטאָדט ארדאבאל און פערנומען א סך גאָלד און זילבער.

דעמאָלט האָבען בולאן און דער פאג בעשלאָסען צו בויען א הויז פאר גאָט. זיי האָבען אָבער נישט געוואוסט פאר וועלכען גאָט.

זענען דעמאָלט געקומען צו בולאן שלוחים פון באגדאדער כאליף און פון ביצאנטישען קייסער און זיי האָבען איהם פאָרגעלייגט אָנצונעמען זייערע גלויבענס. בולאן האָט זיי אויסגעהערט בעזונדער און אויך געהערט ווי זיי שפּארען זיך וועמעס גלויבען איז ריכטיגער.

דעם כאליף׳ס שלוחים האָבען געלויבט די מאכמאדאני־שע אמונה און אויסגערעדט אלדאָס־בייז אויף דער קריסט־ליכער. די קריסטען האָבען געטאָן פערקערט.ביידע האָבען אָבער צוגעגעבען, אז זייערע גלויבענס זענען בעגרינדעט אויף דער אידישער אמונה. פון אידען האָבען ביידע א סך געלערנט.

האָט בולאן געבראכט א אידישען געלערנטען, רבי יצחק סאנגארי, און די דריי גלויבענס־פערטרעטער האָבען געהאַל־טען ויכוחים.

ענדליך האָט דער כאקאן געזאָגט דעם כאליף׳ס און דעם קייסער׳ס שלוחים:

— איהר גיט צו, אז אייערע רעליגיעס זענען בעגרינדעט אויף דער אידישער אמונה, געפעלט מיר דערפאר די אידישע בעסער.

דעם זעלבען טאָג האָבען זיך מגיר געווען בולאן, דער פּאַג און אלע מיניסטאָרען. מיט זיי האָבען זיך מגיר געווען א סך פון פאָלק. א גרויסע צאָהל איז אָבער פערבליבען ביי זייערע פריהריגע גלויבענס. בולאן האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז יעדער מעג פריי דינען זיינ גאָט.

א שפּעטערער כאקאן, בולאן׳ס אן אור־אייניקעל, עובדיה, האָט אנגעווענדעט זיין גאנצען כח צו פערשפּרייטען די אי־דישע אמונה אין זיין קעניגרייך. ער האָט געלאָזט ברענגען אידישע חכמים פון בבל מיט ספרי תורה׳ס צו לערנען מיט די כוזרים. ער האָט געבויט א סך שוהלען און בתי מדרשים און זיי געלערנט צו זיין ווי אמת׳ע אידען.

עס זענען אריבער א צוויי הונדערט און פופציג יאָהר. די כוזרים האָבען זיך שטארק געענדערט. זיי זענען שוין נישט בעפאלען קיין פרעמדע לענדער. זיי זענען געוואָרען ערד־ארבייטער. זיי האָבען אָבער געהאט א געדונגענע ארמעע פון מאכמאדאנישע סאָלדאטען. דער פעלדמארשאל איז אויך גע־

ווען א מאַכמאַדאַנער. מיט דער אַרמעע האָבען זיי אָנגע־האַלטען זייער מאַכט אויף די שכנישע פעלקער, איינער זאָל נישט בעפעלען דעם צווייטען און אויפצומאַנען די צינזען.

ווען אליהו בן יצחק איז אָנגעקומען צו די כוזרים איז געווען קעניג יוסף בן אהרן, דער דרייצעהנטער דור פון די אידישע קעניגען. ער האָט געהאַט א יונגען אומפערהייראַטען זוהן דוד. דער קעניג מיט'ן זוהן זענען געווען בעריהמט און בעליעבט ביי אַלעמען.

אין אייטעל האָט אליהו זיך בעזעצט אין אידישען קוואַר־טאַל, אויף דער גאַס וואָס פיהרט צום גרויסען מאַרק. אין א קליין הייזעל פון עטליכע צימערן האָט אליהו זיך בעזעצט מיט זיין שוועסטער מרים און איהר ערציהערין. זיי האָבען גע־האַט א קליינעם גרינס און בלומען גאַרטען. זייער הייזעל איז געשטאַנען נישט ווייט פון פאַלאַץ גאַרטען, וואָס האָט געהערט צו א הויכען גענעראַל.

מרים איז איינגאַנצען אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר. ווי א קינד פון מזרח איז זי שוין געווען גוט ענטוויקעלט און רייף. זי האָט אויסגעזעהן ווי א בליהענדער טייטעלבוים. צו איהר וואונדערליכער שעהנקייט האָט זי זיך אויסגעצייכענט מיט איהרע גאָלד בלאָנדע האָר און הימעל־בלויע אויגען.

דאָס איז געווען א סימן, אַז זי שטאַמט פון דער אידישער קעניגליכער פאַמיליע. אַזוי האָבען אויסגעזעהן מרים די חשמונאית, בעראַניקאַ, די קליינע אביגיל, פנינה די קעניגין פון תימן און די העלדישע צאינא.

און ווי שעהן מרים איז געווען אַזוי איז זי געווען קלוג און גוטהערציג. און אַז זי איז געגאַנגען איבער דער גאַס האָבען אַלע זיך אָבגעשטעלט קוקען אויף איהר און זי שטאַרק בעוואונדערט.

זי איז אָבער זעלטען געגאַנגען אין גאַס. זי איז געווען פערנומען אין הויז און גאַרטען. זי איז געווען א שעהנע בלום און בלומען זענען געווען איהר לעבען. זי האָט אָבגעהיט די בלומען אין גאַרטען און געוועבט און געשטריקט טעפּיכער, פאַרהאַנגען און טיכלעך מיט די זעלטענסטע געמעלען.

הוסין באַג, דער גענעראַל, פלעגט קוקען פון זיין גאַרטען און זעהן ווי זי גיט זיך אָב מיט די בלומען־בייטען אין קליי־

נעם גערטענדעל, האָט ער געשיקט זיין שוואַרצע דינסט צו איהר און איהר פאָרגעלייגט געהן אין זיין גאַרטען און זיך אויסקלייבען די שענסטע בלומען צו פערזייהען אין איהר גערטענדעל.

מרים האָט נישט געוואָלט געהן אין גרויסען גאַרטען, האָט הוסין באַג איהר צוגעשיקט אַ בוקעט טייערע בלומען, האָט זי נישט געוואָלט זיי אָננעמען. דעמאָלט איז הוסין באַג אַליין געקומען. ער איז אַלט געווען פינף און דרייסיג יאָהר. הויך און דאַר. איינגעהילט אין אַ גרין־זיידען מאַנטעל מיט אַ זילבערן גאַרטעל. אויפ'ן גאַרטעל האָט געהאַנגען אַ לאַנ־גע שווערד מיט אַ זילבערן הענטיל בעזעצט מיט ברילִיאַנ־טען.

אליהו און מרים זענען געווען אין הויז ווען הוסין באַג איז אריין און פערנייגט זיך פאַר זיי.

— איך האָב די עהרע זיך פאָרצושטעלען פאַר אייך אַלס נאָהנטער שכן — האָט הוסין באַג געזאָגט — איך בין אייער דינער הוסין באַג, רייטער־גענעראַל. איך בין ערשט געקומען אהיים. איך בין געווען ביים יאַאיק (אוראַל) אין נאָמען פון קעניג איינצושטילען די פשאשנייגער, וואָס ווילען אַטאַקירען זייערע שכנים.

קיין מאָל בין איך נישט געווען אַזוי צופרידען מיט מיין וואוינונג און גאָרטען ווי היינט. איך האָב געפונען דאָ אַזעל־כע טייערע שכנים. מיין דינסט האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר רעדט מיין מוטער־שפּראַך אַראַביש. דאָ זענען דאָ זעהר זעהר ווייניג מענשען וואָס רעדען אַראַביש. איך בין זעהר צופריעדען מיט אייך און האָף, אַז איהר וועט אננעמען פאַר ליעב מיין פריינדשאַפט.

— איך דאַנק אייך זעהר — האָט אליהו זיך אָנגערופען

— איך פרעה מיך אויך צו געפינען דאָ אַזאַ גוטען און בכבוד'ען שכן וואָס רעדט מיין שפּראַך.

מרים האָט נישט געענטפערט, נאָר צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך בין גליקליך מיט אייער ענטפער — האָט דער גענעראַל געזאָגט אליהו'ן — אָבער וואָס שווייגט אייער איידעלע שוועסטער? מיר וואָלט געווען זעהר אָנגענעם צו

הערען פון איהרע בע'חנ'טע ליפען מיין מוטער־שפראך. איך האָף, אז זי וועט מיך בעהאַנדלען ווי א שכן און נישט אַנט־לויפען פאר מיר ווען איך וויל זי בעהערען ווי זי פערדינט.

מרים האָט זיך גרינג פערנייגט און געזאָגט:

— איך וועל אייך אָבגעבען גרוים כבוד ווי א גוטער שכן וואָס איז אן עהרע פאר אונז, ווען איהר וועט מיך נישט בע־לעסטיגען מיט בוקעטען בלומען. צופיעל נאָהנטקייט דער־ווייטערט.

— איך האָב נישט קיין מוטה מיט אייך זיך צו שפּארען

— האָט הוסין באג זיך אָנגערופען — ווי קען א שפּין אָהן פיס קאָנקורירען מיט א שנעלע אינדיין? איך האָף אָבער אַז איהר וועט מיך נאָך דערקענען צום גוטען, איהר וועט מיך בעלייכטען ווי די זון און מיינע בלומען וועלען אייך זיין אנגענעם. אַלס צייכען פון פרידען בעט איך נאָר אז איהר זאָלט האַלטען מיין גאַרטען ווי ער וואָלט געווען אייערער. איהר קענט געהן שפּאַצירען אין די אַלעען מיט אייער געעהר־טען ברודער אָדער אייערע פריינדינס. די טיר פון גארטען בלייבט תמיד אָפען פאר אייך. איך וועל קיינמאָל נישט צו־געהן צו אייך, ווען איהר וועט זיין אין גארטען ביז איהר וועט מיך בעעהרען און רופען.

הוסין באג האָט זיך פערנייגט פאר מרים'ען, אָנגענומען אליהו'ן פאר'ן ארעם און איהם מיטגעבעטען מיט זיך צו ווייזען איהם זיין הויז.

---

געפיהרט פון הוסין באג איז אליהו געגאַנגען איבער'ן גארטען אין זיין פּאַלאַץ אוז געבליבען פערוואונדערט פון זיין רייכקייט. עס האָט זיך געבלענדט די אויגען. הוסין באג האָט איהם געבעטען ער זאָל זיך אויסקלייבען א טייערע זאך פאר אן אנדענקען.

אז אליהו האָט זיך אָהגעזאָגט דערפון האָט הוסין באג אראָפּגענומען א טייערן רינג פון פינגער און אָנגעטאָן אליהו'ן.

— האַלט דאָס יאר אז אנדענקען — האָט הוסין באג איהם געבעטען — און רעכענט מיך פאר א גוטען פריינד, אן אייגענעם ברודער.

זיי האָבען זיך דיערציג געזעגענט. די סאָלדאַטען האָבען געזעהן ווי זייער גייערעל ניט אָב גרויס כבוד אליהו׳ן, האָבען זיי זיך אויפגעשטעלט פאר איהם און געשטאַנען גלייך אויסגעצויגען ביז ער איז פטרבייגעגאַנגען. אויפגעלייגט און שטאַרק צופרידען איז אליהו צוריק אריין אין הויז.

זיין פרייד איז אבער געווען פערשטערט ווען ער האָט דערזעהן מרים׳עו אַן אויפגערעגטע. ער האָט מיט שרעק געפרעגט:

— וואָס איז געשעהן? וואָס ביזטו אויפגערעגט, מרים?

— דאָ איז גאָר נישט געשעהן — האָט זי געענטפערט — מיך פערדריסט נאָר וואָס דו האָסט אַזוי לייכטזיניג זיך בעפריינדעט מיט אַ מאַן וואָס עס וואָלט געווען געזינטער פאר אונז, ווען מיר האָלטען זיך פון איהם פונוויטענס.

— וואָס פאר אַ שלעכטס האָסטו געפונען אין דעם גרויסען מאַן וואָס גיט אונז אָב אַזוי פיעל כבוד?

— וואָס פאר אַ גוטס האָט דער גרויסער מאַן אין אונז דערזעהן, אַז ער איז אַזוי פלוצלינג געוואָרען צוגעבונדען צו אונז? — האָט מרים צוריק געפרעגט.

— ער האָט דאָך געזאָגט ווייל מיר רעדען אַראַביש — האָט אליהו איהר דערקלערט — מענשען פון איין לאַנד דערפרעהען זיך ווי לייבליכע ברידער, ווען זיי טרעפען זיך אין דער פרעמד.

— איך וואָלט געוואָלט זאָלסט מיר דערקלערען דעם וואונדער — האָט מרים געפאָדערט — דו ווייסט דאָך, אַז די אַראַבער און כוזרים האָבען זיך שטענדיג פיינט. ווי אַזוי האָט ער פעררעטעז זיין פאָלק און איבערגעגאַנגען צום פיינד? אַן ערנטליכער מענש טוט נישט אַזוי.

— אַזוי לאַנג ווי מיר ווייסען נישט זיין לעבענס־געשיכטע ווייסען מיר נישט וואָס עס האָט איהם געבראַכט דערצו און מיר האָבען קיין רעכט איהם נישט צו בעשולדיגען. ער איז אַזוי גוט צו אונז, האָב איך איהם ליעב.

— און איך האָב איהם פיינט פון בלויסען זעהן — האָט מרים פעסט דערקלערט — אין זיינע אויגען האָב איך דערקענט די ביטרעקייט פון אַ פוקס, פאַלשקייט פון אַ קאַץ און דאָס גרויזאַמקייט פון אַ לעמפּערט. אַן ערנטליכער מענש

חנפ'עט נישט. זיינע זיסע רייד האָבען מיך געעקעלט.

— ביזט גערעכט, טאָכטער מיינע — האָט זיך אריינ־געמישט איהר ערציהערין שרה — א גלאַטע צונג איז פאַלש. אליהו, דו האָסט אַ טעות, אויב דו דענקסט אז ער איז דיר אַ גוטער פריינד, ווייל דו רעדסט אראַביש. ער לויערט אויף מרים'ען. דורך דיר וויל ער זי פאַנגען אין זיין נעץ. זיי פאָר־זיכטיג, געה נישט צו איהם, וועט ער נישט קומען אַהער. מרים, איך בין זיכער, אז דו וועסט נישט אריינגעהן אין זיין גארטען, ווער ווייס וואָס פאר א נעץ ער גרייט דאָרט פאר דיר?

די אַלטע שרה איז געוועהנט געוועזן צו רעדען מיט זיי ווי אַ מאמע מיט קינדער. אליהו האָט איהר פערשוויגען וואָס זי מישט זיך אריין און מרים איז געוועזן שטאַרק צופריעדען פון איהרע רייד און זי האָט צוגעגעבען:

— איך גלויב, אַז דאָס בעסטע וואָלט געוועזן מיר זאָלען זיך אויסזוכען אַן אנדערע וואוינונג, מיר וועלען זיין ווייט פון דעם שלעכטען שכן און בעהיט פון אַן אומגליק.

אליהו איז געוואָרען אויפגערעגט און געשריגען:

— וואָס עס פאַלט איין די נארישע פרויען! וואָס שרעקט איהר זיך? פאר וועמען האָט איהר מורא? ווען אפילו איהר זענט גערעכט, אז ער טראָגט ארום מיט זיך א בייזען געדאַנק, וואָס פאר א בייז קען ער אונז טאָן אין א לאַנד וואו דער קעניג איז א איד? מיר זענען דאָך נישט אין באַגדאַד. מיר לעבען נישט אונטער דעם סולטאַן, נאָר אונ־טער אַ אידישען מלך. דאָ רעגירט גערעכטיגקייט.

— אמת, דאָס ווייסען מיר. דאָס האָט אונז דערצעהלט אַ יונגערמאַן וואָס איז דאָ געוועזן ווען דו ביזט געוועזן בייב גראַבער — האָט שרה געזאָגט און געקוקט אויף מרים'ען.

מרים איז שטאַרק רויט געוואָרען און אליהו האָט גע־פרעגט:

— ווער איז דער יונגערמאַן? וואָס האָט ער דאָ געטאָן?

מרים האָט אראָפּגעלאָזען די אויגען און געזאָגט:

— א קעניגליכער בעאַמטער. ער איז געקומען געוואָהר ווערען ווי מיר פיהלען זיך דאָ, און ער האָט אויך געפרעגט צו דו ווילסט אַן אמט וועסטו בעקומען.

— וואָס פאַר א גוטס האָט דער דאָזיגער מאַן דערזעהן אין אונז? וואָס ער איז פּלוצלונג געקומען געוואָהר ווערען וואָס מיר מאַכען און ער זאָרגט זיך פאַר מיר? — האָט אליהו זי געפרעגט מיט די זעלבע ווערטער וואָס זי האָט איהם געפרעגט וועגען הוסין באג.

— דער מאַן האָט זיך נישט געזוכט קיין אויסרייד אַז ער וויל זיין אונזער פריינד ווייל מיר רעדען העברעאיש אָדער אַראַביש, נאָר אונזער אמונה וואָס איז אויך זיין אמונה האָט איהם געבראַכט צו זאָרגען פאַר אונז.

— און וואָס האָסטו געזעהן אין זיינע אויגען? — האָט אליהו ווייטער געפרעגט.

— עהרליכע אויגען, פון א ריין הארץ און אַן עהרליכע גוטע נשמה מיט א ליכטיג פּנים — האָט מרים געענטפערט רוהיג.

— ער איז א גליקליכער, אויב ער איז דיר געפעלען, שוועסטער. און וואָס האָסטו איהם געענטפערט וועגען אַן אמט פאַר מיר?

— גאָר נישט. אָהן דיר האָב איך גאָר נישט געוואָלט זאָגען. איך האָב איהם נאָר געזאָגט, אַז דו ביזט אריין צו הוסין באג. און ווי ער האָט דאָס דערהערט איז ער געוואָרען בלאַס און שפּעטער שטאַרק רויט. ער האָט גאָר נישט געזאָגט וועגען דעם, נאָר אַז ער האָט איצט קיין צייט נישט. מאָרגען אין דערזעלבער צייט וועט ער ווידער קומען און ער האָפט דיך צו טרעפען און רעדען מיט דיר.

— איך האָב איהם דערצעהלט אייער יחוס — האָט שרה זיך אָנגערופען — מרים האָט זיך געבייזערט און געזאָגט אַז איך בין אַן אַלטע פּלוידערין. איך האָב אָבער נישט געקוקט אויף דעם און איהם געזאָגט, אַז איהר שטאַמט פון דוד המלך. זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען און דאָס פּנים אויפגעשיינט פאַר פרייד און ער האָט געזאָגט אַז ער געהט אָנזאָגען די גוטע בשורה דעם קעניג און דערפרעהען זיין הארץ. ער האָט זיך האַרציג געזעגענט מיט אונז און אוועקגעגאַנגען. געדענקט, קינדער! איך בין זיכער אַז דער קעניג יועט אייך שטאַרק דערהויבען. אויף מיינע עלטערע יאָהרען וועל איך נאָך דערלעבען צו זעהן אייער גרויסען כבוד!

דעם זעלבען אווענד האָט אליהו זיך איבערציי׳גט, אז מרים און שרה זענען גערעכט. פארנאַכט איז אריינגעקומען צו זיי הוסין באַג און ווידער זיי געמאַכט א סך קאָמפּלימענ־טען און זיי פערבעטען צו זיך אין גאַרטען.

אליהו האָט גלייך איינגעוויליגט, מרים האָט אָבער נישט געוואָלט געהן. אליהו האָ׳ זי אָבער נישט אָבגעלאָזט און זי האָט נאָכגעגעבען.

אין דרייען זענען זיי אריין אין גאַרטען. זיי זענען גע־גאַנגען אין די אַלעען און זיך אָנגעטרונקען מיט דעם ריח פון די טייערע בלומען. זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט אויף געפלאָכטענע בענק און הוסין באַג האָט זיי דערצעהלט פון זיין העלדישקייט אין פערשיידענע מלחמות.

עס איז געוואָרען אווענד, האָט מרים געזאָגט אז זיי דארפען שוין געהן אהיים, הוסין באַג האָט זיי אָבער קוים פערהאַלטען זיי זאָלען טרינקען א בעכער שארבעט. ער האָט געגעבען א פּאַטש מיט די הענד און די שווארצע דינסט האָט ארויסגעבראַכט אויף א זילבער׳ טאַץ דריי גאָלדענע בעכער מיט זילבערנע לעפעלעך.

זי האָט זיי דערלאַנגט די בעכערס און אליהו איז געווען שטאַרק דרשטיג, האָט ער אויסגעטרונקען דעם בעכער מיט אמאָל. מרים האָט נאָר פערזוכט א ביסעל און געבעטען אליהו׳ן געהן אהיים. הוסין באַג האָט אָבער געטרונקען פּאַ־מעליך, האָט אליהו געזאָגט ער וועט ווארטען ביז הוסין באַג וועט אויסטרינקען.

אליהו האָט זיך געוואָלט אויפשטעלען, ער האָט זיך אָבער נישט געקענט ריהרען. די הענד אָהן מאַכט, די פיס ווי געשמידט אין קייטען, דער קאָפּ שווער ווי א שטיין און אין די אויערן האָט איהם שטאַרק גערוישט.

אין דעם גערויש האָט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט מרים שרייט און רופט איהם, שרה שרייט און בעט הילף, ער האָט אויך געהערט א געפייפעריי, געוועהר קלינגען און גרויס קריגעריי. ער האָט געוואָלט פערשטעהן וואָס דאָ קומט פאָר, די געדאַנקען האָבען אָבער גאָר נישט געקענט פער־נעמען.

אליהו איז אומגעפאַלען און פערזונקען אין א טיפען

שלאַף. אויף הוסין באג׳ס בעפעהל האָט די שווארצע דינסט אריינגעטאָן שלאַף־טראַנק אין זיין בעכער און אזוי ווי ער איז איינגעשלאָפען האָט הוסין באג ארומגעכאַפּט מרים׳ען, די שווארצע דינסט האָט איהר פערבונדען די אויגען און פערשטאָפּט דאָס מויל און זי אוועקגעטראָגען אין זיין הויז.

אין באלאנגאר זענען דעמאָלט אָנגעקומען שלוחים פון די רוסען אין קיעוו מיט א מתנה פאר׳ן קעניג פון די כוזרים, א שווערד פאר יעדען איינוואוינער. צווישען די רוסישע שטאַמען איז אָנגעגאַנגען א גרויסע קריעג. ביצאַנץ האָט זיי אָנגערייצט איינס אויף דאָס אנדערע זיי זאָלען ווערען אָבגעשוואַכט פון זייערע אייגענע רייסערייען.

די כוזרים האָבען גרינג געקאָנט פערנעמען די רוסישע לענדער, נאָר זייט דער קעניג און א גרויסע טייל כוזרים זענען געוואָרען אידען, האָבען זיי אויפגעהערט פיהרען מלחמות און זיי האָבען זיך בעגנוגענט מיט דעם צינז וואָס די רוסען האָבען זיי געצאָהלט.

די רוסישע סוחרים האָבען אויך געצאָהלט די כוזרים א גרויסען אָבצאָהל פון אלע סחורות, וואָס זיי האָבען געבראַכט נאָך אייטעל. זיי האָבען אריינגעפיהרט פעל, האָניג, וואַקס, תבואה און קנעכט און דינסטען. די רוסען האָבען געקויפט ביי די כוזרים גאָלד און זילבער־ארבייט, ליינען און באוועל, געווירצען און מעדיציניש פראָדוקטען, צירונג, געוועהר און זאָטלען.

די סוחרים האָבען עהרליך געצאָהלט זייער אָבצאָהל ביז די וואריאגישע פירשטען האָבען אָנגעהויבען פעראייניגען די רוסישע שבטים זיי אויפגעהערט צאָהלען צינזען.

אין די צייטען פון אליעג און איגאר האָבען די רוסען בעקומען א צוטריט נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל. די ביצאנצישע הויפט־שטאָדט, זיי האָבען א פּאָר מאָל בעפאלען די שטאָדט און די ביצאנטישע הערשער האָבען איינגעוויליגט אריינ־צולאָזען די רוסישע הענדלער און זיי גוט אויפנעמען.

האָבען די מעהרסטע רוסישע סוחרים אויפגעהערט קומען צו די כוזרים. נאָר אז איגאר איז צושלאָגען געוואָרען פון די אזערבייזשאנער און זיין ווייב אלגא האָט איבערגענומען

די רעגירונג האָט ביצאַנץ ווידער פערבאָטען די רוסען אריינ־צוקומען.

דערפאַר זענען די פאָליעסער געקומען מיט די צינזען צו די כוזרים בעטען מען זאָל זיי ווידער אריינלאָזען האנד־לען. לכבוד זיי איז דאָס כוזרים מיליטער ארויסגעריטען פאַר׳ן קעניגליכען פּאַלאַץ. דער קעניג יוסף איז ארוים צוזא־מען מיט די מיניסטאָרען און גענעראַלען צו מושטירען דאָס מיליטער אין געגענווארט פון די רוסישע פערטרעטער.

די רוסען האָבען געהאַט אַ בעזונדער אָרט פון וואַנען זיי האָבען אַלץ געקענט גוט זעהן. די רוסען זענען געווען הויך, ברייטפּלייציג מיט גרויסע וואָנסעס און לאַנגע בערד. די פּנים׳ער אָבגעברענט און שפּיציגע קינבאַקען, טונקעל־רויטע האָר, גרויע אויגען, קורצע פעררימענע נעזער, גראָבע, פליי־שיגע נאַקענס און געבויט ווי פון שטאָל.

זיי זענען געגאַנגען איינגעהילט אין גראָבע קאָלדרעס פערשפּילעט אויף דער רעכטער פּלייצע. אונטער דער קאָלדע־רע האָבען זיי געטראָגען פיעל־פארביגע העמדלעך ביז איבער די הויזען. אַ גראָבען וואָלענעם גאַרטעל אויף׳ן העמדעל פער־בונדען מיט אַ גראָבען קנופּ. אויף די קעפּ האָבען זיי גע־טראָגען גרויסע פוטערנע היט.

הינטער זיי זענען געשטאַנען זייערע קנעכט און געהאַל־טען רוסישע פּרוכטען און געפיהרט וואָגענס מיט קורצע צוויי שאַרפיגע שווערדען.

דער קעניג יוסף איז פערבייגעריטען דאָס מיליטער און צוגעקומען צו די מאכמאדאנישע רייטער, האָט ער געפרעגט איינעם פון די בעאַמטע, פאַרוואָס הוסין באַג איז דאָ נישטאָ?

— מיר ווייסען נישט, קעניג — האָט דער בעאַמטער געענטפערט — ער האָט אונז געהייסען געהן פריהער, ער וועט באַלד נאָכקומען.

— זאָל מיין פאָטער, דער קעניג, מיר דערלויבען געהן זעהן וואָס מיט הוסין באַג איז געשעהן. ער האָט קיינמאָל נישט פערשפּעטיגט, עפּיס מוז דאָך האָבען פּאַסירט! — האָט געזאָגט דעם קעניג׳ס זוהן דוד.

דער קעניג האָט איהם דערלויבט און ער האָט מיטגענו־מען צעהן גוואַרדיסטען און אוועק צו הוסין באַג׳ס הויז.

נאכדעם ווי דער קעניג האט מושטירט די ארמעע האט מען די רוסישע געסט אריינגעפיהרט אין פאלאץ און זיי גע־געבען א מאָלצייט. די רוסען האבען געגעסען א סך. נאָכמעהר האבען זיי געטרונקען. זיי האבען געהאלטען אין איין טרינ־קען ביער און מעד און זיך געלאָזט וואוילגעהן.

אינמיטען עסען איז אריינגעקומען דער קעניג מיט זיין סוויטע זיי צו בעגריסען און האָבען געפרעגט אויף דער פירש־טין אלגא און איהר זוהן סוויאטאָסלאוו. די אלטע רוסען האַ־בען דערצעהלט וואונדער פון אָלגאן ווי זי האט גענומען שרעקליכע נקמה פאר איהר געטויטעטען מאַן.

מאלאָ דער פירשט פון אזערביישאן האָט זיך פערליעבט אין אלגא׳ן און געשיקט צו איהר שלוחים זי בעטען זי זאָל קומען צו איהם און ווערען זיין ווייב. אלגא האט די שלוחים בעגראָבען לעבעדיגערהייט לעבען איהר פאלאץ און געשיקט אנזאגען מאלא׳ן אז זי וועט נישט קומען צו איהם ביז ער וועט שיקען נאָך איהר זיינע מיניסטאָרען.

מאלא האָט אזוי געטאָן. ווען די מיניסטאָרען זענען גע־קומען האָט אלגא זיי נישט געוואָלט אויפנעמען ביז זיי וועי־לען פריהער געהן אין באָד. אז זיי זענען אריין אין באָד האָט זי אונטערגעצונדען די באָד און זיי פערברענט לעבעדיגער־הייט.

דערנאָך האט זי געשיקט אנזאגען מאלא׳ן אז זי קומט. ער זאָל נאָר אנגרייטען א סך ביער און מעד אויפ׳ן אָרט וואו איהר מאַן איגאר איז אומגעקומען. זי וועט איהם פריי־הער בעוויינען און דערנאָך מאכען א מאָלצייט אויף זיין קבר. וועט זי זיין פריי צו קענען חתונה האבען מיט מאלא׳ן.

מאַסען אזערבייזשאנער זענען געקומען צום קבר. זיי האָבען אָנגעגרייט אַ סך ביער און מעד. אלגא איז געקומען מיט איהרע לייט און בעדיענט די אזערבייזשאנער און זיי גוט אנגע׳שיכור׳ט און שפעטער אַלעמען אויסגעקוילעט.

דעמאָלט האָט אלגא געשיקט סוויאטאָסלאוו׳ן מיט אַ גרויסע אַרמעע אויף אזערבייזשאן און איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד, נאָר די הויפטשטאָדט קאראסטין האָט זיך גע־האלטען פעסט. א גאנצען זומער האט סוויאטאסלאוו בעלאַ־גערט די שטאָדט און זי נישט געקענט איינגעמען .איז אלגא געפאלען אויף א פלאן.

זי האָט געלאָזט וויסען די שטאָדט-לייט אז זי וויל שלי־
סען שלום. נאָר יעדער זאל איהר שיקען דריי טויבען
און דריי פייגעל פון א הויז. די קאראסטינער האבען זיך דער־
פרעהט, עס וועט ווערען פרידען און זיי האבען ארויסגעשיקט
די טויבען און פייגעל.

אָלגא האט געהייסען אנבינדען ברענענדיגע קנויטען אן
די פליגלען פון די טויבען און זיי געטריבען אין שטאָדט
אריין. די טויבען מיט די ברענענדיגע קנויטען זענען צוריק־
געפלויגען אין זייערע נעסטען, די הייזער האבען זיך אנגע־
צונדען און די גאנצע שטאָדט איז געשטאַנען אין פייער.

אז די שטאָדט לייט זענען זיך צולאָפען פון דער שרפה
האָט סוויאטאָסלאוו זיי אלעמען דער'הרג'עט.

די רוסישע געסט האבען דערצעהלט די געשיכטעס דעם
קעניג און דער קעניג מיט זיין סוויטע האבען זיך שטאַרק
צוגעהערט. דערנאָך זענען זיי אריין אין קעניג'ס בעראטונגס־
צימער און איינער פון די עלטסטע ראטגעבער האט זיך אנ־
גערופען:

— דער קעניג זאָל לעבען אייביג האָט אלץ געהערט,
אלגא איז מוטיג און העלדיש. די רוסען זענען שטאַרק און
פעסט. אלגא גיט זיך שטארק אָב מיט דער ערציהונג פון
איהר זוהן סוויאטאָסלאוו. ווען סוויאטאָסלאוו וועט אויס־
וואקסען און פעראייניגען די רוסישע שבטים, וועלען זיי זיין
א גרויס און שטאַרק פאָלק. נישט נאָר וועלען זיי אויפהערען
אונז צאָהלען צינזען, נאָר זיי וועלען אונז נאָך דערקלערען
קריעג.

— האט דער קעניג געזעהן די צוויישארפיגע שווערדען
וואָס זיי האָבען אונז געבראכט? — האָט א צווייטער גע־
זאָגט — דאָס איז א צייכען אויף קריעג.

דעם קעניג'ס פנים איז געוואָרען טונקעל און ער האט
געפרעגט:

— וואָס איז אייער עצה?

— מיין עצה איז—האט דער ערשטער געזאגט—מיר זא־
לען געפינען מענשען וואס קענען גוט סלאוויש און זיי שי־
קען צו די רוסען, זיי זאלען אויפרייצען די רוסען איינעם

אויפ׳ן אנדערן, וועלען זיי זיין פערנומען מיט אינערליכע רייסערייען און נישט ווערען מעכטיג.

— דאָס איז א טייוולישע עצה, וואָס פּאַסט פּאר ביצאַנץ, פאר די גריכען, נישט פאר אונז. דאָס הייסט צו בעגעהן אַ מאָרד אויף א גאַנץ פאָלק—האט דער קעניג געזאגט.

— מיר דארפען האבען א גרעסערע ארמעע, בעפעסטיגען אונזערע פעסטונגען צו קענעןביישטעהן קעגען יעדען פיינד—האט א צווייטער זיך אנגערופען.

— איך האב שוין לאנג געווארנט דעם קעניג—האט א דריטער געזאגט—אז אונזער ארמעע זאל בעשטעהן פון אונזערע לייט, קינדער פון אונזער פאָלק און גלויבען. אויף פרעמד מליטער וואס איז געדונגען קען מען זיך נישט פערלאָזען אין קריעגס צייט.

— דאס וויל שטארק מיין זוהן דוד—האט דער קעניג געזאגט—איך וויל עס אבער נישט. די וואס גלויבען אין אידישען גאָט זענען אין א קליינע צאָהל. ווען מיר אריינגעהמען אין דער ארמעע מענשען פון פערשיעדענע גלויבענס וועלען זיי זיך ארומקריגען און אנשטאט צו שטעהן פאראייניגט געגען שונא, וועלען זיי זיין צוריסען צווישען זיך. מיר קענען אויך נישט פערגרעסערן די ארמעע פון די געדונגענע פרעמדע. מיר וועלען מוזען לייגען שווערע צינזען אויף די איינוואוינער אויסצוהאלטען די גרויסע ארמעע. מיר דארפען נישט זוכען קיין נייע איינפיהרונגען. מיר האבען פרידען אין לאנד, מיט די שכנים האבען מיר אויך שלום. מיר דארפען נאָר בויען נאָך עטליכע פעסטונגען אויף די גרעניצען.

לאָמיר אָנהאלטען פרידען מיט אלע שכנים און בעזונדער מיט די רוסען. איך וויל שיקען גרויסע מתנות מיט די רוסישע פערטרעטער פאר אלגא׳ן און איהרע מיניסטאָרען און מיר וועלען האָבען שלום.

דער קעניג האָט זיך אויפגעהויבען. די בעראטונג איז געענדיגט. די ראטגעבער האָבען זיך אויפגעשטעלט און פערנייגט און גרייט געווען אװעקצוגעהן, איז פלוצלינג אריינגעלאָפען דער קרוין־פרינץ דוד און אויפגערעגט געשריגען:

— א שענדליכע זאך איז געשעהן ! הוסין באג, דער אראבישער רייטער־גענעראל, האט געטאן שלעכטס צו א אי־דישע פאמיליע, וואס איז ערשט געקומען אהער פון באג־דאד. ווען איך קום נישט אין צייט און צושטער נישט זיין בייזען פלאן, ווער וויים וואס מיט דער פאמיליע וואלט גע־שעהן !

אלע האבען זיך דערשראקען און דער קעניג איז געבלי־בען הערען די געשיכטע. און דער קרוינפרינץ האט דערצעהלט אלסדינג וואס ער האט געהערט פון מרים'ן און שרה'ן. אליהו האט נישט געקענט רעדען צו איהם, האט דוד דערצעהלט, ווייל ער איז נאך אלץ צומישט פון דעם שלאף־טראנק וואס הוסין באג האט איהם איינגעגעבען.

---

אזוי ווי הוסין באג האט פערבעטען צו זיך אליהו'ן און מרים'ן, האט די אלטע שרה נישט געקענט איינרוהען. זי איז אוועק אין גארטען און שטילערהייט זיי נאכגעגאנגען ביז זיי זענען אריין אין דעםביידעל. זי האט זיך בעהאלטען צווישען די בוימער ארום ביידעל און געווארט ביז זיי וועלען ארויס.

דערווייל האט זי דערזעהן ווי די שווארצע דינסט טראגט די דריי בעכערס, האלטענדיג איין בעכער בעזונדער. דאס האט זי געוואונדערט און זי האט מורא געהאט, אז עפעס בייז וועט דא טרעפען.

פלוצלינג האט זי דערהערט א געשריי וואס איז גלייך גע־ווארען דערשטיקט. מיט א געשריי איז זי אריינגעלאפען אין ביידעל און דערזעהן הוסין באג און די שווארצע דינסט שלע־פען מרים'ן. האט זי זיך ארויפגעווארפען אויף זיי און גע־וואלט ארויסרייסען מרים'ן. האט הוסין באג ארויסגעכאפט א מעסער און זי געוואלט דערשטעכען.

אין דער רגע איז אנגעקומען דער קרוינפרינץ דוד מיט זיינע גווארדיסטען. דוד איז געווען אין הוסין באג'ס הויז, האט ער דארט קיינעם נישט געטראפען, איז ער אוועק אין גארטען און דערהערט שרה'ס געשרייען. איז ער געלאפען נאך'ן קול.

הוסין באג האָט איהם דערזעהן, האָט ער אויפגעשווידערט און מיט שרעק אויסגערופען:

— דער קרוינפרינץ!!

ער האָט אָבגעלאָזט מרים'ן. זי איז אומגעפאלען און אז זי האָט געעפענט די אויגען האָט זי דערקענט דוד'ן, אז ער איז דער יונגערמאַן וואָס איז נעכטען ביי איהר געוועזן. זי איז גלייך געפאלען אין חלשות און דוד מיט שרה'ן האָבען זי אריינגעטראָגען אין הויז. שפּעטער האָבען זיי אויך אריינ־געטראָגען אליהו'ן.

דוד האָט בעפוילען זיינע סאָלדאַטען אריינצופיהרען הוסין באג'ן אין הויז און איהם האַלטען ארעסטירט ביז דער קעניג וועט איהם משפּט'ן.

די זעלבע נאכט זענען אָנגעקומען צוויי קארעטעס פון קעניגליכען הויף. איינע האָט מיטגענומען אליהו'ן, מרים'ן און שרה'ן אין קעניגליכען פּאלאַץ אריין און די צווייטע האָט אוועקגעפיהרט הוסין באג'ן אין געפענגניש לעבען פּאלאַץ.

---

דער הויפדאָקטאָר האָט קוים אויפגעוועקט אליהו'ן. ער האָט געוואָהר געוואָרען וואָס עס האָט פּאסירט און הארציג געדאנקט דעם קרוינפרינץ פאר זיין וואונדערליכער הילף. דער קעניג האָט איהם אויפגענומען מיט גרוים פרייד אין בעשטימט אליהו'ן פאר דוד'ס לעהרער און חבר.

צומאָרגענס האָט מען אין קעניגליכען הויף אָנגעגרייט די מתנות פאר אַלגא'ן און איהרע מיניסטאָרען. מיטאָג־צייט זענען געקומען די רוסישע פּערטרעטער זיך געזעגענען מיט'ן קעניג.

דער קעניג מיט זיין סוויטע און מיניסטאָרען זענען געוועזן אין אויפנאַם־זאַל און עס האָט זיך אָנגעפאנגען די אבשייד־צערעמאָניע. פּלוצלינג איז געוואָרען אַ טומעל אין דרויסען. פינף הונדערט אראבישע רייטער האָבען געפאָדערט דער קעניג זאָל בעפרייען הוסין באג'ן. אויב נישט, וועלען זיי איהם מיט געוואלט בעפרייען.

דער קעניג מיט די מיניסטאָרען זענען געוואָרען צוטור־מעלט. נאכגעבען די בונטאָווששיקעס איז אונמעגליך. די

סאָלדאַטען וועלען ווערען דורכדעם צולאָזען און אָפּט אַרויס־שטעלען פאָדערונגען דעם קעניג.

אָבזאָגען זיי איז אויך שווער. ווער ווייס וואָס זיי וועלען אויפגערעגטערהייט דאַ אָבטאָן ?

אין דעם איז דער קרוינפּרינץ אַרויס אויף'ן הויף און אָנגעהויבען שטאַרק פייפען. צוויי טויזענט פּערסישע ריי־טער אין פולען וואָפען זענען אָנגעריטען און אַרומגערינגעלט די אַראַבער און געוואַרט אויף דעם קרוינפּרינץ'ס בעפעהל אויסצוקוילען די אַראַבער.

דוד האָט באַלד געוואוסט, אַז די אַראַבישע רייטער ווע־לען זיך איינשטעלען פאַר זייער גענעראַל, האָט ער פריהער אָבגערעדט מיט דעם גענעראַל פון די פּערסישע רייטער, וואָס האָסען שטאַרק די אַראַבער, זיי זאָלען זיין גרייט איינצו־שטילען די צוואוילדעטע אַראַבער.

אין דער רגע האָט זיך געהערט דאָס פייפען פון א שפּאַ־ציר־שיפעל וואָס איז געפאָהרען אויפ'ן טייך לעבען פּאַלאַץ. אין שיפעל איז געזעסען מרים מיט די אַלטע שרה און דעם קעניג'ס זעכצעהן־יאָהריגע טאָכטער הדסה.

הדסה איז געווען זעלטען שעהן און אנגענעם, מיט לאַנגע צעפּ פון טונקעל פלאַקס פאַרב. א לענגליך פּנים מיט א גליי־כע נאָז, גרויע ליכטיגע אויגען, א ביסעל ברייטליך מויל און א פערשאַרצטע אויבערשטע ליפּ מיט חן־גריבעלעך וואָס לייכטען אויף פון איהר שטענדיגען גוטען שמייכעל. איהרע צייהן קליינע און שעהן ווי צוויי שנירלעך פּערל. א הויכער האַלז אויסגעטאָקט.

זי איז געווען אָנגעטאָן אין א קורצען ווייס זיידען מאַנ־טעל מיט א פּורפּורנע וועסט געוועבט מיט זילבער. אויפ'ן קאָפּ האָט זי געטראָגען א גרין זיידענע הויב מיט דימאַנטען בעזעצט. די אַרעמס בעהאַנגען מיט גאָלדענע אַרעמבענדער בעזעצט מיט ברילאַנטען און פּערל.

מיט איין האַנד האָט זי געפיהרט דעם רודער און מיט דער צווייטער געכאַפּט פיש אין א ווייסע שעהנע נעץ.

זי איז איצט צוגעפאָהרען בעגריסען איהר פאָטער דעם קעניג. איהרע דינער האָבען אָנגעבונדען דאָס שיפעל אן א מאַרמאָר זייל און זי איז געשיקט און פלינק ווי אן אינדיין

געשפרונגען איבער די מארמארנע טרעפּען פון ברעג אין פּאַלאַץ אריין.

נאָך איהר זענען געגאנגען מרים מיט שרה'ן און צוויי אינדישע דינסטען. הדסה האָט גענומען מרים'ן פאר'ן האנד און געגאנגען מיט איהר רעדענדיג העברעאיש. דער קעניג יוסף און דער קרוינפּרינץ האָבען מיט אליהו'ן אויך גערעדט נאָר העברעאיש. ווייל זיי האָבען נישט געקענט קיין אראַביש און אליהו האָט נישט געקענט קיין כוזריש.

עס איז קענטיג געוועזן אז אין די פּאָר שעה איז הדסה געוואָרען צוגעבונדען צו מרים'ן.

ווי הדסה און מרים האָבען דערהערט וואָס דאָ איז פּאָר־געקומען מיט די אראַבישע רייטער, האָבען זיי אויפגעשפּרונ־גען פאר שרעק. און הדסה איז צוגעלאָפען צום קעניג, גע־טופּעט מיט די פיס און געשריגען:

— ניין, טאַטע! איך וויל נישט מען זאָל דאָ עמיצען טויטען! דער נידריגער הוסין באַג האָט געטאָן א גרויס פער־ברעכען. זיינע רייטער האָבען אויך געזינדיגט, טרייב זיי ארויס פון דאַנען. זאָלען זיי געהן נאָך תימן און זייער נאָמען זאָל נישט ווערען דערמאָנט. מיר טאָרען נישט פערגיסען קיין בלוט! דאָס טאָר נישט געשעהן!

— א יונג מיידעל האָט קיין רעכט נישט צו מישען זיך אין רעגירונגס ענינים — האָט זיך אָנגערופען דער ראטגע־בער וואָס האָט נעכטען געראטען אויפצורייצען די סלאווען איינעם אויפ'ן אנדערן — זאָל די פּרינצעסין געהן אויף איהר אָרט און מיר וועלען בעשטראפען די מורדים און אויסרוימען דאָס בייזע.

מרים האָט דערזעהן ווי דוד רייט פּאָראויס פאר די פּער־סישע רייטער און וויל זיך וואַרפען אויף די אראַבער, האָט זי אָנגעהויבען פּאַטשען מיט די הענד און וויינען פאר'ן קע־ניג, ער זאָל איינהאַלטען דוד'ן פון פערגיסען בלוט. זי איז מוחל הוסין באַג'ן, נאָר עס זאָל נישט געשעהן קיין בייז דוד'ן.

דער אַלטער ראטגעבער איז געוואָרען שטאַרק בייז. דער קעניג האָט געקוקט אויף מרים'ן און געשמייכעלט און זיך געווענדעט צו די מיניסטאָרען:

— איך קען נישט אומברענגען די מענשען וואָס האָבען

פערגאָסען זייער בלוט פאר מיר. איך קען אָבער אויך נישט מוחל זיין זייער גענעראַל זיין פערברעכען און זייער זינד. דערפאר גיב איך אַרויס דעם דאָזיגען אורטייל :

הוסין באג מיט א העלפט פון זיין אָבטיילונג זאָלען ארומ־בויען א מויער ארום סאראקאל און זי מאכען פאר א שטאר־קע פעסטונג. די אַנדערע העלפט פון זיין אבטיילונג זאָלען בעפעסטיגען סאקאסין. זיי וועלען ווערען בעוואכט זיי זאָלען זיך מעהר נישט בענאַרישען. זיי טאָרען מיך פריהער נישט זעהן ביז זיי וועלען האָבען געענדיגט זייער ארבייט און אז איך וועל זעהן זיי זענען עהרליך און איבערגעגעבען, וועל איך זיי פערגעבען די זינד.

דער אורטייל איז פאָרגעלייגט געוואָרען פאר דוד'ן אין די אַראַבער. אַלע האָבען זיך דערפרעהט און געדאַנקט דעם קעניג פאר זיין גוטהארציגקייט. די רוסישע פער־טרעטער האָבען אויך געלויבט דעם קעניג, פון זייערע בלי־קען איז אָבער געווען קענטיג, אז זיי דענקען, דאָס דער קעניג איז צו גנעדיג, ער פערצייהט די פערברעכער און ער וועט אויף זיי זיך נישט קענען פערלאָזען אין צייט פון קריעג.

הדסה און מרים זענען געווען איבערגליקליך. הדסה האָט ארומגענומען איהר פאָטער און געדראָהט דוד'ן, אז זי וועט אָברעדען מרים'ן פון איהם, אויב ער וועט זיין אזוי שטרענג.

מרים איז געוואָרען שטארק רויט און אראָפּגעלאָזט די אויגען.

דוד האָט צוגעפיהרט אליהו'ן צו הדסה'ן און געזאָגט :

— דאָס איז מרים'ס ברודער. ער איז מיין לעהרער. אויב דו וועסט אָברעדען מרים'ן פון מיר, וועל איך זיך מיט דיר אָברעכענען פאר אליהו'ן.

אליהו האָט זיך פערבויגען פאר הדסה'ן און זי בעגריסט. ער האָט זי געוואָלט ארומנעמען און קושען, האָט זי זיך פער־רויטעלט און אראָפּגעלאָזט די אויגען.

די רוסישע פערטרעטער זענען אוועק. הדסה, מרים און שרה זענען צוריקגעפאָהרען אין פרויען־פאַלאַץ און דוד מיט אליהו'ן זענען פערבליבען אין בעראַטונגס־זאַל.

דער קעניג האָט געפיהרט די בעראַטונג און אַלע זענען געווען שטארק אומצופרידען פון דער טרויעריגער פאַסירונג:

מיט די אראבער. די פערטרעטער פון די רוסען, וואס ווערען אלץ מעכטיגער האבען בייגעוואוינט דעם אויפשטאנד פון די אראבישע רייטער. זיי האבען געזעהן דעם קעניג'ס שוואכ־קייט אז ער הערשט נישט מיט מאכט.

דער קעניג איז גוט און גנעדיג, עס פעהלט איהם אבער די פעסטע האנד פון א מעכטיגען הערשער. און דורכדעם איז מען נישט זיכער מיט'ן מיליטער אין צייט פון קריעג.

יעדער ראטגעבער האט די טרויריגע געדאנקען געטראכט פאר זיך און זיי נישט ארויסגעזאגט נישט אנצוטאן צער דעם גוטען קעניג. מיט אמאל איז עפעס געשעהן, וואס האט אלע־מען אויפגעהייטערט און אנגעפילט מיט פרישען מוטה.

עס איז אנגעקומען א איד פון לאנד ניעמעץ (דייטש־לאנד), יעקב בן אליעזר, און געבראכט א בריעף פון דעם אי־דישען מיניסטער חסדאי בן יצחק אבן שפרוט אין שפאניען.

דעם בריעף האט דער בעריהמטער אידישער מיניסטער חסדאי ביים כאליף עבדאל ראכמאן געשיקט צום קעניג ופן די כוזרים. אין בריעף דריקט אוים דער אידישער מיניסטער חסדאי ביים כאליף עבדאל ראכמאן געשיקט צו םקעניג פון די די ביצאנצער, אז אין כוזרים־לאנד איז דא א אידישער קע־ניג יוסף. ער וויל זיך מיט איהם דורכשרייבען און וויסען זיין יחוס, די מאכט פון זיין ארמעע, די געזעצען פון זיין לאנד און די פיהרונגען פון זיין פאלק.

חסדאי בעט איהם אויך ער זאל איהם מודיע זיין וויפיעל לענדער ער בעהערשט און וויפיעל לענדער צאהלען איהם צינזען, וואס פאר א מלחמות ער פיהרט און מיט וועמען ער פיהרט קריעג. און צי דער קעניג מיט זיין פאלק האבען א סימן אויסצורעכענען ווען עס וועט קומען משיח, און צי זיי האפען אויף משיח?

"ווי אזוי קען איך שווייגען אויף דעם חורבן פון בית המקדש און די איבערגעבליבענע פון מיין פאלק וואס זענען דורכגעגאנגען די שטראף פון פייער און וואסער? —. שרייבט חסדאי — מיר זענען געבליבען א קליין הייפעלע פון א גרוים פאלק. אונזער שטאלץ איז געפאלען, מיר זענען אין גלות און האבען נישט קיין מאכט. מיר הערען יעדען טאג אונזער שאנד, ווי יעדעס פאלק זאגט צו אונז, אז אלע פעל־

קער האָבען א לאַנד און א רעגירונג, נאָר מיר, אידען, פער־
מאָגען גאָר נישט.

"אז מיר האָבען דערהערט די בשורה פון דעם אידישען
קעניג, האָבען מיר אויפגעהויבען דעם קאָפּ, מיר האָבען אויפ־
געלעבט, אונזערע הענד זענען געוואָרען געשטאַרקט און מיר
קענען ענטפערן, אז עס איז יא דא א אידישע מלוכה מיט
א אידישען קעניג.

"ווען איך ווייס אז אלץ איז אמת, ווי איך האָב געהערט,
וואָלט איך געוואָרפען מיין הויכע שטעלע מיט'ן גאַנצען
כבוד, איך וואָלט מיין פאַמיליע איבערגעלאָזט און געגאַנגען
איבער ימים און יבשה ביז איך וואָלט געקומען אין לאַנד
פון מיין הערר קעניג צו זעהן זיין גרויסקייט, זיין כבוד, זיי־
נע אונטערטאַנען און דינער און דאָס איבערבלייבונג פון
מיין פאָלק וואָס לעבט אין רוה און פרידען".

איבער דער געוואלדיגער ווייטקייט פון שפּאַניען ביז
כוזרים־לאַנד האָט געדויערט יאָהרען ביז דער בריעף איז אָנ־
געקומען צום קעניג. צום ערשטען האָט דער מיניסטער
חסדאי געגעבען דעם בריעף צו א איד יצחק בן נתן און האָט
איהם דערפאַר שטאַרק בעלוינט מיט א סך גאָלד און זילבער
פאַר איהם און זיינע בעדינטע. ער האָט אויך מיטגעשיקט
מיט איהם א שעהנע מתנה צום ביצאַנצישען קעניג און גע־
בעטען צו געבען הילף זיין שליח ביז ער וועט אָנקומען צום
מלך פון די כוזרים.

דער ביצאַנצישער קייסער האָט אָבער אָבגענאַרט דעם
שליח. ער האָט מורא געהאַט, אז די פערבינדונג פון אידי־
שען מיניסטער אין שפּאַניען מיט דעם אידישען קעניג פון די
כוזרים קען ווערען א געפאַהר פאַר ביצאַנץ.

ער האָט איהם פאַרהאַלטען ביי זיך זעקס חדשים און
דערנאָך צוריקגעשיקט נאָך שפּאַניען מיט א בריעף צו
חסדאי'ן און איהם געלאָזט וויסען, אז עס איז אונמעגליך
אויף דער יבשה צוצוקומען צום לאַנד פון די כוזרים, ווייל זיי
האָבען כסדר מלחמות מיט די ארומיגע פעלקער. אויפ'ן ים
איז אויך שווער צו פאָהרען, ווייל דער ים איז זעהר שטורמיש
און עס איז א סכנה צו פאָהרען.

רבי חסדאי איז געוואָרען שטאַרק טרויריג. אז ער האָט

געזעהן, אז זיין פּלאַן צו פאַרבינדען זיך מיט דעם אידישען קעניג איז דורכגעפאַלען. ער האָט אָבער נישט גערוהט. זע־נען אָנגעקומען פערטרעטער פון צעקלאַביא (סלאַוואַניען) מיט מתנות צום כאליף. צווישען די פערטרעטער זענען גע־ווען צוויי אידען, מר שאול און מר יוסף.

די צוויי אידען האָבען זיך אונטערגענומען איבערצוגע־בען דעם בריעף צו די אידען פון אונגארן און די אונגארישע אידען וועלען איהם איבערשיקען נאָך רוסלאַנד און פון דאָרט וועט ער אָנקומען צום קעניג פון די כוזרים.

אויף דעם וועג איז דער בריעף טאַקי אָנגעקומען.

---

דער בריעף האָט געבראַכט גרויס פרייד דעם קעניג און זיינע ראַטגעבער. א אידישער מיניסטער, דער ראַטגעבער פון דעם מעכטיגען כאליף וואָס פיעל הערשער צאָהלען איהם צינזען, איז גרייט צו פערלאָזען זיין הויכע שטעלע צו קומען זעהן דעם קעניג יוסף. דורך דעם אידישען מיניסטער וועט זיין גרינג צו פערבינדען דעם קעניג מיט פיעל הערשער און זיי וועלען קומען צו הילף אין א צייט פון נויט.

— הלואי וואָלט ער טאַקי געקומען, — האָבען אַלע גע־טראַכט — ער וואָלט מיט זיין גרויס חכמה בעפעסטיגט דאָס לאַנד און פערזיכערט דאָס קעניגרייך.

— איך וועל איהם ענטפערען אויף זיינע פראַגען — האָט דער קעניג זיך אָנגערופען — אָבער ווי אַזוי וועט ער קריגען דעם ענטפער? דער שליח יעקב בן אליעזר איז דאָך נישט פון שפּאַניען, ער קומט דאָך פון ניעמעץ. ער קען דאָך גאָר נישט דעם אידישען מיניסטער. וואו נעמט מען אן עהרלי־כען טרייען שליח, וואָס זאָל קענען מיך און מיין קעניגרייך און זאָל פאָהרען נאָך שפּאַניען און רעדען מיט דעם אידישען מיניסטער וועגען אונז?

— איך וועל געהן — האָט אליהו פעסט דערקלערט — איך קען שפּאַניען. מיינער א זיידע איז אָפט געווען אין שפּאַניען. איך ווייס דעם וועג אהין. איך האָב אויך געהערט פון דעם אידישען מיניסטער רב חסדאי. איך האָב געלייענט א שיר, וואָס א איד פון מיין שטאָדט האָט געשריבען אויף איהם.

רב חסדאי, שרייבט ער, איז בעריהמט און געלויבט אין מזרח און מערב. אלע רעדען וועגען זיין גוט הארץ, און קעניגען שיקען איהם מתנות. ביי אידען איז ער בעזונדער שטארק בעליעבט. ער שיקט געלד פאר די ישיבות אין בבל. די חכמים, די עלטסטע פון די ישיבות האבען איהם געגעבען דעם טיטעל ראש כלה (ראש ישיבה).

אויב דער קעניג וויל שיקען אן ענטפער דעם אידישען מיניסטער זאל ער אלץ אויפשרייבען און איך וועל עס אוועק־פיהרען. אויב גאט וועט בעגליקען מיין וועג, וועל איך אויך וויסען וואס צו רעדען מיט איהם.

— אויסגעצייכענט ! — האבען אלע איינשטימיג אויס־גערופען.

— אויף וועמען וועל איך אבער איבערלאזען מיין שוועסטער ? — האט אליהו געפרעגט — איך לאז זיך אוועק אין אזא וויטען וועג און זי האט נישט קיינעמען חוץ מיר ?

— איך וועל זי בעשיצען — האט דוד אויסגערופען מיט פייער — איך בעט דיך, פאטער, קעניג, אויב דו האסט מיך ליעב, גיב מיר זיין שוועסטער מרים פאר א ווייב ! ווי איך האב זי דערזעהן האב איך זי בעקומען ליעב, מיין לעבען אהן איהר איז גאר נישט ווערט.

— איך ווייס דאך אבער נישט צי זי וויל דיין ליעבע ? — האט דער קעניג געפרעגט — זי קען דאך דיך זעהר ווייניג, ווער ווייס צי זי האט דיך ליעב ?

— אויף דעם קען איך ענטפערן — האט אליהו געזאגט מיט א שמייכעל — אמאל דויערט זעהר לאנג און מען האט זיך נישט ליעב און אמאל פערליעבט מען זיך פון ערשטען בליק.

— ווען איך ווייס אז דו מיט מיין הדסה האט אייך ליעב — האט דער קעניג געזאגט דערפרייט — וואלט איך אייך ביידע אויך חתונה געמאכט און אונזער בונד וואלט געווען טאפעלט.

— איך בין נישט ווערט דעם חסד וואס דער קעניג וויל טאן מיט מיין שוועסטער און מיט מיר — האט אליהו גע־זאגט, און זיך אראפגעלאזט אויף די קניה — ווען עס וואלט פערווירקליכט געווארען דאס וואס דער קעניג האט ערשט

געזאָגט, וואָלט איך געווען דער גליקליכסטער מענש אויף גאָט'ס ערד.

— איך ווייס דאָך אָבער נישט, אויב הדסה האָט דיך ליעב? — האָט דער קעניג געזאָגט — זי איז מיין איינציגע טאָכטער.

— אויף דעם קען איך ענטפערן — האָט דער קרוינפּרינץ געזאָגט מיט א שמייכעל — איך האָב איהם געריהמט פאַר איהר, מרים האָט איהר אויך דערצעהלט פון איהם. ווי זי האָט געקוקט אויף איהם פריהער האָב איך דערקענט אַז זייביידע זיינען א פּאָר בעשערט פון גאָט.

— געהט רעדט זיך דורך מיט אייערע כלות — האָט דער קעניג געזאָגט — איך וועל באַלד קומען צו אייך. און אויב איהר וועט זיין גרייט, וועל איך אייך געבען מיין ברכה.

דוד און אליהו האָבען זיך פערנייגט און ארויסגעגאנגען און דער קעניג האָט געזאָגט צו זיינע ראַטגעבער:

— היינט איז אראָפּ פון אונז די שאַנד פון אונזער אבשטאַם. דער אידישער מיניסטער האָלט אונז פאַר אמת'ע אידען. ער ווייס נישט, אַז מיר זענען גרים. איך וועל איהם אָבער איצט קענען זאָגען, אַז איך האָב זיך משדך געווען מיט דער אידישער קעניגליכער משפּחה. מיין איידים און שנור שטאַמען פון דוד בן ישי. אויף דוד בן ישי'ס קינדער האָפען אַלע אידען, אַז פון זיי וועט ארויסקומען משיח.

---

אין עטליכע טעג ארום האָט דוד דער קרוינפּרינץ חתונה געהאַט מיט מרים'ן. אליהו איז געוואָרען הדסה'ס חתן. די חתונה איז אָבגעלייגט געוואָרען ביז ער וועט זיך אומקערען פון שפּאַניען.

באַלד נאָך מרים'ס חתונה האָט אליהו זיך געזעגענט מיט דער קעניגליכער פאַמיליע, הארציג געקושט זיין כלה הדסה און מיט'ן קעניג'ס בריעף זיך געלאָזט אין וועג אריין.

אין דעם בריעף האָט דער קעניג געענטפערט אויף רב חסדאי'ס פראגען און אליהו האָט צוגעשריבען, אַז זיין לאַנד און דער יחוס פון זיין הערשער איז גוט בעקאַנט צו איהם פון א מגלה, וואָס ער האָט פון זיין עלטער־זיידע.

דער קעניג יוסף האָט געענדיגט זיין בריעף מיט פאָל־גענדע ווערטער :

"איהר שרייבט אין אייער בריעף, אז איהר גלוסט שטארק מיך צו זעהן. איך גלוסט אויך זעהר שטארק צו זעהן אייער טייער איידעל פּנים און הערען אייערע קלוגע רייד. הלואי וואָלט טאַקי געווען ווי איהר ווילט. ווען מיר ביידע וואָלטען זיך געקענט פאַרבינדען, וואָלט איהר מיר געווען א פאָטער און איך — א זוהן. אויף אייער בעפעהל וואָלט זיך געפיהרט מיין פאָלק און איך וואָלט אַלץ געטאָן ווי איהר וואָלט אין אייער גרויס חכמה מיך געראטען".

אליהו איז אַרויף אויף א שיף און געפאָהרען אויפ'ן טייך ביז דעם אָרט וואו היינט איז צאַריצין. דערנאָך איז ער געפאָהרען מיט דער יבשה ביז צום דאָן. דאָ האָט ער זיך ווידער געזעצט אויף א שיף און געפאָהרען דורכ'ן באספּאר פערביי די גריכישע אינזלען ביז אין מיטעלענדישען ים און איז ענדליך אָנגעקומען אין קארדאווא אויפ'ן צווייטען יאָהר פון זיין רייזע.

אליהו איז געבליבען פערוואונדערט פון שפּאַניען'ס שעהנקייט. זייט די אַראַבער האָבען פערנומען שפּאַניען איז דאָס לאַנד געוואָרען א גן־עדן. פול מיט גערטנער און פולע פעלדער. דאָס גאַנצע לאַנד איז פול געזאַנג. אַלע זינגען, פון כאַליף ביז דעם נידריגסטען בעאַמטען שרייבען ליעדער. רב חסדאי איז אויך געקומען צו זיין הויכען אַמט דורך א קליין ליעד וואָס ער האָט יונגערהייט געשריבען לכבוד דעם כאַליף.

---

יצחק בן עזרא, חסדאי'ס פאָטער, איז געווען א רייכער איד און גאון לעבען קארדאווא. יצחק האָט געשיקט חסדאי'ן נאָך קאראַדאווא צו לערנען מעדיצין און שפּראַכען. אין כאַליף עבדו ראַכמאַן'ס צייטען איז די וויסענשאַפט געשטאַנען אויף א הויכער מדרגה. ער האָט אָבגעגעבען גרויס כבוד די גע־לערנטע לייט.

חסדאי האָט זיך שטארק אויסגעצייכענט אין לערנען און ער האָט מייסטערהאַפט געקענט רוימיש און אַראַביש. איינ־מאָל איז ער געגאַנגען שפּאַצירען אין כאַליף'ס גאַרטען. אוז

ער האָט דאָרט געשריבען אן אראביש ליעד איבער'ן כאליף און אויסגערעכענט זיינע גוטע מעלות.

ער האָט איבערגעלייענט דאָס ליעד, איז עס איהם נישט געפעלען און ער האָט עס צוריסען אויף צוויי, צוזאמענגע־קנייטשט און אוועקגעוואָרפען צווישען די בוימער. דערנאָך איז ער געגאנגען אהיים.

אן אראבער וואָס האָט איהם געהאסט פאר זיין אויס־צייכנונג אין לערנען האָט דאָס בעמערקט און ער האָט אויפ־געהויבען דאָס צוקנייטשטע בלעטיל, איבערגעלייענט און צוגעשריבען חסדאי'ס נאָמען, האָט ער עס איבערגעשיקט צום כאליף.

צומאָרגענס ווען חסדאי איז געזעסען אין אוניווערזי־טעט און געלערנט איז אריינגעקומען א בעאַמטער מיט בע־וואפענטע סאָלדאטען און געפרעגט:

— איז דאָ א אידישער שילער חסדאי בן יצחק?

— איך בין עס! — האָט חסדאי זיך אָנגערופען.

— קום גיך צום כאליף.

— וועגען וואָס?

— וועסט דאָרט געוואָהר ווערען.

דער לעהרער מיט די שילער האָבען זיך דערשראָקען, נאָר זיינע שונאים האָבען אָנגעקוואָלען.

די בעוואָפענטע סאָלדאטען האָבען איהם ארומגערינ־געלט און אריינגעפיהרט צום כאליף.

דער כאליף איז געווען שטארק בייז און האָט געשריגען:

— אומווירדיגער איד! אזוי בעלוינסטו מיך פאר דעם חסד וואָס איך טו מיט דיין פאָלק? דו שרייבסט אויף מיר ליגען? איך וועל זיך איצט נוקם זיין אן דיר און אן דיין פאָלק!

חסדאי האָט אָנגעהויבען ציטערן פאר שרעק און איז געוואָרען שטארק בלאַס. ער האָט זיך אָבער בעהערשט, גע־פאלען אויף די קניה און געבעטען:

— גנעדיגער כאליף! לאָמיך וויסען מיט וואָס האָב איך געזינדיגט וואָס מיין הערשער איז אזוי בייז?

דער כאליף האָט ארויסגענומען א בלעטיל און איהם דער־לאנגט און געזאָגט:

— דערקען דאָס ! איז דאָס דיין האַנדשריפט אָדער נישט ? זיי זיך מודה ! וועה וועט דיר זיין ווען דו וועסט לייקענען, דיין פערברעכען וועט זיין נאָך שווערער !

חסדאי האָט איבערגעלייענט און געפונען אַ לעסטערונג אויפ׳ן כאַליף. ער האָט אָבער געשמייכעלט און רוהיג גע־זאָגט :

— עס איז טאַקי מיין האַנדשריפט. אָבער דאָס איז נישט דאָס גאַנצע ליעד. וואו מען האָט דאָס געפונען קען מען אויך געפינען די צווייטע העלפט. זאָל דער כאַליף שיקען עטליכע קנעכט מיט מיר אויפזוכען די אַנדערע העלפט. איך בין זי־כער, אַז מיר וועלען עס געפינען, און אויב נישט, וועל איך שוין יעצט אויפשרייבען די ווערטער וואָס פעהלען דאָ און איך האָב זיי געשריבען נעכטען אין דעם ליעד וועגען כאַליף׳ס גרויסקייט.

דער כאַליף האָט געהייסען דערלאַנגען טינט און פען און חסדאי האָט צוגעשריבען די ווערטער וואָס האָבען געפעהלט.

— און איצט וועלען מיר זעהן צי דו האָסט געזאָגט אמת, — האָט דער כאַליף געזאָגט און בעפוילען זיינע קנעכט צו געהן מיט חסדאי׳ן אין גאַרטען.

זיי האָבען געפונען דאָס אַנדערע האַלבע בלעטיל. אַ קנעכט האָט דאָס אויפגעהויבען, אַנידערגעקניהט פאַר׳ן כאַליף און איהם דערלאַנגט, זאָגענדיג :

— דאָס האָבען מיר געפונען צווישען די בוימער.

דער כאַליף האָט צוזאַמענגעלייגט די צוויי בלעטלעך און זיי האָבען זיך געפּאַסט און דאָס ליעד איז אַרויסגעקומען דאָס גרעסטע און שענסטע לויב־ליעד פאַר׳ן כאַליף.

אַז דער כאַליף האָט עס איבערגעלייענט האָט זיין פּנים אויפגעשיינט, ער האָט שטאַרק געלויבט חסדאי׳ן און האָט איהם דערלאַנגט אַ בייטעל מיט גאָלדשטיקער.

— דאָס דאַרף איך נישט, הערר כאַליף ! — האָט חסדאי געזאָגט — זאָל דאָס געלד געהן פאַר די אָרימע פון שטאָדט. איך נויטיג זיך נישט אין געלד. איך בעט נאָר דער כאַליף זאָל מיר געדענקען זיין גענאָד. דאָס וועט זיין מיין גרעסטע פרייד און לוין.

— גוט, איך וועל דאָס געדענקען. אַז דו וועסט ענדיגען דיין לערנען זאָלסטו קומען צו מיר.

דער כאַליף האָט געהאַלטען וואָרט. ווען חסדאי האָט גע־ענדיגט זיין לערנען און בעקומען זיין אויסצייכנונג צייגניש איז ער געקומען צום כאַליף. עבדו־אל־ראַכמאַן האָט איהם בעשטימט אַלס שרייבער און איבערזעצער פון די פרעמד־לענדערישע דאָקומענטען.

חסדאי איז געוואָרען דער הויפּט־איבערזעצער צווישען כאַליף און די פערטרעטער פון די פרעמדע מלוכות. פון טאָג צו טאָג איז ער געשטיגען און ער האָט געהאַט גרויס ערפאָלג. ער איז בעריהמט געוואָרען אין גאַנצען לאַנד און זיין נאָמען איז געליבט געוואָרען אויך אין וויטע לענדער.

חסדאי האָט שטאַרק געהאָלפען צו הויבען דעם כבוד פון דער תורה. ער האָט אויך געשטיצט די שרייבער און פּאָעטען וואָס האָבען געשריבען לשון קודש. און די אידישע שירה איז געוואָרען גרויס אין זיינע צייטען.

אַז אליהו איז געקומען צו חסדאי׳ן איז ער אַלט געווען אכט און פערציג יאָהר. ער האָט אָבער אויסגעזעהן ווי פון זעכציג. זיין גרויסע ארבייט אין כאַליף׳ס הויף האָט איהם געמאַכט עלטער פאַר דער צייט. ער איז געוואָרען איינגע־דאַרט און גרוי ווי אַ טויב. דער טויט פון זיין פריינד און בעשיצער עבדו־אל־ראַכמאַן האָט איהם אויך שטאַרק דער־שלאָגען און ער האָט זיך נישט געקענט טרייסטען.

עבדו־אל־ראַכמאַן׳ס זוהן אל־כאַקים איז אויך געווען גוט צו איהם. ער איז אויך געווען אַ גוטער, גנעדיגער הערשער. ער האָט אָבער נישט געהאַט דעם פאָטער׳ס מוטה און ער האָט זיך געהאַלטען פון ווייטענס פון די קעניגען פון די ארו־מיגע לענדער.

ווען אליהו האָט דאָס געוואָהר געוואָרען האָט ער פער־שטאַנען, אַז דעם הויפּט־ציעל פון זיין רייזע צו שאַפען פער־בינדונגען פאַר׳ן קעניג פון די כוזרים וועט איהם נישט גע־לינגען. דאָך האָט ער בעשלאָסען צו ערפילען זיין פליכט און ער איז אַוועק צו רב חסדאי׳ן.

אַז רב חסדאי האָט דערהערט ווער ער איז און אַז ער ברענגט אַ בריעף פון מלך פון די כוזרים, איז ער אויפגע־

שפּרונגען פאר פרייד. נאָר אַז ער האָט איבערגעלייענט דעם בריעף האָט זיך זיין פּנים פערוואָלקענט. ער האָט געמיינט אַז די כוזרים זענען אַ אידישער שבט און דער קעניג שטאַמט פון דוד המלך.

דאָ האָט ער גאָר געוואָהר געוואָרען אַז די כוזרים שטאַמען פון ווילדע פעלקער. נישט פון זיי וועט קומען די ישועה פאר אידען!

ער האָט זיך אָבער דאָך דערפרעהט מיט דעם בריעף און זיך געוואונדערט וואָס דער קעניג יוסף שרייבט אזוי שעהן לשון קודש. ער שרייבט ווי איינער פון די גרעסטע געלערנטע!

פון העפליכקייט האָט אליהו אויך געלויבט זיין בריעף אַז ער איז זעהר קונציג געשריבען. חסדאי איז געווען שטאַרק צופרידען און ער האָט איהם דערצעהלט אַז זיין גרעסטע פרייד איז צו אונטערשטיצען די אידישע געלערנטע און שרייבער, אויפצולעבען לשון קודש זי זאָל ווערען אַ לעבע־דיגע גערעדטע שפּראַך.

אַ שטיקעל צייט איז אליהו געווען אין קאָרדאָווא. דער־נאָך האָט ער זיך געזעגענט מיט רב חסדאי'ן און זיך געלאָזט אין וועג אריין אהיים. ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך הדסה'ן און מרים'ן.

אַז ער איז געקומען נאָך קימעריא (קרים) וואָס האָט גע־הערט צו די כוזרים, איז ער געוואָרען אויפגעציטערט פון דער שרעקליכער נייעס, אַז זייער שרעק פאַר די רוסען איז נישט געווען אומזיסט.

די כוזרים אַרמעע איז צושלאָגען געוואָרען אין מלחמה און די פעסטונג סאַראַקאַל איז אינגאַנצען צושטערט. ווען סוויאַטאָסלאַוו איז נאָך זיין מוטער'ס טויט געוואָרען הער־שער (אין יאָהר פיער טויזענט זיבען הונדערט און זיבעצעהן לויט דעם אידישען רעכנונג), האָט ער בעזיעגט איין רוסיש שבט נאָד'ן צווייטען און זיי פעראייניגט אין איין פאָלק.

ווען ער איז דערגאַנגען דורך די טיעפע וועלדער נאָך קאַלינאַיטולאַ אין אַריאַל און האָט געהערט אַז זיי צאָהלען ציגזען דעם מלך פון די כוזרים, איז ער אַוועק מיט זיין אַר־מעע צום דאָן און בעלאַגערט די כוזרישע פעסטונג סאַראַקאַל.

עס איז אויסגעבראָכען אַ גרויסע שלאַכט און פּלוצלונג

האָט אָבגעטראָטען אן אראבישע מיליטער אבטיילונג פון דער כוזרים ארמעע. דער גענעראל האָט ארויסגעפיהרט די אב־טיילונג פון שלאכטפעלד און דאָס האָט צוטומעלט די גאנצע ארמעע און די רוסען האָבען געהאַט א גרויסען זיעג. זיי האָ־בען דערלאַנגט א גרויסען קלאַפּ די כוזרים און פערנומען די פעסטונג און זי צושטערט ביז'ן גרונד.

דאָס גאנצע לאַנד איז געוואָרען אָפען פאר זיי און סוויא־טאסלאוו איז געגאנגען אומגעשטערט ביז טאַנאַ (אזאוו), דערנאָך האָט ער פערנומען דעם גאנצען ברעג פון קובאן. איצט שטעהען די רוסען לעבען באספאר (קערטש) אין קימעריא.

די רוסען זענען איצט נאָהענט פון די כוזרים, נאָר א שמאָלער פאַס ים טיילט זיי פונאַנדער.

ווען אליהו האָט דאָס דערהערט האָט ער געפרעגט אויף דעם נאָמען פון אראבישען גענעראל וואָס האָט פערראַטען די ארמעע.

— הוסין באג — האָט מען איהם דערצעהלט. — זיין פערראַט איז איצט קלאָר. ער האָט זיך פערקויפט סוויאטאס־לאוו'ן. און איז מיט זיין אבטיילונג איבערגעגאנגען צו איהם.

אזוי האָט דער קעניג יוסף זיך בענארישט, ווייל ער האָט זיך דערבארמט אויף דעם פעררעטער און איהם נישט האַרב בעשטראפט, האָט ער געבראַכט א גרויס אומגליק אויף זיך און זיין לאַנד. אליהו האָט מורא געהאַט אז הוסין באג וועט נאָך אָנרייצען סוויאטאסלאוו'ן צו געהן פערנעמען דאָס גאַנצע כוזרים לאַנד.

ער האָט זיך נאָר געטרייסט דערמיט וואָס די רוסען זענען געשטאַנען לעבען בארג קאוקאזוס, ווייט פון כוזרים־לאַנד און ער וועט פאָהרענדיג אויפ'ן דאָן קענען אָנקומען נאָך אייטעל וואָס ער האָט פערלאָזט מיט איבער צוויי יאָהר צוריק.

נאָך צוויי מאָנאַטען פון א שווערע רייזע איז ער אָנגע־קומען צום טייך אייטעל (וואלגא) און ער איז ענדליך אָנ־געקומען אין דער כוזרים הויפּט־שטאָדט. ער האָט צו זיין פרייד געטראָפען הדסה'ן ענטוויקעלט אין איהר גאַנצער פּראַכט. זי איז אויסגעוואַקסען ווי א שעהנער טייטעלבוים.

מרים איז שוין געווען א מאמע פון א שעהן יונגעל און דוד, איהר מאן, איז געווען זעהר גליקליך מיט איהר.

די אלטע שרה האט געהאט גרויס נחת, זי איז געווארען די אויפציהערין פון מרים'ס קינד.

נאר דער קעניג יוסף איז געווען אין גרויס טרויער. ער האט זיך נישט געקענט טרייסטען וואס ער האט פערלארען די פעסטונג סאראקאל און די גאנצע געגענד פון דאן. ער האט אויך נישט געקענט פערגעסען דאס אומגליק וואס דער פעררעטער הוסין באג האט געבראכט אויף זיין קאפ.

ער איז געווארען נאך טרויריגער ווען אליהו האט איהם דערצעהלט, אז די גאנצע רייזע איז געווען אומזיסט, רב חסדאי האט גארנישט געקענט טאן פאר איהם.

ווען דער ביצאנצישער קייסער וואלט נישט געווען פערהאלטען רב חסדאי'ס שליח אויף זעקס חדשים און דער־נאך איהם צוריקגעשיקט נאך שפאניען וואלט רב חסדאי יא געקענט איהם טאן א טובה.

דעמאלט האט נאך געלעבט דער כאליף עבדו־אל־ראכמאן און ער וואלט איהם געהאלפען שליסען א בונד מיט שטארקע הערשער. איצט האט רב חסדאי גארנישט געקענט טאן פאר איהם.

אליהו האט זיך אבער זעהר שטארק געוואונדערט וואס דער קעניג יוסף איז אזוי דערשלאגען און מוטלאז איבער סוויאטאסלאוו'ס זיעג. ער האט איהם געטרייסט און געזאגט אז ער איז דאך אלץ א גרויסער קעניג און ער קען נאך צו־זאמענשטעלען א גרויסע ארמעע זיך צו פערטיידיגען און ער קען נאך בעזיעגען דעם פיינד.

— נישט מיט איהר צאהל זיעגט אן ארמעע — האט דער קעניג איהם ערקלערט — נאר מיט איהר פעסטקייט. אויב דאס מיליטער איז פעסט און איינגעשפארט, זיעגען זיי. דאס איז דער סוד פון דער מאכט ביי אלע ווילדע פעלקער וואס האבען בעזיעגט גרעסערע און שטארקערע פעלקער. זייער ווילדקייט איז זייער קראפט. רוהיגע פעלקער קענען נישט ביישטעהן קעגען די ווילדע. כאוויאטאסלאוו איז ווילד ווי א לעמפערט און שנעל ווי אן אדלער. און אזוי איז זיין מי־ליטער.

זיי פיהרען נישט מיט זיך קיין לאסט־וועגען. זיי האבען אפילו נישט קיין קעמלען מיט זיך און נישט קיין געצעלטען. אלץ וואס זיי דארפען האבען זיי אויף די רייטפערד. דער רייטער מיט זיין פערד זענען איינס. און אז זיין פערד פאלט בראט ער איהם אב און עסט איהם אויף. ווען ער וויל שלאפען לייגט ער זיך אונטער די פערד דעק און דעם זאטעל — צוקאפענס. מיט דער פעל וואס ער הילט זיך איין בייטאג דעקט ער זיך איין ביינאכט.

אזוי איז סוויאטאסלאוו און זיינע סאלדאטען. זיי זענען הארט ווי שטאל און איך האב מורא אז מיין גאנצע מיה איז אומזיסט. איך זאל האבען סאלדאטען ווי דאס זאמד ביים ים, וועל איך אויך נישט קענעןביישטעהן קעגען די רוסען.

— אלע מאל איז דאך דאס כוזרים מיליטער געווען מעכטיג און פורכטבאר — האט אליהו געפרעגט — וואס האט דער קעניג יעצט פערלוירען זיין האפנונג אויף זיי ?

— אמאל זענען טאקי די כוזרים געווען מעכטיג — האט דער קעניג איהם דערקלערט — דאס איז אבער געווען איידער מען האט זיך מגיר געווען און אנגעהויבען לערנען די הייליגע תורה. זייט מען האט דא איינגעפיהרט די גערעכטע אידישע געזעצען איז דאס פאלק געווארען ווייכהארציג און טויג זיך שוין נישט אזוי אויס אין די ווילדע מלחמות. די געזעצען זענען זעהר גוט אין פריעדענס־צייטען, אבער נישט בשעת מלחמה. דעמאלט איז נאר גוט די פויסט. אונזער פויסט איז איצט שוין נישט אזוי שטארק צו צוקלאפען דעם מעכטיגען ווילדען פיינד.

דער קעניג איז ארומגעגאנגען פערפינסטערט אין גרויס שרעק פאר די רוסען. דער קרוינפרינץ דוד איז אבער געווען אנדערש. זייט ער האט חתונה געהאט מיט מרים'ן און נאך געהאט א קינד, האט ער זיך דערווייטערט פון דער מלוכה־פיהרונג און האט געלעבט רוהיג אין זיין פאלאץ מיט ווייב און קינד.

— וואס קומט ארויס פאר א גוטס אין א לאנד וואס האט פערשידענע פעלקער פון פערשידענע אמונות ? — האט דוד גע'טענה'ט מיט אליהו'ן — ווען דער טאטע פאלגט מיך, וואלט ער איבערגעלאזט די גוים מיט זייערע לענדער און

וואָלט צוזאַמענגענומען אונזערע ברידער וואָס דינען דעם איינציגען גאָט און זיך בעזעצט מיט זיי אין איין מדינה און געגרינדעט איין פאָלק און איין קעניגרייך.

— מיט וואָס וואָלסטו געווען זיכער, אז דאָרט וואָלט מען שוין געווען זיכער ? — האָט אליהו איהם געפרעגט — פון וואַנעט ווייסטו אז דעמאָלט וואָלט א ווילד פאָלק אונז נישט בעפאַלען און פערטריבען דעם קעניג מיט'ן פאָלק ? מיר האָבען שוין געהאַט א גוט געבענטשט לאנד, דאָס הייליגע לאַנד, גאָט האָט אונז געגעבען דאָס לאנד און מיר זענען שוין צוויי מאָל געוואָרען פערטריבען, מיר בלאָנקען ארום אין גלות צושפרייטע און צוזייטע, פערשטויסען און פערלוירען אין אלע לענדער צווישען אלע פעלקער פון דער וועלט.

— דארפען מיר דערפאר אויפגעבען אלע האָפנונגען ?

— האָט דוד זיך געוואונדערט — מיר דארפען מיט אלע קרעפטען זוכען א רוהיג ווינקעל פאר אונזער פאָלק. מען זאָל נישט דארפען ארומוואָגלען אין גלות. און גאָט וועט העלפען מיר וועלען כאָטש האָבען רוהיגקייט אין לאנד. איין פאָלק, איין שפראַך און איין גאָט.

— וואו וועסטו אָבער געפינען דאָס רוהיגע ווינקעל ? — האָט אליהו איהם געפרעגט — קיין פאָלק וועט דאָך אונז נישט איבערגעבען זיין לאנד !

— דארף מען צוריקגעהן אין אייגענעם לאַנד, אין לאנד פון די עלטערן.

— דאָס איז אויך זעהר שווער — האָט איהם אליהו דערקלערט — די גוים רופען אויך אונזער לאנד "דאָס הייליגע לאַנד", די קריסטען און מאַכמאַדאַנער ווילען עס אויך האָבען. עס וועט נאָך אויסברעכען א שרעקליכע מלחמה צווישען די קריסטען און מאַכמאַדאַנער איבער ארץ ישראל. און טאָמער וועט א איד איינגעמען ארץ ישראל און צוריק בעזעצען די אידען אויפ'ן לאנד פון אונזערע אבות, וועלען די קריסטען און די מאַכמעדאַנער קומען און אונז אומברייגגען פון דער וועלט.

— מיט דיינע רייד נעמסטו ביי מיר אוועק מיין לעצטע האָפנונג — האָט דוד געזאָגט טרויריג. — טאָ וואָס בלייבט פון דער אידישער האָפנונג ? ארומוואָגלען אין גלות איז אז

אייביגע שאנד. אומקערען זיך אין לאנד פון די עלטערן קען מען אויך נישט. איז אויף וואס זאלען מיר האפען ?

— צו האפען האבען מיר יא — האט אליהו איהם בער־רוהיגט — גאט וועט העלפען, די וועלט וועט ווערען בעסער, די מענשען — איידעלער. עס וועלען אויפהערען מלחמות, מענשען וועלען זיך אויפהערען פיינט האבען, עס וועט זיין שלום אויף דער וועלט און עס וועט קומען משיח.

— וואויל איז דעם וואס קען האפען אוןווארטען ! — האט דוד געזאגט.

— מעג ער זיך פערזוימען, מיר האפען און ווארטען. משיח וועט אויסלייזען אונזער פאלק און ברענגען א הילף פאר דער גאנצער וועלט ! — האט אליהו געזאגט פעסט.

הדסה איז געווען א זארגלאז שטיפעריש קינד, אפילו ווען איהר צייט איז געווען חתונה צו האבען. די מעהרסטע צייט האט זי פערבראכט אויפ'ן טייך אייטעל און געכאפט פיש. זי האט זיך געפיהלט ווי א פיש אין וואסער. זי האט געקענט שווימען ווי א פיש. און אין גרעסטען שטורם האט זי רוהיג און זיכער געפיהרט איהר שיפעל מיט די צוויי וויאסלעס ווי א פויגעל מיט די פליגעל. און שווימענדיג איבער'ן טייך האט זי אויסגעזעהן ווי א בעצויבערנדיג וואסער מיידעל, וואס שטייגט ארויס פון טיפעניש פון ים.

אפט איז קענטיג געווען אין איהר די ווילדקייט פון איהר אבשטאם. עס האט איהר אבער צוגעגעבען פיעל חן. אז אליהו האט מיט איהר חתונה געהאט האט ער זיך דער־פיהלט ווי נייע געבוירען, יונגער און פרישער און ער האט זי ליעב געהאט ווי זיין לעבען.

אין ווינטער האבען זיי זיך געגליטשט אויף דעם געפרוי־רענעם טייך. אין פריהלינג האבען זיי זיך געשיפט. אין זומער געזעסען אין די פראכטפולע גערטנער און אנגעקוקט־לען פון גאט'ס וועלט.

אפט פלעגען זיי פאהרען אין דער סוחרים געגענד אנצו־קוקען ווי עס פיהרט זיך דער גרויסער האנדעל מיט די טייערע פעל. זיי האבען בעטראכט די רוסיש'ן סוחרים. זיי זיינען אלע געווען געצענדינער. צולאזען ווי ל'. בלייבענדיג איבער'ן ווינטער אין אייטעל האבען זיי זיך אויפגעשטעלט

הילצערנע געצעלטען. צו צוואַנציג סוחרים מיט זייערע ווייבער און דינסטען, וואָס זיי האָבען געבראַכט צו פערקויפען, האָבען זיי געוואוינט אין אַ געצעלט.

די רוסען האָבען געהאַלטען זייערע ווייבער ערגער ווי אַ דינסט. באַלד אין דער פריה דערלאַנגט איהם דאָס ווייב אַ בעקען וואַסער. ער וואַשט זיך דאָס פנים, די הענד און דעם קאָפּ. דאָס ווייב קעמט איהם און דאָס גאַנצע שמוץ שווענקט זי אָב אין דעם בעקען. דערנאָך וואַשט ער זין דאָס מויל אין זעלבען וואַסער.

אין זעלבען וואַסער וואַשען זיך שפּעטער אַלע איינוואוינער פון געצעלט. אין דרויסען שטעלען זיי אויס זייערע אָפּגעטער. אַ גרויסען געץ אַרומגערינגעלט פון אַ סך קליינע. און זיי זענען מקריב קרבנות צו זיי.

ווערט איינער קראַנק, נעמען זיי איהם ארויס פון געצעלט און לייגען איהם ווייט פון זייערע וואוינונגען. זיי לאָזען איהם איבער ברויט און וואַסער און קומען איינמאָל אין טאָג און שטעהענדיג פון ווייטענס, קוקען זיי אויף איהם. זיי ריידען אָבער נישט קיין וואָרט צו איהם, דער קראַנקער בייזער גייסט זאָל נישט אריבערגעהן אויף זיי.

ווערט דער קראַנקער געזונט, נעמען זיי איהם צוריק. אַז ער שטאַרבט, פערברענען זיי זיין קערפּער. נאָר אַ קנעכט אָדער אַ דינסט פערברענען זיי ניט נאָר וואַרפען איהם פאר די חיות און פויגעל.

מאָדנע מנהגים האָבען די רוסען מיט זייערע טויטע. אויב דער פערשטאָרבענער איז אַן אָרעמאַן און איינער אַליין, לייגען זיי איהם ארויף אויף אַ פישער שיפעל און פערברענען איהם מיט'ן שיפעל. אויב ער איז אַ רייכער מאַן צוטיילען זיי זיין פערמעגען אויף דריי טייל. איין טייל גיבען זיי זיינע קרובים, די צווייטע טייל גיבען זיי אויס אויף קליידער פאר'ן טויטען און פאר'ן דריטען טייל קויפען זיי מעד צו טרינקען דעמאָלט, ווען זיי וועלען טויטען זיין פרוי און זי פערברענען מיט איהם אינאיינעם.

אליהו און הדסה האָבען איינמאָל בייגעוואוינט אַ בילד ווי די רוסען האָבען פערברענט זייערס אַ רייכען און אנגעזעהענעם סוחר וואָס איז געשטאָרבען.

די קרובים האָבען געפרעגט זיינע ווייבער וועלכע פון זיי וויל מיטגעהן מיט'ן מאַן אויף יענער וועלט. איינע האָט זיך אָבגערופען. ביי זיי איז אַ גרויסע שאַנד צו זיין אַן אלמנה. צוויי פרויען האָבען ארומגערינגעלט די אלמנה, זי געהיט און ארומגעוואַשען.

דערנאָך האָבען זיי דעם טויטען אריינגעלייגט אין אַ גרוב און איהם מיטגעגעבען מעד, פּרוכטען און האָבען איהם בעווייגט צעהן טאָג ביז די קרובים האָבען אויפגענייט טייערע קליידער פאר'ן פערשטאָרבענעם.

די אלמנה האָט יעדען טאָג געטרונקען אַ סך מעד און אלץ וואָס זי האָט פערלאַנגט האָט זי געקראָגען. אויפ'ן צעהנטען טאָג האָבען זיי אַוועקגעשטעלט אַ שיפעל אויף פיער קלעצער ארומגערינגעלט מיט הילצערנע געצען. אויפ'ן שיפעל האָבען זיי ארויפגעלייגט אַ טייערען מאַנטעל מיט זיידענע דעקען און קישענס געשטיקט אין גאָלד.

זיי האָבען ארויסגענומען דעם טויטען פון קבר און דאָס מעד מיט די פּרוכטען. זיי האָבען איהם אויסגעטאָן די פראָסטע לייווענטענע קליידער און איהם אָנגעטאָן אין זייד און סאַמעט און אַוועקגעטראָגען צום שיפעל.

זיי האָבען איהם איינגעהילט אין מאַנטעל און אַוועקגעלייגט אין שיפעל אויף די קישענס און איינגעדעקט מיט די דעקען און אַוועקגעשטעלט לעבען איהם מעד, פּרוכטען און אלערליי געווירצען, ברויט, פלייש מיט ציבעלעס און זיין געוועהר.

דערנאָך האָבען זיי גענומען צוויי פערד, צוויי קיה, אַ הונט, אַ האָהן מיט אַ הוהן און צושניטען אויף שטיקער און אריינגעלעגט אויפ'ן שיפעל.

די אלמנה וואָס דאַרף מיטגעהן מיט איהם אויף יענער וועלט דרעהט זיך אויף און אב ביז מען גיט אַ צייכען, געהט זי אריין מיט איהר מאַן'ס אַ קרוב אָדער אַ פריינד אין געצעלט און פערברייננגט דאָרט אַ צייט.

אַז זיי קומען ארויס רינגלען זיי ארום די מענער און הויבען זי אויף דריי מאָל. דאָס ערשטע מאָל זאָגט זי אַז זי זעהט איהרע טויטע טאַטע־מאַמע. דאָס צווייטע מאָל זאָגט

זי אַז זי זעהט איהרע פערשטאָרבענע קרובים און צום דריי־טען מאָל זאָגט זי:

—איך זעה מיין הערר. ער זיצט אין גן־עדן. עס איז אַ טייערער גאָרטען. ער רופט מיך צו זיך. לאָזט מיך געהן צו איהם!

זי ווערט אוועקגעפיהרט צום שיפעל און טוט זיך אויס דאָס צירונג און גיט דאָס אוועק צו אַן אַלטיטשקע און איהרע צוויי בעדינטע.

דערנאָך זענען צוגעקומען מענער מיט העק און פּאַנצערס און האָבען איהר דערלאַנגט אַ גלאָז מעד. זי זינגט אַן אַב־שיעד ליעד און טרינקט אויס דעם מעד. זי קריגט נאָך אַ גלאָז און זינגט ווידער. איצט האָט זי געזונגען אַ לאַנג ליעד און די אַלטיטשקע האָט זי אונטערגעטריבען צו ענדיגען דאָס זינגען און אויסטרינקען דעם מעד, ווייל איהר מאַן וואַרט אויף איהר.

די אַלמנה איז געוואָרען שטאַרק בלאַס און געוואָלט בלייבען לענגער אין דרויסען האָט די אַלטיטשקע זי אַריינ־געשלעפּט מיט געוואַלט אין געצעלט און די מענער האָבען אָנגעהויבען קלאַפּען מיט די העק אויף די פּאַנצערס, עס זאָל זיך נישט הערען דאָס שרייען פון דער אומגליקליכער.

זעקס מענער זענען אריין אינוויינינג. צוויי האָבען די־אַלמנה אָנגענומען פאַר די הענד, צוויי פאַר די פיס. די אַלטע האָט אַרומגעלייגט אַ שטריק אַרום האַלז אוןביידע עקען געגעבען צו די לעצטע צוויי מענער צו פערציהען דעם שטריק.

ווי די צוויי מענער האָבען געצויגען דעם שטריק האָט די אַלטע אַריינגעשטאָכען אַ מעסער אין דער אַלמנה'ס ריפּען. און אַז זי איז שוין געווען טויט האָבען זיי זי אַרויסגעטראָ־גען צום שיפעל, און דעם מאַן'ס קרוב איז נאַקעטערהייט צוגעקומען מיט אַ שטיק האָלץ אויסגעשמירט מיט פעך און אָנגעצונדען דאָס שיפעל.

אַלע האָבען אַרויפגעוואָרפען שטיקער האָלץ אויסגע־שמירט מיט פעך און עס איז געוואָרען אַ גרויס פייער.

אַז פון אַלעם איז געוואָרען אַש האָבען זיי אָנגעשיט ערד אויפ'ן אַש ביז אַ גרויסען באַרג, און אוועקגעשטעלט אַ היל־

צערנעם קלאָץ און אויסגעקריצט דעם נאָמען פון פערשטאָר־בענעם מיט זייער הערשער.

אליהו האָט דאָס געזעהן און געציטערט. איז די דאָזיגע ווילדקייט דער סוד פון די רוסען׳ס גבורה ? זענען זיי דען דורכדעם אזוי מעכטיג ? און גאָט וועט דאָך אייביג נישט לאָזען זיינע בעשעפעניששען אזוי זיין ווילד! איז דען ניט בעסער וואָס די כוזרים האָבען אויפגעהערט צו זיין ווילד און פערגרעבט ?

אליהו האָט זיך געטרייסט אז סוויאטאסלאוו וועט לאָזען צורוה די כוזרים ווייל זיי פערהיטען זיין לאַנד פון אַן אָנפאַל פון די ווילדע פעלקער אויף יענער זייט פון כוזרים לאַנד. ער האָט נאָך געהאָפט אז צוליב דעם וועט סוויאטאָסלאוו זיי נאָך אומקערען די שטעדט וואָס ער האָט ביי זיי צוגענומען.

---

צוויי יאָהר האָט אליהו זיך געטרייסט מיט דער פאַלשער האָפנונג אויף שלום און ער האָט דערזעהן אז ער האָט געמאַכט א טעות.

אין ווינטער ווען דער אייטעל איז פערפרוירען געוואָרען האָט סוויאטאסלאוו געפיהרט א גרויסע ארמעע איבער׳ן אייז און פערנומען א סך כוזרישע שטעדט און ער איז געגאַנגען אויף דער הויפט־שטאָדט.

דער קעניג יוסף האָט געוואוסט, אז מיט זיין ארמעע וועט ער נישט בייששטעהן קעגען די רוסען אויפ׳ן אָפענעם שלאַכט־פעלד, האָט ער זיך בעפעסטיגט אין דער פעסטונג־שטאָדט באַלאַנגאר (אסטראכאן).

סוויאטאסלאוו האָט בעלאַגערט באַלאַנגאר און דער קעניג יוסף איז ארויס מיט זיין ארמעע קעגען איהם. א גאַנצען טאָג איז אָנגעגאַנגען א מורא׳דיגע שלאַכט. און קיין צד האָט נישט געזיעגט.

פלוצלינג איז ארויס א קלאַנג, אז דער קעניג יוסף איז געוואָרען פערוואונדעט. פון אויבען־אויף איז די וואונד געווען א קליינע. א גרינגע וואונד אין זיין רעכטער פלייצע. די קעניגליכע פאַמיליע האָט זיך אָבער דערשראָקען, ווייל די פיינדליכע פיילען זענען געווען גיפטיג. און פון די גרינגסטע וואונדען צינדט זיך אָן דאָס לייב ביז טויט.

און די שרעק איז נישט געווען אומזיסט. דעם זעלבען אבענד איז דער קעניג יוסף געשטאָרבען און זיינע שמערצען זענען געווען זעהר שרעקליך.

א גאַנצע נאַכט האָט די קעניגליכע פאַמיליע געקלאָגט און געיאָמערט אויפ'ן אומגליק, און זייער שרעק פאר'ן מאָר־גענדיגען טאָג איז געווען זעהר גרויס.

זיי האָבען אָבער געוואוסט, אז ווי ווילד סוויאטאסלאוו איז, איז ער אויך ברייט־האַרציג און פערגעביג, האָבען זיי גע־שיקט שלוחים צו איהם און געבעטען וואפענשטילשטאַנד אויף זיבען טעג צו קענען בעגראָבען דעם קעניג.

סוויאטאסלאוו האָט זיי נאָכגעגעבען. די כוזרים האָבען געמאַכט א גרויסע קעניגליכע לויה זייער קעניג און איהם שטאַרק בעוויינט און געקרוינט דוד'ן פאר קעניג.

אין זיבען טעג אַרום האָט זיך ווידער בעגייט די מלחמה. די כוזרים זענען שוין אָבער נישט אַרויס אויפ'ן אָפענעם שלאַכטפעלד, נאָר האָבען זיך פערשלאָסען אין פעסטונג. און סוויאטאסלאוו האָט זי בעלאַגערט און אָבגעשלאָסען אַלע וועגען.

עס איז געוואָרען א הונגער אין שטאָדט, האָט דוד, דער קעניג, צוזאַמענגענומען דאָס גאַנצע עסענוואַרג און צוטיילט אויף קליינע חלקים. און די שטאָדט האָט זיך געשפּאָלטען אויף צוויי מחנות.

די סאָלדאַטען האָבען געפאָדערט אַנצוהאַלטען די מלחמה ביז דעם פיינד וועט מיאוס ווערען און ער וועט אַוועקגעהן. די איינוואוינער האָבען צוליעב דעם הונגער געפאָדערט מען זאָל בעטען שלום.

דער קעניג דוד האָט געזעהן, אז ער קען זיך נישט פער־לאָזען אויף די שטאָדט־לייט האָט ער שטילערהייט געשיקט שלוחים צו סוויאטאסלאוו'ן ער זאָל זיך דערבאַרמען אויף דער שטאָדט און זי נישט צושטערען.

סוויאטאסלאוו האָט איהם געלאָזט וויסען אז ער וועט שליסען שלום אויף די דאָזיגע בעדינגונגען :

דאָס כוזרים מיליטער זאָל איהם אוועקגעבען דאָס גאַנצע געוועהר. אַלע לענדער אַרום טייך אייטעל זאָלען געהערען צו רוסלאַנד. נאָר קימעריא בלייבט פאר די כוזרים. דאָרט קען

דער קעניג דוד וואוינען אומגעשטערט. די שטאָדט־לייט פון באלאנגאר קענען אויסקלייבען איינס פון די צוויי : צו שווער־רען טרייהייט סוויאטאסלאוו׳ן און בלייבען אויף זייערע ערטער, אָדער פערלאָזען די שטאָדט און מיטגעהן מיט זייער קעניג דוד נאָך קימעריא (קרים).

די מעהרהייט פון די איינוואוינער, פיעל אידען צווישען זיי, האָבען געשוואוירען טרייהייט סוויאטאסלאוו׳ן און פער־בליבען אויף די ערטער. די איבריגע זענען זיך צולאָפען וואו די אויגען האָבען זיי געטראָגען. א טייל איז אוועק נאָך דער־בענד, אנדערע נאָך פערסיען און א טייל איז אוועק מיט׳ן קעניג דוד נאָך קימעריא צו בעפעסטיגען דאָרט דאָס איי־גענע קעניגרייך און צו האָבען א אידישען קעניג.

דער קעניג דוד האָט גענומען מרים׳ן און זיינע צוויי קינדער מיט די אלטע שרה און זיינע מיניסטאָרען און דינס־טען און זיין גאָלד און זילבער און בעוואכט פון א רוסישע מיליטער־אבטיילונג אוועקגעפּאָהרען נאָך באספאר (קערטש). אז ער איז אָנגעקומען איז געוואָרען א שטורם אין שטאָדט און אלע אידען זענען מיט פרייד איהם געגאנגען אקעגען און געשריגען :

— דער קעניג דוד זאָל לעבען אייביג !

---

די לעצטע זענען ארויס פון שטאָדט אליהו און הדסה מיט נאָך אידען וואָס האָבען געוואָלט בלייבען איבער פסח. הדסה׳ן איז געווען שרעקליך שווער צושיידען זיך מיט איהר ליעבען טייך.

הדסה מיט אליהו׳ן האָבען זיך אויפגעזעצט אויף איהר געליעבט שיפעל און צום לעצטען מאָל געפּאָהרען אויף דעם טייך פערלאָזענדיג דאָס לאנד. עס איז געווען א גוטער ווינד און זיי האָבען נישט אויפגעצויגען דעם זעגעל, נאָר הדסה האָט געארבייט מיט די וויאסלעס און דאָס שיפעל האָט זיך געטראָגען ווי א פויגעל ביים ברעג.

אזוי זענען זיי געפּאָהרען פערביי פערשיעדענע אינזלען. אז הדסה איז געוואָרען מיעד, האָט אליהו גענומען די רודערס אין האנד.

צומאָרגענס נאכמיטאג זענען זיי פערבייגעפּאָהרען פאר

א קליינעם אינזעל. האבען זיי דערהערט א טומעל פון ברעג און א קליין פישער־שיפעל איז ארוים אקעגען זיי. אין שיפעל איז געזעסען א מאן אין א גרינעם מאנטעל מיט א שווארצע פרוי.

דאס שיפעל איז אזוי געפאהרען אויף זיי, אז זיי זאלען מוזען צושיפען צום ברעג. אליהו האט זיך איינגעקוקט און דערקענט אז די שווארצע איז הוסין באג'ס דינסט. ער האט פערשטאנען אז דער מאן איז הוסין באג און ער האט דאס געזאגט הדסה'ן.

זי האט פערשטאנען אז זיי ווילען זי פאנגען, און זי איז א רגע געווארען בלאס, באלד שטארק רויט און איהרע אויגען האבען געשפריצט פייער. זי האט גיך געטריבען דאס שיפעל וויים אוועק פון זיי. דאס פישער־שיפעל הוסין באג'ס איז אבער געלאפען שנעלער, און פלוצלינג האט הוסין באג גע־זאגט צו זיי אויף כוזריש:

— אומזיסט דיין האפנונג, אומווירדיגער איד, צו אנט־לויפען פון מיר! איך האב געזוכט דיין שוועסטער, איך האב זי אבער נישט געפונען. וועל איך נעמען אנשטאט איהר דיין ווייב!

— פערפלוכטער ראבער! מיר האבען נישט קיין מורא פאר דיר! איך שפיי דיר אין פנים! — האט הדסה איהם געענטפערט, און זי האט אוועקגעלייגט די רודערס און דאס שיפעל האט זיך געטראגען טייך אראפ, ווי א פייל פון בויגען.

— וואס האסטו געטאן, הדסה? — האט אליהו אויס־געשריגען דערשראקען און געוואלט כאפען די רודערס.

— שרעק זיך נישט — האט הדסה איהם בערוהיגט — לאז ליגען די רודערס.

הוסין באג האט זיך דערווייל דערנעהנטערט און פער־ווארפען א שטריק מיט א הוק אויף זייער שיפעל און גיך צוגעשנוראומען צו זיי.

הדסה איז געזעסען רוהיג. זי האט אויך אליהו'ן גאר נישט געלאזט טאן. גאר אז ער האט ארויסגעצויגען די שווערד, האט זי איהם געהייסען אוועקלייגען די שווערד לעבען זיך צו זיין גרייט און ער זאל אננעמען די שיף פוןביידע זיי־טען און האלטען פעסט.

אין דער רגע איז הוסין באג ארייגגעשפרונגען אין זייער שיפעל און אויפגעהויבען זיין שווערד איבער אליהו׳ס קאפ, האט הדסה אנגעהויבען שאקלען דאס שיפעל און עס שטארק איינגעבויגען אויף א זייט. הוסין באג האט זיך אויסגע־גליטשט און אריינגעפאלען אין וואסער.

הדסה האט פלינק אויסגעגלייכט דאס שיפעל און אז הוסין באג האט אויסגעשפרייט די הענד און געוואלט שווי־מען, האט זי איהם דערלאנגט איינמאל איבער׳ן קאפ מיט א רודער און איהם צושפאלטען דעם קאפ און ער איז גלייך אראפ צו דער טיפעניש.

די שווארצע דינסט האט אנגעהויבען שרייען און זיי שיל־טען, אליהו האט צוגעבונדען איהר שיפעל און זי געוואלט נעמען געפאנגען, איז זי אבער ארייגגעשפרונגען אין וואסער און דערטרונקען געווארען אינאיינעם מיט איהר פערדאר־בענעם הערר.

רוהיג און זיכער האבען הדסה און אליהו געשיפט זיך אויף זייער וועג און פון ווייטענס געזעהן הוסין באג מיט זיין שווארצע דינסט׳ס קערפערס שווימען אויפ׳ן וואסער ביז זיי זענען פערשוואונדען פון אויג.

אליהו האט ארומגענומען הדסה׳ן און געזאגט:

— איצט טוט מיר באנג וואס אונזער קעניגרייך איז פערלוירען. דיר פאסט צו זיין א קעניגין פאר דיין העלדענ־מוטה.

— טייערער אליהו, נעם דו די רודערס, איך קען זיי נישט ריהרען — האט זי איהם געזאגט און זיך געטוליעט צו איהם.

ער האט א קוק געטאן אויף איהר און זיך שטארק דער־שראקען. זי איז געוועזן שרעקליך גרין און ער האט א געשריי געגעבען:

— וואס איז געשעהן, הדסה?

— גאר נישט, אליהו, שרעק זיך נישט. עס וועט איבער־געהן. איך האב אין דער גרויסער שרעק פערגעסען אז איך בין א פרוי און איך דארף זיך היטען צוליעב דעם נפש אונ־טער מיין הארץ...

הדסה איז רויט געווארען ווען זי האט דאס געזאגט און

אליהו האָט זי געקושט און געוויינט פאר גרויס פרייד.

זיי האָבען אויפגעצויגען דעם זעגעל און געפאָהרען רוהיג. אליהו האָט בעמערקט ווי אין די עטליכע שעה איז אין הדסה'ן פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. פון א יונג שטי־פעריש מיידעל וואָס קען נישט איינרוהען א מינוט איז זי פלוצלינג געוואָרען ערנסט און פערטראַכט און א רוהיגקייט האָט ארויסגעקוקט פון איהרע אויגען. אליהו האָט זי אָנגע־נומען פארביידע הענד און געפרעגט:

— וואָס ביזטו אזוי פערטראַכט, טייערע?

זי האָט א ווײַלע נאָך געטראַכט און דערנאָך געענטפערט:

— מיר טוט נישט באַנג אונזער פערלוירען קעניגרייך. אלץ וואָס האָט מיך ביז איצט צוגעצויגען האָט קיין ווערט נישט ביי מיר. גאָט האָט מיר געעפענט די אויגען און איך וויים איצט ווער און וואָס איך בין, איך בין א אידישע פרוי וואָס דארף זיך נישט יאָגען נאָך גרויסקייט און פערגעניגענס. איך דארף פיהרען א לייטיש הויז, טראַכטען פון מיין מאַן און זיך אָבגעבען מיט די קינדער וואָס גאָט וועט מיר שענקען. אזוי איז דיין גוטע שוועסטער מרים און אזוי וועל איך זיין.

— אזא מאַן וועסטו געפינען אין מיר — האָט ער מיט געפיהל געזאָגט — איך בין א איד. און א איד איז זיך מקריב פאר זיין הויזגעזינד. זיין לעבען גיט ער אוועק פאר ווייב און קינדער. גאָט וועט אונז העלפען מיר וועלען זיך עלטערן אין גרויס פרייד און פערגניגען.

— אמן! — האָט הדסה געזאָגט און אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל.

---

זיי זענען ענדליך אָנגעקומען נאָך פאַנטיקאפעא, א שטאָדט לעבען קערטש, וואָס דוד האָט זיך אויסגעקליבען פאר זיין וואוינונג. דוד און מרים זענען זיי געגאַנגען אנט־קעגען און האָבען זיך הארציג צוקושט און געוויינט אויף דעם טויט פון זייער פאָטער יוסף און דעם אונטערגאַנג פון וייער קעניגרייך. אליהו און הדסה האָבען געוואוינט ביי דוד'ן ביז זיי וועלען זיך אויפבויען א הויז.

דאָ האָט אליהו דערזעהן ווי גרויס עס איז געווען זייער פערלוסט. דאָס גאַנצע קעניגרייך האָבען די רוסען צוגענומען.

און דאָס קליינע קימעריא האָט געהאַט פאַר זיי ווייניג ווערט. ווייל דאָס בעסטע פון קימעריא, דער גאַנצער דרום־ברעג מיט די בערג און די גרויסע שעהנע וועלדער און די פרוכטבארע טאָלען פון פעאָדאָסיא, קאָרסון, גאָזלאָווא, (יעפּאַטאָריע) און דער גאַנצער ברעג ביז דעם לימאַן געהערט צו די גריכען, וואָס האָבען געלעבט אונטער ביצאַנץ'ס שוץ.

דאָס לאַנד וואָס איז געבליבען פאַר דוד'ן איז געווען ווילד און אומפּרוכטבאר. אפילו די אידען וואָס האָבען דאָ געוואוינט זענען געווען צוטיילט צווישען זיך און איינער האָט נישט פערשטאַנען דעם צווייטענס שפּראַך.

א טייל אידען האָט דאָ זיך בעזעצט נאָך אין די צייטען ווען שלמנאסר, דער קעניג פון אשור, האָט פערטריבען די עשרת השבטים. אַנדערע האָבען געשטאַמט פון די אידען וואָס זענען אוועק פון ארץ ישראל אין די חשמונאים'ס צייטען.

עס זענען אויך דאָ געווען אנגעלאָפענע פון גריכענלאנד, בבל, פערסיען און מידיען. זיי האָבען געליטען גרויסע צרות אין פערשיעדענע צייטען און איבערגעבליבען אין א קליין הייפעלע.

דאָס ביסעל איבערגעבליבענע לעבט נישט אין גרוים פרידען צווישען זיך. א טייל זענען אמת'ע אידען. אנדערע גלויבען נאָר אין תורה שבכתב, קאַראַאימען. מיט אַזעלכע אידען איז אונמעגליך צו גרינדען א קעניגרייך.

אָהן מיליטער און אָהן הערשאַפט האָבען דוד און אליהו מיט זייערע פאַמיליעס זיך דאָ באַזעצט. דוד האָט געטראָגען דעם טיטול פירשט איבער זיין אַמאָליגען רוהם און צוליעב זיין געטריישאַפט צו דער תורה און דעם אידישען גאָט. אליהו האָט אויך געהאַט גרויס כבוד.

עס איז אָבער געווען א גרויסער אונטערשיד צווישען די אַנדערע פירשטען און דוד מיט אליהו'ן. אנדערע פירשטען לעבען אויפ'ן חשבון פון זייער פאָלק. דוד און אליהו האָבען אָבער מיט זייער פערמעגען געשטיצט דאָס פאָלק. האָבען פעררינכט די אַלטע שוהלען, געשטיצט די תורה־לערנער און געהאָלפען יעדען נויטבעדארפטיגען.

אַז הדסה האָט געבוירען א יונגעל איז געווען א גרויסער

יום־טוב פאַר אַלע אידען אין לאַנד. אין טאָג פון ברית האָט אליהו צוטיילט א סך צדקה. ער האָט א נאָמען געגעבען זיין אינגעל יקותיאל.

אָבער מרים האָט זיך נאָכמעהר אויסגעצייכענט מיט איהר גוטהערציגקייט צו אַלעמען. זי האָט געטיילט צדקה מיט א ברייטע האַנד. אַלע אידישע פרויען האָבען זי ליעב געהאַט ווי א מאַמען.

פון אַלע קרוינען וואָס זיי האָבען געהאַט איז זיי גע־בליבען די איינציגע קרוין — א גוטער נאָמען.

דערמיט וואָס סוויאַטאָסלאַוו האָט צושטערט די כוזרים פעסטונג סאַראַקאַל האָט ער געבראַכט אויף זיך אַן אומגליק. דער וועג איז געוואָרען אָפען פאַר פערשידענע ווילדע פעלקער און די פּעטשענעגער זענען צוערשט אַוועק צום דאַנאַביוס (דונאַי) און זיך בעפעסטיגט אין דאַציאַ (רומעניען). פון דאָרט האָבען זיי זיך געלאָזט אויף קיעוו און אויך אויף קי־מעריאַ. זיי האָבען אָנגעטאָן גרויסע צרות צו די רוסען, זיי האָבען אָבער אויך נישט געשוינט די אידען אין קימעריאַ.

איינמאָל ווען סוויאַטאָסלאַוו האָט אַטאַקירט די פּעטשע־נעגער ביים אוזו (דניעפּער) איז סוויאַטאָסלאַוו געפאַלען אין שלאַכט און דער פירשט פון שונא האָט פון זיין שאַרבען זיך געמאַכט א בעכער צו טרינקען וויין.

סוויאַטאָסלאַוו האָט נאָך ביים לעבען צוטיילט זיין קעניג־רייך צו זיינע דריי זיהן, יאַראָפּאָלק, אָלעג און וולאַדימיר. נאָך זייער פאָטער'ס טויט האָבען די ברידער זיך אַרומגעריסען און יאַראָפּאָלק האָט צוערשט דער'הרג'עט אָלעג'ן. דערנאָך האָט וולאַדימיר געטויט יאַראָפּאָלק'ן און ער איז געוואָרען דער איינציגער הערשער.

וולאַדימיר איז געווען זעהר פערדאָרבען. ער האָט געטאָן אַלדאָסבייז און פערשפּרייט געצענדיענסט אין לאַנד. ער האָט מקריב געווען מענשען צו די אָפּגעטער. ער האָט אויך געהאַט א סך ווייבער. מיט געוואַלט האָט ער צוגענומען זיין ברודער'ס כלה, די שעהנהייט ראָגנײדאַ, א טאָכטער פון וואַריאַגישען פירשט פון פּאָלאָצק, נאָכדעם ווי ער האָט דערמאָרדעט איהר פאָטער און צוויי ברידער.

ער האָט אויך צוגענומען זיין ברודער'ס פרוי וואָס איז

געבליבען טראַגעדיג נאַכדעם ווי ער האָט איהר מאַן, זיין ברו־דער געטויט. צו זיי האָט ער נאָך גענומען צוויי אַנדערע ווייבער, איינע פון בעהמען און די צווייטע פון בולגאַריע.

חוץ זיי האָט ער געהאַט אכט הונדערט קעפּס־ווייבער און יעדע פרוי וואָס איז איהם געפעלען, האָט ער גענומען מיט געוואַלט.

ער איז אָבער דאָך געווען א מעכטיגער הערשער און האָט געזיעגט אין אלע מלחמות. צום סוף איז איהם מיאוס געוואָרען דאָס געצענדינסט און ער האָט אָנגעהויבען אכטען די וואָס גלויבען אין איין גאָט. ער האָט אָבער נישט געוואוסט וואָס פאַר א גלויבען אויסצוקלייבען.

האָבען אָנגעפאַנגען קומען צו איהם שלוחים פון פער־שידענע גלויבענס און איהם געוואָלט צורעדען ער זאָל אָנ־נעמען זייערע גלויבענס. די שלוחים פון די מזרח בולגאַרען האָבען שטאַרק געלויבט דעם מאַכמאַדאַניזם. וולאַדימיר׳ן איז שטאַרק געפעלען דער מאַכמאַדאַנישער גן־עדן מיט די שעהנע מיידלעך. ער האָט אָבער דאָס נישט געוואָלט צוליב דעם מל זיין און צוליעב דעם פאַרבאָט אויף טרינקען וויין.

— וויין דערפרעהט דאָס רוסישע הארץ — האָט וולאַדי־מיר געזאָגט די מאַכמאַדאַנער — מיר קענען נישט לעבען אָהן טרינקען. אייער רעליגיע געפעלט מיר נישט.

ווען די קאַטאָליקען פון דייטשלאַנד זענען געקומען צו איהם האָט ער זיי אזוי געענטפערט :

— געהט אייך פונוואַנעט איהר זענט געקומען. אונזערע עלטערן האָבען נישט געקענט דעם רוימישען פויפּסט, מיר ווילען איהם אויך נישט קענען !

ווען דוד האָט דאָס געוואָהר געוואָרען איז איהם איינ־געפאַלען אויך צו שיקען שלוחים צו וולאַדימיר׳ן. אפשר וועט ער, ווי בולאַן אמאָל, זיך מגיר זיין און עס וועט ארויס־קומען א גרויסע הילף פאַר אידען. דוד האָט געשיקט אליהו׳ן מיט עטליכע אָנגעזעהענע לייט פון זיין קהלה נאָך קיעוו צו וולאַדימיר׳ן.

אליהו האָט איהם געשילדערט די מעלות פון הייליגען אידישען גלויבען און וולאַדימיר האָט איהם געפרעגט :

— האָט איהר א לאַנד און א קעניגרייך ?

— פארצייטענס האָבען מיר געהאַט אַ לאַנד און אַ קעניגרייך — האָט אליהו געענטפערט — ווער ווייס נישט אַז ירושלים איז געווען אונזער הויפּט־שטאָדט ? נאָר גאָט האָט געצערנט אויף אונז און אונז פּערטריבען אין גלות.

— איהר טראָגט דאָך גאָט׳ס צאָרן אויף אייערע קעפּ, טאָ ווי וואגט איהר לערנען אַנדערע צו געהן אויף אייער וועג ?

— האָט וולאַדימיר געענטפערט — מיר ווילען נישט זיין נע־ונד אין גלות אזוי ווי איהר.

ענדליך איז די גריכען געלונגען איהם איבערצורעדען ער זאָל אָננעמען זייער גלויבען. גריכיש־קאַטאָליש. וולאַדימיר איז געגאַנגען מיט אַ גרויסע ארמעע אויף די גריכען פון קימעריע און בעלאַגערט קאַרסון. ער האָט איינגענומען די שטאָדט און געשיקט זאָגען דעם ביצאַנצישען קייסער אַז ער וויל זיין שוועסטער פאַר אַ ווייב. אויב ער וועט איהם נישט שיקען זיין שוועסטער וועט ער טאָן מיט זיין הויפּט־שטאָדט דאָסזעלבע וואָס מיט קאַרסון.

דער ביצאַנצישער קייסער האָט גלייך געשיקט זיין שוועסטער אַנאַ מיט אַ סך גרויסע לייט און גלחים נאָך קאַרסון צו וולאַדימיר׳ן. זיי האָבען אָבער אויסגערעדט אַז ער מוז פריהער ווערען אַ קריסט איידער ער נעמט אַנאַ׳ן פאַר אַ ווייב.

וולאַדימיר איז בעשטאַנען. צוזאַמען מיט זיינע זיהן, גרויסע לייט און די הויפּטמענער פון זיין פאָלק האָט וולאַדימיר זיך געטויפט אין חתונה געהאַט מיט אַנאַ׳ן. ער האָט דערפאַר געשאָנקען קאַרסון דעם ביצאַנצישען קייסער און זיי געשיקט מיליטער צו הילף איינצושטילען דעם אויפשטאַנד אין ביצאַנץ.

די גלחים האָט וולאַדימיר מיטגענומען נאָך קיעוו זיי זאָלען פערשפרייטען דאָס נייע גלויבען צווישען די רוסען.

פון דעמאָלט אָן האָט וולאַדימיר אויפגעהערט פיהרען מלחמות, אויסגערוימט די אָפּגעטער פון זיין לאַנד און געצוואונגען זיין פאָלק צו ווערען קריסטען.

דעמאָלט האָט אַ כוזרישער הויפּטמאַן וואָס איז געווען אַ מאַכמאַדאַנער זיך אוועקגעלאָזט נאָך קאַרסון און געבעטען די גריכישע גלחים זיי זאָלען איהם שמד׳ען פאַר אַ קריסט. זיי

האָבען איהם גע׳שמד׳ט און אַ נאָמען געגעבען געארגיוס־צולו.

גע׳שמד׳טערהייט האָט ער זיך אומגעקערט און צוזאַמענגעשטעלט אַן ארמעע און אננעמענדיג דעם טיטיל כאלאן האָט ער געהערשט איבער קימעריא. די גריכען האָבען איהם נישט געשטערט. דוד האָט זיך אויך נישט קעגענגעשטעלט, ווייל ער האָט געוואוסט אז זיין הערשאַפט וועט נישט דויערן לאַנג.

געארגיוסצולו האָט אָבער שטילערהייט געפּלאַנעוועט אומצוברענגען דוד׳ן און אליהו׳ן מיט זייערע פאַמיליעס. זיי האָבען דאָס געוואָהר געוואָרען און בעשלאָסען צו פערלאָזען דאָס לאנד

זיי האָבען צוזאַמענגענומען זייערע פערמעגענס, פרויען און קינדער און גוטע פריינד און אַוועקגעפאָהרען נאָך שפּאַניען, וואו די אידען האָבען געלעבט רוהיג און זיכער אונטער די אַראַבישע כאַליפען.

ווען זיי זענען אָנגעקומען נאָך קארדאווא האָט רב חסדאי שוין נישט געלעבט. דער כאַליף אל־חכים האָט שוין אויך נישט געלעבט. דער נייער כאַליף איז אָבער אויך געווען גוט צו אידען. און זיי האָבען זיך דאָרט בעזעצט און געהאָפּט אויסצולעבען רוהיג זייערע יאָהרען.

---

די דאָזיגע מגלה האָט אָנגעשריבען אליהו בן יצחק אין יאָהר פיער טויזענט זיבען הונדערט און פינף און פופציג לויט דעם אידישען רעכנונג. צוזאַמען מיט די פריהעריגע מגלות און דעם בריעף פון כוזרישען מלך צו רב חסדאי׳ן און רב חסדאי׳ס ענטפער האָט ער איבערגעלאָזען פאר זיין זוהן יקותיאל און צוגעשריבען די דאָזיגע ווערטער :

מיין זוהן !

איך לאָז דיר איבער די מגלה און די בריעף פון חסדאי׳ן און דעם קעניג יוסף, דיין זיידע. דורך די בריעף האָב איך דערקענט דאָס גוטע געבענטשטע לאַנד שפּאַניען. דאָס איז געווען גאָט׳ס ווילען מיר זאָלען קומען אין דעם לאַנד, וואו מיר וועלען קענען לעבען רוהיג. זאָלען קענען ערציהען

אונזערע קינדער אין גייסט פון אונזער פאָלק און זיי לערנען די תורה פון אונזער גאָט.

מיר האָבען אמאָל געהאט אַ באָבע וואָס איז געווען אַ קעניגין, פנינה, די קעניגין פון תימן. אויף איהרע לעצטע יאָהרען איז זי געווען אַן עלנטע אלמנה און איהרע קינדער האָבען געמוזט וואָגלען אין פרעמדע לענדער.

טייערער זוהן! דיין מוהמע, מיין טייערע שוועסטער, וואָס איז געווען אַ בארמהארציגע מוטער צו אַלע נויטבעדארפטיגע איז אויך געווען אַ קעניגין. איהר מאַן איז געוועז דער זוהן פון אַ גרויסען קעניג. זי איז אויך אראָפּ פון איהר גדולה איבער אַ פרעמדען הערשער.

ווען איך פערטראַכט זיך אין דער געשיכטע פון אונזער פאמיליע, די קינדער פון דוד מלך ישראל און די געשיכטע פון אונזער פאָלק, זעה איך אַז איין גורל האָבעןביידע.

אייביג איז דאָס אידישע פאָלק און אייביג דוד המלך'ס משפחה. גאָט'ס ווילען האלט ביידע אויף זיי זאָלען נישט פערשווינדען פון דער ערד. די זעלבע האַנד פון גאָט הויבט אמאָל ביידע אויף גאַנץ הויך און טאָמער מיינט מען אַז עס וועט שוין אייביג זיין גוט, ווארפט די האַנד אונז ווידער אראָפּ נידריג און דאָס גליק פערשווינדט ווי רויך אויפ'ן ווינד.

די מגלה שרייב איך אין קארדאווא, די שטאָדט וואו מיר זענען געקומען זוכען דאָס רוהיגע לעבען וואָס מיר האָבען פערלוירען אין אונזער קעניגרייך. האַלט טייער די מגלה און לאָז זי איבער פאַר דיינע קינדער און קינדס־קינדער.

דאָס זענען די רייד פון דיין פאָטער,

אליהו בן יצחק,
אַן אור־אייניקעל פון אברהם
בן הונא פון דמשק, פון
מלכות בית דוד.